אפרים ל. זעלמאַנאָוויטש

# עפּיזאָדן פון מיין לעבן

אַרויסגעגעבן פון




מעקסיקע, 1956

F. L ZELMANOWICH

# EPISODIOS DE MI VIDA



EDICION DEL FONDO MENDELSON DE
LA SOCIEDAD PRO CULTURA Y AYUDA
MEXICO, D. F. 1956

# מיין היים.

איך בין געבוירן געוואָרן אין לוויוויטש, אַ שטעטל אין פּוילן, ביי חסידישע עלטערן. מיין פאָטער האָט מען געהאַלטן אין שטאָט פאַר אַ גרויסן עילוי. ער פלעגט פאָרן צום גראָדזשיסקער רבין. זיין באַשעפטיקונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט לערנען תורה מיט די נגידישע קעסט־איידעמלעך. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט אים ניט געגעבן גענוג פּרנסה אויף צו שפּייזן אַ ווייב מיט זעקס קינדער, און די מאַמע מיינע האָט געמוזט ווערן די הויפּט־שפּייזערין. זי איז געשטאַנען מיט אַ בויד שניט־סחורה אויפן מאַרק. אָבער אויך דאָס איז ניט געווען גענוג אויף דער גאַנצער חיונה — האָבן מענטשן אָנגעהויבן צורעדן דעם טאַטן, ער זאָל זיך מיט ווייב און קינדער אַריבערקלייבן קיין לאָדזש.

גוטע פריינד האָבן אים געוואָלט איבערצייגן און אין אים אַריינגעטענהט:

— דו האָסט עטלעכע קינדער, וואָס וואַקסן אונטער, — דאָ איז קיין תכלית ניט פאַר זיי. דאָרטן, אין לאָדזש, איז דאָ אַ ים מיט אַרבעט, דיין גאַנץ הויזגעזינד וועט זיך נעמען צו דער אַרבעט און איר וועט אַלע האָבן פּרנסה בשפע.

מיין פאָטער אָבער האָט ניט געוואָלט הערן דערפון. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער גרויסער שטאָט. ער פלעגט זאָגן, אַז די סיטרא־אחרא האָט מער שליטה אויפן מענטשן אינעם גרויסן כרך ווי אין אַ קליין אָרט.

אָבער דער מאַמען האָבן דעם טאַטנס אַרגומענטן ניט איבערצייגט. זי איז געווען מער פּראַקטיש און מיט אַ מער ניכטערן קוק אויפן לעבן. די מאַמע האָט אין דעם פּלאַן פון אַריבערקלייבן זיך קיין לאָדזש געזען די איינציקע מעגלעכקייט צו שטעלן זיך אויף די פיס און פּטור ווערן פון די ביטערע דאגות פּרנסה.

ענדלעך האָט די מאַמע אויסגעפירט. —

ווען מיר זענען געקומען קיין לאָדזש, בין איך אַלט געווען פינף יאָר.

מיין עלצסטע שוועסטער האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרענדיקט אירע אכצן יאָר. א ים מיט פּראָבלעמען האָבן זיך געשטעלט פאַר מיין טאַטע־מאַמען און די הויפּט־פראַגע איז געווען: וואָס זאָל מען אָנהייבן טאָן, וואָס פאַר אַן אַרבעט זאָל מען געבן די קינדער? אַרויסלאָזן זיי פון שטוב און שיקן אין אַ פאַבריק צי אין אַ וואַרשטאַט — האָט דער טאַטע ניט געוואָלט, ווידער צו־ליב דער זעלבער סיבה: ער האָט מורא געהאַט פאַר דער סיטרא־אחרא. דאַן איז באַשלאָסן געוואָרן זיך איינשאַפן אַן אַרבעט, וואָס זאָל קענען געטאָן ווערן ביי זיך אין דער היים. אַזוי ווי די לאָדזשער טעקסטיל־פאַבריקן האָבן אויסגעאַרבעט טיכער ניט נאָר פאַר פּוילן, נאָר פאַרן גאַנצן גרויסן רוסישן מאַרק, און אַזוי ווי די שווערע ווינטער־טיכער, וואָס די פרויען פלעגן טראָגן אויף זיך (די מערהייט פרויען אינעם דעמאָלטדיקן רוסלאַנד פלעגן טראָגן אויף זיך אַנשטאָט מאַנטלען — דיקע טיכער), — האָבן געהאַט „פראַנדזן", וועלכע מען האָט געמוזט פלעכטן — פלעגן טאַקע טויזנטער יידישע פאַמי־ליעס געפינען ביי דעם זייער פּרנסה. מען פלעגט נעמען אַהיים די טיכער און דאָס גאַנצע הויז־געזינד האָט געאַרבעט ביים דרייען די „פראַנדזן".

אַזוי זענען מיר געוואָרן איינע פון יענע אַרבעטזאַמע יידישע משפּחות.

קיין גרויסע פאַרדינסטן איז פון דער אַרבעט ניט געווען, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס געאַרבעט האָט מען לאַנגע שעהן און זייער שווער. די מאַ־מע פלעגט ברענגען און אָפּטראָגן די אַרבעט און צוויי שוועסטער פלעגן זיצן און דרייען די פראַנדזן. מיין עלטערן ברודער האָט מען אָוועקגעגעבן אין ישיבה און מיך האָט מען אָפּגעשיקט אין חדר. דער טאַטע מיינער איז ווידער געווען פאַרנומען מיט לערנען תורה מיט די נגידישע קעסט־איידעמ־לעך.

אין דער נייער היים־שטאָט, לאָדזש, מיט דער נייער פּרנסה, איז אָבער דער דלות ניט קלענער געוואָרן. — אונזער משפּחה פון אַכט מענטשן האָט געוווינט אין אַ קליין שטיבל, וווּ עס איז זייער שווער געווען זיך צו באַ־זוען. חוץ דעם מעבל זענען אַלע ווינקעלעך געווען פאַרלייגט מיט די דיקע ווינטער־טיכער. פלייש האָבן מיר געגעסן בלויז איין מאָל אין וואָך, — שבת.

# דער פאָגראָם פון 1892 אין לאָדזש.

מיין חדר, ווו איך האָב געלערנט איז געווען אויף דער יידישער גאַס, ניט ווייט פון אונדזער שטוב, וואָס האָט זיך געפונען אויף מרדכי־גבאים גאַס (אַלעקסאַנדריסקע). שפּעט אין אָוונט, נאָך אַ גאַנצן טאָג לערנען אין חדר, פלעג איך צוריק אַהיים גיין צוזאַמען מיט אַ גאַנצער חברה חדר־יינג־לעך. אויפן וועג פלעגן מיר אַ שטיף טאָן, שפּילן זיך אין יאַגעניש, באַהעל־טעניש, און פיל מאָל, קומענדיק אַהיים שפּעט ביינאַכט, פלעגט מיר ערשט אויסקומען צו הערן „האַרבע רייד" פון טאַטע־מאַמען, למאַי „איך ווער קיין מענטש ניט".

איין מאָל, אין אַ געוויינטלעכן דאָנערשטיק פאַרנאַכט, ווען מיר זע־נען געזעסן אין חדר אויף דער באַנק און זיך צוגעהערט צום רבינ'ס לער־נען, האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן מיין טאַטע. ער איז צוגעגאַנגען צום רבין און אים עפּעס אַריינגעשעפּטשעט אין אויער, נאָך דעם איז ער צוגעקומען צו מיר, שנעל מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט, און האַסטיק אַ זאָג געטאָן:

— קום אַהיים, מיין קינד!

ווען מיר זענען אַרויסגעקומען אויף דער גאַס האָט דער טאַטע, אינ־גאַנצן אומדערוואַרט פאַר מיר, גענומען מיך צו זיך אויף די הענט. אינם ערשטן מאָמענט האָב איך זיך קעגן דעם געוועהרט: „וואָס הייסט? לאָזן זיך פון טאַטן טראָגן אויף די הענט? איך בין דאָך שוין אַ בחור, וואָס לערנט אין חדר". באַלד אָבער האָב איך זיך אונטערגעגעבן דעם טאַטנס ווילן און זיך נאָך אַפילו שטאַרק צוגעטוליעט צו אים. אויפן גאַס האָט זיך געפילט אומרו און פורכט. מענטשן זענען געלאָפן מיט צעשראָקענע בליקן. — די געוועלבער האָט מען שנעל פאַרמאַכט מיט ריגלען און שלעסער. פון צייט צו צייט האָבן מענטשן איינער דעם אַנדערן אָפּגעשטעלט, זיך אַריינגע־שושקעט אין די אויערן, פאַרבראָכן מיט די הענט, אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ און ווייטער געלאָפן. — דער טאַטע מיינער האָט מיך פעסט צוגעדריקט צו זיך און מיט זיין ברייטער, שיינער, שוואַרצער באָרד מיך אינגאַנצן פאַר־

דעקט.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אהיים, האָבן מיר שוין געפונען די טירן פעסט פאַרמאַכט. ניט מיר, ניט קיינער פון די שכנים איז יענע נאַכט גע־שלאָפן. אַלע האָבן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן זיך צוגעהערט צו יעדן ריר, צו יעדער שאָרך, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון גאַס.

צו מאָרגנס גאַנץ פרי — האָבן זיך באַנדעס פּאָגראָמשטשיקעס, מיט מעסערס און העק, באַוויזן פון דער פראַנציסקאַנער גאַס. מיט בלוטדורשטי־קע צורות און ווילדע געשרייען האָבן זיי זיך ווי אַ שטורעם־ווינט אַ לאָז געטאָן צו אונדז אין מרדכי־גבאי'ס גאַס. איך געדענק עפּעס שרעקלעכס פון יענעם פרימאָרגן: איך בין צוגעלאָפן צו אַ ניט קיין פאַרלאָדנט פענצ־טער אין שטוב און, אַ צוגעשמידטער צום אָרט מיט פּחד און נייגיר, האָב איך אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס. איך האָב געזען, ווי לאָדנס זענען אויפ־געריסן געוואָרן, שויבן אויסגעהאַקט, מעבל איז געפלויגן פון די שטובן און יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די הייזער. אָבער אין דעם זעלבן אויגנבליק איז עפּעס אויסערגעוויינטלעכס געשען: — פון אַ ווינקל האָבן זיך באַוויזן יונגע יידן מיט דרענגער און העק און האָבן זיך ווי אַ הוראַגאַן אַ וואָרף געטאָן אויף די פּאָגראָמשטשיקעס. מיין האַרץ האָט אַזוי געקלאַפּט... אין אַ ווײַלע שפּעטער האָבן זיך פון אַלע זייטן באַוויזן נייע גרופּעס צע־יושעטע כוליגאַנעס און האָבן פאַריאָגט די יידן.

און דעמאָלט האָבן די כוליגאַנעס אינגאַנצן באַהערשט די גאַס. מיט אַ ווילד געשריי: „טויט די יידן" — האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין די שטי־בער, צעבראָכן דאָס מעבל, צעריסן דאָס בעטגעוואַנט און אַרויסגעלאָזט די פעדערן פון די קישנס, אַרויסגעיאָגט די יידן אויף דער גאַס און געשלאָגן מכות־רצח. אַ קליין יידיש יינגל האָבן די צעיושעטע באַנדיטן מיט דרענ־גער דערשלאָגן צום טויט און אים אַזוי געלאָזט ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט אויפן גאַס.

דאָס דאָזיקע בילד פונם פּאָגראָם אין 1892 האָט זיך מיר טיף איינ־געקריצט אין מיין יונגן מוח און אָן צווייפל איבערגעלאָזט שפּורן, וועלכע האָבן באַווירקט מיין גאַנצע שפּעטערדיקע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע באַ־וואוסטזיניקייט.

שפּעטער, ווען איך בין געוואָרן עלטער, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער פּאָגראָם איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער צאַרישער פּאָליציי אַלס ענטפער אויף דעם רוף פון דער שוין דאַן עקזיסטירנדיקער פּוילישער סאָ־ציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.) צו פייערן דעם 1־טן מאַי.

## צו נייַן יאָר העלף איך שוין צו אין דער פּרנסה.

די אַרבעט פון מיינע צוויי שוועסטער און דער פאַרדינסט פון מיין טאַטן האָבן ניט גענוג אפילו אויף די אָרעמע באַדערפעניש, און ווען ווער פון דער משפּחה האָט גענוג א מלבוש, איז דאָס אָנגעקומען מיט גרינגע ווערעם, ניט געקוקט אויף דעם וואָס צו שיין און צו קאָסטבאַר האָבן מיר זיך ניט געקליידט. דאַן האָבן דער טאַטע מיט דער מאַמען באַשלאָסן, מען זאָל מיך אַרויסנעמען פון חדר און אַז איך זאָל אָנהייבן צוהעלפן מיינע שוועסטער אין דער אַרבעט. דער טאַטע האָט פון אָנפאַנג זיך קעגנגעשטעלט דעם פּלאַן. אָבער די מאַמע, וועלכע האָט מער געוווסט ווי דער טאַטע, וואָס עס פאָדערט זיך אין הויז און אַז קינדער — דערצו נאָך דערוואַקסענע מיידלעך — דאַרפן האָבן א מלבוש, מען זאָל זיך קענען ווייזן פאַר מענטשן, האָט שטאַרק געדריקט אויפן טאַטן און פלעגט אים אַזוי זאָגן: „איך וויל, פונקט אַזוי ווי דו, אַז אפרים־אליעזר זאָל וואַקסן א בן־תורה, אָבער וויפל תורה ער קריגט אין חדר אין א גאַנצן טאָג, וועסטו אַליין אים קענען געבן אין צוויי שעה.” און דער טאַטע האָט ענדלעך מסכים געווען. איך אַליין האָב גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, ווייל קיין צו גרויסער ליבהאָבער פון גיין אין חדר בין איך ניט געווען. איך האָב אָנגעהויבן דרייען די פראַנדזן פון די דיקע וואָלענע טיכער. איך האָב פאַרקאַשערט די אַרבל אַוז געוויזן, וואָס איך קען. געאַרבעט האָב איך שנעלער פון מיינע שוועסטער. אָבער די יונגע און איידעלע הויט פון מיין לינקער האַנט האָט געגומען אויפפּלאַצן פון אומאויפהערלעכן דרייען די פראַנדזן אויף איר. דאָס בלוט האָט געשפּראָצט. איך פלעג לאַנגע שעהן וויינען און האָב אָנגעהויבן בענקען נאָכן חדר. די שוועסטער האָבן מיר געגלעט און געטרייסט, אַז אויך זיי האָבן געהאַט די זעלבע יסורים אין אָנהייב און שפּעטער איז עס פאַרביי. אַזוי איז טאַקע געווען. מיין הויט האָט זיך אויך צוגעוווינט, זי איז מיט דער צייט געוואָרן ווי א פּאַרמעט און די פראַנדזן האָבן זיך געדרייט אויף דער האַנט, אַזוי ווי ס'וואָלט גאָר קיין הויט ניט געווען. אַזוי האָב איך צוגעהאָלפן אין

דער פּרנסה. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז איך ברענג אַריין אַ פּיינעם צו־שטייער צו דער הכנסה, אָבער דער טאַטע איז דאָך געבליבן אומצופרידן, און ער האָט געהאַט סיבות דערצו. ווען דער טאַטע האָט מיך גערופן לער־נען, האָב איך ליבער געוואָלט שפּילן מיט די חברים פון הויף. צו־גוטע חברים זענען זיי אין מיין טאַטנס אויגן ניט געווען. זיי זענען געווען קינ־דער פון אַ בעקער, אַ קצב, אַ פורמאַן און אַנדערע האָרעפּאַשנע מענטשן, אָבער מיר זענען זיי געפעלן געוואָרן.

איך אַליין האָבן קיין לאַבוסעוואַטע שטיק קיינמאָל ניט געקענט, אָבער איך האָב ליב געהאַט צו זען, ווי זיי מאַכן דאָס. און דעם טאַטן איז טאַקע זייער שווער אָנגעקומען מיך אָוועקצוזעצן לערנען מיט אים. אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן גאַנצע פיר יאָר. איך בין שוין דאַן געווען אַ בחור פון דרייצן יאָר. איך וואָלט געוויס ווייטער געהאָלפן ביי דער אַרבעט, אָבער מיינע שוועסטער האָבן געוואָלט ווערן שטאַפּערינס. זיי האָבן געוואָלט גיין אַרבעטן אין פאַבריק און אין שטוב ביי אונדז איז געוואָרן אַן אמתער תשעה־באָב. דער טאַטע האָט געוויינט: — „מיינע טעכטער זאָלן גיין אויפן פאַבריק!". אָבער דאָס לעבן איז געווען שטאַרקער פונעם טאַטנס ווילן. די שוועסטער זענען אַוועק אין אַ פאַבריק און מיין עלטערער ברודער, זע־ענדיק ווי שווער דאָס לעבן איז, האָט איבערגעריסן מיט דער ישיבה און איז אויך געוואָרן אַ בעל־מלאָכה. דער ברודער האָט ניט געוואָלט גיין אין פאַבריק און האָט זיך אויסגעלערנט מאַכן זאָקן. דער טאַטע האָט געקויפט אַ זאָקן־מאַשין און דער ברודער האָט געאַרבעט אין שטוב. מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין אַ גרעסערער דירה, וו מיר האָבן שוין געהאַט אַ שטוב מיט אַ קיך. דאָס איז ניט געווען דערפאַר, וואָס ס'איז אונדז געוואָרן מאַ־טעריעל לייכטער. ניין. די סיבה איז געווען, וואָס די טעכטער זענען גע־וואָרן דערוואַקסן און געשטאַנען אין שידוכים, און — ניט ווילנדיק מוז מען זיך קניפּן די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין.

אַז דער טאַטע האָט געזען, ווי מיין עלטערער ברודער איז געוואָרן אַ זאָקן־מאַכער, — און ביז דעם איז ער דאָך געווען זיכער, אַז זיין עלטע־רער זון, דער עילוי, וועט אויסוואַקסן אַ רב און ער וועט טאָן מיט אים אַ גוטן שידוך, — האָט איצט געגומען אויך מיר צורעדן צו ווערן אַ זאָקן־מאַכער. אָבער איך האָב ניט געוואָלט. ערשטנס, האָב איך דאָס דאָזיקע פאַך ניט ליב געהאַט און צווייטנס — האָב איך, אומבאַוווסטזיניק פאַר זיך אַליין, געוואָלט זיך באַפרייען פונעם טאַטנס שטענדיקער אויפזיכט. פרעגט מיך דער טאַטע: — נו, זאָג מיר, מיין זון, וואָס ווילסטו ווערן? —

און ער גיט באַלד צו, אַז פאַר קיין שוסטער אָדער שניידער וועט ער מיך ניט מאַכן. פאַר קיין בעקער אויך ניט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איינ־ציקע, וואָס איך קען נאָך פועלן ביים טאַטן, איז — ער זאָל מיך אוועק־געבן פאַר אַ וועבער. דער טאַטע איז אויף דעם איינגעגאַנגען און ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגן ביי זיינע חסידים וועגן אַ לוין־וועבער, וואָס וואָלט גענומען זיינעם אַ זון אויף צו לערנען ס'פאַך. זיי האָבן טאַקע לייכט גע־פונען אַ חסידישן יידן, וואָס האָט געהאַט עטלעכע וועב־שטולן, און מיין פאָטער האָט מיך אָפּגעגעבן צו אים אויף דריי יאָר אין דער לער. איך האָב געזאָלט ביי דעם מייסטער קריגן יעדן זמן עטלעכע קערבלעך אויף צו קאָ־נען זיך מאַכן אַ מלבוש. און אַזוי בין איך אַוועק ווערן אַ וועבער. צו דער־אַרבעט האָב איך געזאָלט קומען זיבן אַ זייגער אין דער פרי און אַוועקגיין ניט פריער ווי עלף ביינאַכט.

גלייך דעם ערשטן טאָג איז מיר ביים וועבער געוואָרן קאַלט אין יעדן אבר, ניט חלילה צוליב דער שווערער אַרבעט, וואָס מען האָט מיר געגעבן צו טאָן — די מייסטראָווע איז אַוועק אין גאַס איינקויפן, האָט מען מיר איבערגעגעבן דאָס קינד צו ניאַנטשען. ווען זי איז צוריקגעקומען פון מאַרק האָט די מייסטראָווע מיך מכבד געווען מיט אַרויסטראָגן דעם פּאָמעשאַף און אַריינברענגען וואַסער. אַ זייגער ניין האָט זי מיר דערלאַנגט פרישטיק, פון וועלכן ס'איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דער פרישטיק איז באַשטאַנען פון צוויי גרויסע לחמהם ברויט, דיק אָנגעשמירט מיט פוטער, און אַ טאָפּ שוואַרצע קאַווע. איך האָב קיינמאָל אַזוינע לחמהם ברויט ניט געזען. געהערט האָב איך ביז דעם, אַז אַ גוי פרעסט אַזעלכע שטיקער ברויט און זויפט קאַווע פון אַזעלכע טעפּ. אָבער אַז אַ ייד גייט עסן, לייגט מען אַוועק אַ טישטעך, מען וואַשט זיך צום עסן, מען שניידט אָפּ אַ מענטש־לעך שטיקל ברויט און קאַווע טרינקט מען פון אַ גלאָז אָדער, אין ערגסטן פאַל, פון אַ פאַרצעלייען טעפּל. איך האָב געצופּט פונעם שטיק ברויט און געגעבן עטלעכע שלוקן פון דער קאַווע. ס'איז מיך אַלץ געבליבן שטעקן אין האַלדז און איך האָב ניט געקענט עסן. אָבער איך וואָלט זיך צו דעם געמוזט צוגעוויינען. נאָר אויפן דריטן טאָג זאָגט צו מיר דער מייסטער, אַז איך מוז נעכטיקן ביי אים. ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך אויסגעבראָכן אין אַ שטאַרק געוויין. און וויינענדיק האָב איך צו אים גע־זאָגט:

— וואָס דאַרפט איר מיך דאָ ביינאַכט? איר ווילט, איך זאָל קומען פריער, גוט, קען איך קומען זעקס אָדער אַפילו פינף פאַרטאָג. — האָט

מיר דער מייסטער געענטפערט: — ניין איך דארף ניט, דו זאָלסט ארבעטן לענגער. דו זעסט דאָך, איך האָב צוויי געזעלן, וועלכע שלאָפן ביי מיר און מען מוז פאר זיי אויסבעטן די געלעגערס. מיין ווייב קען זיך ניט ברעכן ביי די וועב־שטולן, מאכן זיי די געלעגערס און אין דער פרי דאָס צונעמען. ביינאכט מוז מען אָפּלאָזן דעם הונט פון דער קייט, און ווען דער הונט הייבט אָן שטארק בילן מוז מען ארויסקוקן, צי גנבים גראָבלען זיך ניט ביים טויער. אזוי מוז מיין ווייב ארויסגיין און איצט וועסטו דאָס אַלץ טאָן.

פון יענעם אָוונט אָן בין איך געבליבן שלאָפן ביים וועבער. א געלעגער האָט מען מיר געמאכט אויף דער פּאָדלאָגע. מען האָט מיר אונטערגעלייגט טיכער, א קישן צוקאָפּנס און מיט א טוך זיך צוגעדעקט. שבת בין איך געקומען אַהיים. אין שטוב האָבן אַלע געוואוסט, איך זאָל עפּעס דערציילן, אָבער אָנשטאָט דעם בין איך געלעגן אויפן בעט און מיט קיינעם ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. איך האָב איינגעגראָבן דאָס פּנים אין בעטגעוואַנט און שטיל געוויינט. ענדלעך האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און זיי לאַנגזאַם דערציילט פון אַלץ. מיין טאַטע, כאָטש ער האָט מיך מיט מיטלייד פּאָטערלעך געגלעט, האָט אָבער אינערלעך געהאַט הנאָה פון דעם, ווייל ער האָט אַלץ געוואָלט מיך האָבן אונטער זיין אויפזיכט.

שבת אָוונט האָט זיך דער טאַטע מיט מיר אוועקגעזעצט ביים טיש און מיר געגעבן צו פארשטיין, וואָס פאַר א שווערן גלות איך האָב דורכצומאַכן אין פאַרלויף פון גאַנצע דריי יאָר. ער האָט מיר געוויזן, ווי אזוי לייבוש, מיין עלטערער ברודער, זיצט און ארבעט רואיק, שטיל, אין דער היים און ווי די מאַמע היט אים אָפּ נאָר אזוי, ווי „אייער מאַמע קען אָפּהיטן די קינדער". דעריבער — האָט צו מיר געזאָגט דער טאַטע — פאָלג מיך, מיין קינד, און לערן זיך אויס מאַכן זאָקן. מיר וועלן קויפן א מאַשין און דו וועסט ארבעטן אין דער היים צוזאַמען מיט לייבישן.

איך האָב זיך שוין ניט קעגנגעשטעלט און בין געוואָרן א זאָקן־מאַכער.

# איך באַקען זיך מיט דער „אחדות".

דער טאַטע האָט געהאַלטן זיין אויג איבער מיר. ער האָט ווייטער מיט מיר געלערנט. שבת און יום־טוב בין איך מיט אים געגאַנגען אין שטיבל דאַוונען. ווען דער קאָזשעניצער רבי איז געקומען קיין לאָדזש, איז ער איינגעשטאַנען ביים גרעסטן גְביר פון די קאָזשעניצער חסידים, ביי בונעם בערנער. (ווען דער גראָדזשיסקער רבי איז נפטר געוואָרן האָבן זיך די חסידים צעטיילט. איין זון האָט ווייטער געפּראַוועט טיש אין גראָדזשיסק, א צווייטער זון איז געוואָרן רבי אין קאָזשעניץ, און מיין טאַטע האָט אָנגעהויבן פאָרן קיין קאָזשעניץ). דער טאַטע האָט מיך גענומען מיט זיך צום רבין. דער רבי האָט אויף מיר געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק: זיין שיינקייט און הדרת־פּנים און באַזונדערס זיין פידל־שפּילן שבת צו נאַכט נאָך הבדלה. ווען מען האָט געזען דאָס בילד, ווי די חסידים, אַרומגענומען אין א ראָד, און דער רבי אין מיטן, שפּילנדיק אויפן פידל, גייען אַלע צוזאַמען א טענצל, — האָט מען געפילט, ווי די טענער פון דעם פידעלע הייבן זיך העכער און העכער, דערגרייכן צום כסא־הכבוד און צוזאַמען מיט די טענער הייבן זיך דער רבי מיט די חסידים צו די הימלישע הייכן. און ביי מיר, א יינגל נאָך, האָט אָנגעהויבן וואַקסן א באַגער צו דערגרייכן צו אַזא מדרגה און אויך קענען מיטשוועבן.

יעדן וואָכנדיקן טאָג פלעג איך צוויי מאָל גיין אין בית־המדרש — אין דער פרי דאַוונען שחרית און פאַרנאַכט צו מנחה און מעריב. דאָרטן אין בית־מדרש, האָט זיך אין מיר דערוועקט א נייגעריקייט צו די יונגע בחורים, וואָס פלעגן זיך זאַמלען אויפן פּלאַץ פאַרן בית־המדרש. זיי פלעגן שטיין אין קליינע גרופּקעלעך און אַזוי שטיל שמועסן צווישן זיך. איך האָב באַמערקט, ווי זיי גיבן זיך איבער איינער דעם אַנדערן עפּעס אַזוינע דינינ־פּע ביכעלעך, און ווען זיי גיבן דאָס, קוקן זיי זיך פריער אַרום אין אַלע זייטן און היטן זיך, אַז קיין פרעמד אויג זאָל דאָס ניט באַמערקן. איך האָב אויך באַמערקט, ווי צווישן די יונגעלייט שוועבט אַרום א יונגער. שלאַנסע׳.

היכער בחור. ער באַווייזט זיך דאָ ביי איינער, דאָ ביי אַן אַנדער גרופּע יונגעלייט, ער גיט עפּעס אַ שעפּטשע און ווערט פאַרשוווּנדן. ער האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ „רואה ואינו נראה". מיין נייגעריקייט איז געוואַקסן. איך האָב זייער געוואָלט דערגיין, ווער עס זענען דאָס די דאָזיקע יונגעלייט. עפּעס זענען זיי אַזוי ערנסט אין זייערע שמועסן. זייערע פּי־רוּנגען און באַוועגונגען זענען עפּעס אַנדערש פון די אַלע מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך טעגלעך באַגעגנט.

דער פאַרלאַנג זיך צו דערוויסן, וואָס די בחורים שטעלן מיט זיך פאָר, איז אין מיר געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. מיין ערשטער און גרעסטער פאַר־לאַנג איז געוואָרן זיך צו דערוויסן, ווער עס איז דער היכער, שלאַנקער בחור, וואָס שוועבט פון איין גרופּע צו דער צווייטער און פאַרשווינדט גע־היימניספול דער ערשטער פונעם בית־המדרש־פּלאַץ.

ענדלעך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער הייסט פּנחס, אַז ער איז אַ שוסטער און זיין פאָטער איז אויך אַ שוסטער. ער אַרבעט ביי זיין טאַטן. דאָ האָט מיין פאַנטאַזיע זיך גאָר צעשפּילט. איך האָב שוין דעמאָלט גע־וווּסט פון דער לעגענדע, וואָס מען דערציילט ביי יידן, אַז די וועלט האַלט זיך אויף ל"ו צדקים און אַז די דאָזיקע ל"ו צדיקים באַשטייען פון האָלץ־העקערס, וואַסער־טרעגערס, שוסטערס. איז מיר איינגעפאַלן, אַז אויך דער שוסטער, איז איינער פון די ל"ו צדיקים. איך בין דערגאַנגען, ווו זיין פאָ־טער וווינט, און האָב אָוועקגעטראָגן מיינע שטיוועלעך צו אים צו פאַרריכטן. פּנחס און זיין פאָטער האָבן געוווינט אין אַ דאַך־שטיבל אויף זגערזשער גאַס. איך האָב טאַקע געטראָפן דעם פאָטער און דעם זון ביי דער אַרבעט. ווייזנדיק דעם פאָטער, וואָס ער האָט צו מאַכן, האָב איך פאַרן אָוועקגיין גע־בעטן פּנחסן, ער זאָל מיר שענקען עטלעכע מינוט אויף אַ פּאָר ווערטער. פּנחס האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן, איז אָפּגעטראָטן פון זיין אָרט און האָט מיך אָפּגעפירט אין אַ ווינקל. איך האָב אים דערציילט, ווי איך קוק זיך צו יעדן פאַרנאַכט צו די יונגעלייט אויף דעם בית־המדרש־פּלאַץ, און געזאָגט, אַז איך וויל זיך מיט זיי באַקענען און אויך קריגן די קליינינקע, דינע בי־כעלעך. ער האָט מיך באַשטעלט אויף פאַרנאַכט צום בית־המדרש־פּלאַץ און צוגעזאָגט מיט אימעצן פון די יונגעלייט צו באַקענען. דערביי האָט מיר פּנחס געפרעגט, צי איך לערן אָדער אַרבעט שוין. איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין אַ זאָקן־מאַכער און אַרבעט אין שטוב.

דעם גאַנצן טאָג האָב איך אומגעדולדיק געוואַרט אויף דער מינוט, ווען פּנחס שוסטער וועט מיך באַקענען מיט איינעם פון די יונגעלייט. ענד־

לעך איז געקומען דער פאַרנאַכט און איך האָב געדאַוונט מנחה מיט מער כוונה ווי יעדן טאָג. ווען איך בין נאָכן דאַוונען אַרויסגעקומען פון בית־מדרש, איז שוין פּנחס געווען אויפן פּלאַץ. איך בין צו אים צוגעגאַנגען. פּנחס האָט מיך צוגעפירט צו איינעם פון די יונגעלייט און צו מיר גע־זאָגט: — באַקאַנט זיך מיט דעם חבר, ער הייסט אברהם אַמשינאַווער. יע־נער האָט ביי מיר געפרעגט, ווי איך הייס און וואָס איך טו, און איך האָב אים אויך דערציילט, אַז מען רופט מיך אפרים־אליעזר און אַז איך בין אַ זאָקן־מאַכער. ער האָט זיך אָפּגערעדט מיט מיר זיך צו טרעפן מאָרגן אויפן זעלבן אָרט און אין דער זעלבער צייט. די גאַנצע באַגעגעניש האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. דאַכט זיך, אַז אברהם אַמשינאַווער האָט מיט מיר כמעט גאָרנישט גערעדט, און דאָך האָבן צוויי ווערטער מיר ניט געלאָזט רוען. ערשטנס — די פראַגע: ווי הייסט איר? איך בין געוווינט געווען, אין שטיבל זאָל אַ יונגערמאַנטשיק זאָגן צו אַן אַלטן יידן — „דו", און דאָ, איך, אַ ייִנגל פון דרייצן יאָר, זאָגט ער צו מיר — „איר". צווייטנס — דאָס וואָס ער האָט צו מיר געזאָגט: „חבר אפרים־אליעזר". דאָס וואָרט — „חבר" איז מיר געווען נאָענט, ווייל אַ חבר האָט מען גערופן דעם, מיט וועמען מען האָט זיך געחברט. אָבער אַ מענטש זעט מיך צום ערשטן מאָל און איך בין שוין זיין חבר.

איך האָב זיך מיט אים צומאָרגנס געטראָפן און ער האָט מיר אָנגע־הויבן צו דערציילן, וואָס זיי ווילן. אָבער „כדי איר זאָלט קלאָר ווערן פאַר־שידענע פראַגן — האָט ער מיר געזאָגט, — וועל איך אייך געבן בראָ־שורן צו לייענען". איך האָב אים דאַן געפרעגט, וואָס עס באַדייט דאָס וואָרט „בראָשור", און ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין אַז בראָשורן זע־נען קליינע ביכלעך, געבונדן אין דינע טאָוולען און געשריבן אויף זייער דין פּאַפּיר, אַזוי אַז מען זאָל עס קענען פאַרשטעקן ביי זיך. דאָס זענען ניט קיין דערלויבטע ביכלעך. אויב פּאָליציי געפינט ביי וועמען אַזאַ ביכל, ווערט ער אַריינגעזעצט אין טורמע אָדער פאַרשיקט אין סיביר. „דעריבער האָט ער מיר געוואָרנט — ווער עס נעמט אַזאַ ביכל, מוז זיין ביי זיך שטאַרק. ער מוז זיין גרייט אויף אַלץ: אויף קלעפּ, טורמע און אויף סיביר. און ער טאָר קיינמאָל ניט זאָגן, ביי וועמען ער האָט עס באַקומען. אויב דו פילסט, אַז דו ביסט גענוג שטאַרק ביי זיך, דאַן קענסטו באַקומען אַזאַ ביכל". איך האָב אין דער מינוט ניט געטראַכט, צי איך וועל זיין שטאַרק גענוג, ווען פּאָלי־ציי וועט מיך כאַפּן, אָבער מיין נייגער צו זען, וואָס דאָרט איז געשריבן, איז געווען זייער גרויס, און מיין ענטפער איז געווען, אַז איך וועל זיך האַלטן

פעסט און שטארק.

דאָס ביכל, וואָס ער האָט מיר געגעבן, איז געווען א מעשה פון פיר ברידער. ווען איך בין דערמיט אהיים געגאנגען, האָב איך געפילט, אז איך ברען פון היץ. איך בין געווען זיכער, אז ווען א פאָליציאַנט זאָל מיך דאַן געווען אָנקוקן, וואָלט ער גלייך דערקענט, אז איך טראָג אין מיר, אָדער מיט זיך, א גרויסן, געהיימניספולן פארברעכן.

די צווייטע באַגעגעניש איז באַשטימט געוואָרן אויף שבת נאָך מיטאָג.

# א „טיפּע דערשיטערונג

שוין אָפּגעגעסן דעם שבתדיקן מאָלצייט צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה. איך גיי שבתדיק אָנגעטאָן און פּיל זיך היינט מער שבתדיק ווי יעדן אַנדערן שבת. היינט גיי איך זיך טרעפן מיט אברהמל אַמשינאָווער. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב געקראָגן אַ נייעם רבין. איך האָב עפּעס געפילט אַ יראת־הכּבוד צו אים. באַשטעלט האָט ער מיך צו קומען אין אַ קאַוויאַרנע אויף שרעדנע גאַס נומער 6. דער איינגנטימער פון דער קאַוויאַרנע איז געווען אַ חסידישער ייִד, זיין נאָמען געדענק איך ניט. די פּראָנטטיר איז געווען פאַרמאַכט און אַריינקומען שבת האָט מען געקענט נאָר דורך דער הינטער־טיר. איך קום אַריין. עס איז פול מיט יונגע בחורים. מען זיצט ביי טישלעך און מען פירט שמועסן, אָבער די שטוב איז פול מיט רויך פון די פּאַפּיראָסן, וואָס די יונגעלייט רויכערן. איך זע, ווי ביי איינעם פון די טישלעך זיצט אברהמל אַמשינאָווער. איך וויל צו אים צוגיין, אָבער איך פיל, אַז ביים ערשטן וואָרט, וואָס איך וועל צו אים אַרויסרעדן, ברעך איך אויס אין אַ געוויין. עס ווערט אַזוי ענג. איך האָב מיר ניט פאָרגעשטעלט, אַז ייִדישע יונגעלייט זאָלן רויכערן אום שבת. אברהמל אַמשינאָווער שטעלט זיך אויף, קומט צו און פרעגט מיך: „חבר אפרים־אליעזר, וואָס איך מיט אייך? אייער פּנים ברענט עפּעס אַזוי שטאַרק". אָבער אַנשטאָט צו ענטפערן ברעך איך אויס אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין. אַלע אין דער קאַוויאַרנע קוקן זיך אַרום. אייניקע רוקן זיך צו נעענטער צו אונז. און אַז איך באַרואיק זיך אַביסל, זאָג איך צו אברהמל אַמשינאָווער: — „איך וועל זיך מיט אייך מער ניט טרעפן. איך האָב קיין מאָל ניט באַגעגנט קיין ייִדן, וואָס רויכערן אום שבת. איך שטאַם פון אַ חסידיש הויז. צו וואָס האָט איר מיך אַרויסגערופן דווקא אויף שבת, איך זאָל דאָס אַלץ זען און האָבן דערפון צער? מער האָב איך קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברענגען פון מויל און בין אַרויסגעלאָפן, פונקט ווי איינער לויפט פון אַ ברענענדיק הויז. לויפנדיק האָב איך געהאַט באַשלאָסן ביי זיך מער מיט די דאָזיקע

יונגעלייט זיך ניט טרעפן.

עס זענען אָבער אַוועק עטלעכע וואָכן און עס האָט מיך ווידער אָנגעהויבן ציען צום בית־המדרש־פּלאַץ. נאָך מנחה גיי איך ווייטער אַרויס און הער זיך צו צו זייערע געשפּרעכן, כאַפּ אויף אַ סך ווערטער, וואָס הייבן מיר אָן ווערן פאַרשטענדלעך. ווערטער וועגן באַפרייאונג, אויסלייזונג, ניט בלויז פאַר יידן, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט. די ווערטער באַפליגלען מיך און עס הייבט זיך אין מיר אָן אַן אינערלעכער געראַנגל: ווידער זיך טרעפן מיט אַברהמל אַמשינאָווער אָדער ניט? אַז איך פלעג אים זען נאָך דער געשיכטע אין קאַוויאַרנע פלעג איך זיך אַוועקדרייען, ער זאָל מיך ניט זען. אָבער נאָך עטלעכע מאָנאַטן אינערלעכן קאַמף האָט געזיגט די „אחדות". איך האָב זיך צוריק אָנגעהויבן טרעפן מיט אַברהמל אַמשינאָווער, אָבער מיר האָבן ביידע אויסגעמיטן צו רעדן וועגן יענעם פאַרדראָסיקן שבת. ער האָט מיר ווייטער געגעבן צו לייענען בראָשורן: „פאַר זון־אויפגאַנג", „וואָס יעדער אַרבעטער דאַרף וויסן און געדענקען", „הגדה של פּסח על פּי נוסח חדש" א"אנד. ער האָט מיר אויך געגעבן אַנטי־רעליגיעזע ביכלעך, ווי „מעשה־בראשית" פון ב. פייגנבוים א"אנד. ביסלעכווייז האָט זיך מיין פרומקייט אָנגעפאַנגען צו וואַקלען. יעדעס מאָל, ווען איך האָב אים צוריקגעבראַכט די בראָשורן, פלעגט מיך אַברהמל אויספרעגן, וואָס איך האָב אַרויסגענומען פון דעם געלייענטן. ווען ער האָט באַמערקט, אַז איך ווייס ניט געוויסע זאַכן, פלעגט ער מיר עס פאַרטייטשן און אויסטייטשן. ער האָט אָנגעהויבן צו קריגן אַלץ אַ גרעסערע ווירקונג אויף מיר. ער האָט אויך געזען מיך צו פאַראינטערעסירן מיט פראַגן פון טעגלעכן לעבן. ער פלעגט מיר צושטעלן אומלעגאַלע צייטשריפטן, אויך דעם „יידישן אַרבעטער" — צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד". אין די צייטשריפטן האָב איך ווייניקער פאַרשטאַנען ווי אין די בראָשורן. די שפּראַך איז מיר געווען פרעמד, די טערמינען נאָך פרעמדער, אָבער אַברהמל האָט זיך באַמיט אַלץ אויסצוטייטשן.

נאָך אַ ליינגערער צייט פון טרעפן זיך צוויי מאָל אַ וואָך זאָגט צו מיר איין מאָל אַברהמל:

„— ווייסט גאָר וואָס, חבר אפרים־אליעזר? — איך וואָלט וועלן, דו זאָלסט קומען אַמאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג. דו וועסט זיך באַקענען מיט חברים. דאָרט וועט רעדן אַ חבר וועגן די אויפגאַבן פון אַ סאָציאַליסט. אַזעלכע פאַרזאַמלונגען ווערן איינגעאָרדנט צו פאַרטיפן דעם באַוואוסטזיין פון די חברים. דו מוזט אַליין ווערן אַן אַגיטאַטאָר". — איך האָב איינ־

נעשטימט. „— אָבער דו זאָלסט וויסן זיין — זאָגט ער ווייטער, — אַז אַזעלכע פאַרזאַמלונגען זענען אומלעגאַל. טאָמער פאַלט אַזאַ פאַרזאַמלונג דורך, קריגט מען טורמע און שפּעטער קען מען פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. דעריבער טאָרן מיר פריער ניט זאָגן, וווּ די פאַרזאַמלונג קומט פאָר. ווּעסט פרייטאָג־צו־נאַכט קומען אויף ראָג סרעדנע און ווסכאָדנע, — דאָרט איז פאַראַן אַן אַפּטייק און איך וועל דאָרטן שטיין... זאָלסט צו מיר ניט צוגיין, נאָר פּאַמעלעך דורכגיין נעבן מיר און איך וועל דיר זאָגן, וווהין זאָלסט גיין".

פרייטאָג, נאָכן שבתדיקן עסן, בין איך געגאַנגען אויפן אָפּגערעדטן אָרט, פאַרבייגעשפּאַצירט פאַרביי אברהמלען, און ער האָט מיר געהייסן גיין אין דער און דער הייזקע. דאָרט אויפן ערשטן שטאָק וועט שטיין אַ חבר. „דו זאָג אים ‚אברהם', וועט ער דיר באַווייזן די טיר. ווּעסטו געבן דאָן צוויי קלעפּ מיט אַ פינגער און די טיר וועט זיך עפענען, מען וועט דיך אַריינלאָזן אינעווייניק". אַזוי איז טאַקע געווען.

אָבער, אַז איך בין אַהין אַריין, איז מיר ווידער ענג געוואָרן די וועלט. אַ פולע שטוב ייִנגלעך און מיידלעך. מען רויכערט פּאַפּיראָסן. ביז איצט האָב איך זיך נאָר געהאַט באַגעגנט מיט בחורים און דאָ גאָר מיידלעך. דאָס, וואָס מען רויכערט אום שבת, בין איך שוין געווען גרייט איבערצוטראָגן. נאָר פּלוצלונג האָט מיך גענומען מאַטערן אַן אַנדער זאַך. אַז אַ פאַרזאַמלונג קען דורכפאַלן, האָט מיר אברהמל שוין טאַקע געזאָגט, אָבער פריער האָב איך עס עפּעס ניט באַנומען. איצט האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם. איך האָב אין דער פאָרשטעלונג שוין געזען, ווי פּאָליציי באַפאַלט די פאַרזאַמלונג, ווי מען פירט אונז איבער די לאָדזשער גאַסן אַא"וו. פאַר זיך האָב איך אויך מורא געהאַט, אָבער די גרעסטע שרעק מיינע איז געווען: וואָס וועט זיין מיט די עלטערן מיינע? זיי וועלן דערהערן, אַז זייער אפרים־אליעזרן האָט מען אַוועקגעפירט אין טורמע צוזאַמען מיט יונגען און מיידן; זיי האָבן געוואָלט מאַכן אַ בונט קעגן קייסער. מיין טאַטע וועט דאָס ניט אויסהאַלטן. איך קען ניט פאַרשאַפן מיין טאַטן אַזאַ בזיון. ווי אַזוי רייסט מען זיך פון דאַנען אַרויס? דער קאָפּ דרייט זיך ביי מיר. איך לויף צו דער טיר. דאָרט שטייט אַ בחור, וואָס זאָגט מיר, אַז אַהער קען מען בלויז אַריינגיין, אָבער אַרויסגיין קען מען נאָר דאַן, ווען די פאַרזאַמלונג וועט זיין פאַרענדיקט. איך בעט זיך ביי אים, איך זאָג אים, אַז איך פיל זיך ניט גוט, אַז איך קען דאָ ניט פאַרבלייבן, אָבער דער בחור איז האַרט ווי שטיין.

אין דער מינוט קומט אריין אברהמל. איך פאל צו אים צו און בעט. בעטנדיק זאג איך אים דעם גאנצן אמת. אברהמל הייסט דעם בחור מיך ארויסלאזן. ווען איך בין אראפ אין גאס, האב איך אנגעהויבן לויפן אהיים. איך האב געפילט, ווי איך האב געראטעוועט מיין טאטן פון א גרויסן בזיון.

# איך פאַרשפּרייט די ערשטע פּראָקלאַמאַציע און ווער אַ מיטגליד פון „בונד".

די בירזשעס פון „בונד" זענען געווען איינגעטיילט לויט די פאַכן: די זאָקן־מאַכער האָבן געהאַט זייער בירזשע יעדן פרייטאָג פאַר קבלת־שבת אויפן הויף פון אַ ליטווישער שול אויף ווידזעווער 27. דאָרט פלעגן מיר שמועסן וועגן די געשעענישן פון דער וואָך, פאַרטיילן ליטעראַטור, אָפּגעבן באַריכטן וועגן דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט פאַר דער וואָך און באַהאַנדלען, דאָס וואָס מען דאַרף טאָן די קינפטיקע וואָך. אין איינעם פון אַזאַ פרייטיק אָוונט, דאָס איז געווען אין חודש יוני פון יאָר 1902, כאַפּ איך זיך אַרויס פון שטיבל נאָך מנחה, קום צו דער בירזשע — דערציילט מען אונז אויפטרייסלענדיקע געשיכטעס וועגן דער בונדישער מאַי־דעמאָנסטראַציע אין ווילנע. מען דערציילט אונז, אַז די פּאָליציי איז באַפאַלן די דעמאָנסטראַנטן, זיי געשלאָגן מכות־רצח און אַ סך חברים און חברטעס אַרעסטירט; אַז דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פאָן וואַל האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, מען זאָל די אַרעסטירטע דעמאָנסטראַנטן שמייסן אויפן הוילן לייב, און אַז דער דאָזיקער באַפעל איז דורכגעפירט געוואָרן; אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן פּראָטעסט־אויפרוף קעגן דעם בריטאַלן, ציניש רעזשים, וואָס האַנדלט מיט ווילדן ווילקיר קעגן מענטשן, וועלכע קעמפן פאַר אַ נייער וועלט־אָרדענונג; דעם אויפרוף דאַרף מען, נאַטירלעך, ברייט פאַרשפּרייטן. אין דעם זעלביקן פרייטאָג אָוונט האָט מען אונז אויך דערציילט, אַז אין ווילנע האָט אַ שוסטער־אַרבעטער מיט דעם נאָמען הירש לעקערט באַשלאָסן ביי זיך, קיינעם ניט פרעגנדיק, נקמה צו נעמען אָן דעם מערדערישן גענעראַל־גובערנאַטאָר פאָן וואַל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל צו שמייסן די אַרעסטירטע. הירש לעקערט האָט געשאָסן אויף פאָן וואַלן, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען פון טעאַטער, ע־ האָט אים אָבער ניט דערשאָסן. הירש לעקערט איז אַרעסטירט געוואָרן און דורך אַ מיליטערישן פעלד־געריכט פאַרמשפּט געוואָרן צו דער תליה. דער

אורטייל איז באַלד אויסגעפירט געוואָרן.

ווי די אַלע באַריכטן האָבן דעמאָלט געווירקט אויף מיין געמיט, איז מיר שווער צו באַשרייבן. איך האָב גענומען די אויפרופן פון צ"ק און אָפּגערעדט מיט אַ צווייטן חבר צו טרעפן זיך מאָרגן, שבת, און צוזאַמען גיין פאַרשפּרייטן דעם אויפרוף. פון דאָרט בין איך צוריק אַוועק אין שטיבל צו קבלת־שבת, און דאָ בין איך באַגאַנגען די ערשטע נאַרישקייט אין פאַרבינדונג מיט מיין אַרבעט אין „בונד". זייענדיק אונטערן איינדרוק פון דער ווילנער געשיכטע, האָב איך בײַ זיך, גאָר ניט טראַכטנדיק, באַשלאָסן אונטערצוּוואַרפן עטלעכע פּראָקלאַמאַציעס אין חסידים־שטיבל. ווען די יידן זענען געשטאַנען שמונה־עשרה מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָב איך אַרויסגעוואָרפן אויפן דיל עטלעכע אויפרופן. צוויי חסידים האָבן זיך באַלד איינגעבויגן און אויפגעהויבן די פּראָקלאַמאַציעס. עס האָבן זיך געבילדעט רעדלעך מענטשן און מען האָט געפּרוווט טרעפן, ווער עס האָט זיך עס דערוועגט אונטערצוּוואַרפן די בלעטלעך אין שטיבל. איך האָב זיך באַלד אַפּגעטראָגן אין דרויסן און דאָרט געוואַרט אויפן טאַטן מיט די ברידער.

נאָכן עסן האָט מיך אַרויסגערופן דער עלטערער ברודער מיינער און געזאָגט צו מיר: „— אפרים־אליעזר! דו האָסט געזען, וואָס אין שטיבל האָט זיך היינט אָפּגעטאָן. זיי זענען זיכער, אַז דאָס האָסטו די בלעטלעך אונטערגעוואָרפן, און זיי גרייטן זיך צו מאָרגן, ווען אַלע חסידים וועלן שוין זיין צום דאַווענען, דיך אַרויסצוּוואַרפן פון שטיבל מיט גרוים פאַראַד. איך וויל, אַז דו זאָלסט פאַרהיטן דעם טאַטן פון אַ גרויסן בזיון, ווייל דאָס וועט אים קאָסטן אַ סך געזונט". איך האָב דאַן דעם ברודער צוריק געפרעגט: „אָבער גלאַט אַזוי זאָגן דעם טאַטן, אַז איך וויל ניט גיין אין שטיבל, וועט דאָך פאַר אים אויך זיין אַ שרעקלעכע זאַך?!" דערויף האָט דער ברודער מיר געענטפערט, אַז יעדנפאַלס וועט דער טאַטע דאָס קענען לייכטער אַריבער טראָגן, ווי די גרויסע בושה פון אַרויסוואַרפן זיין זון בפני כל עם ועדה פון שטיבל.

אויף מאָרגן אין דער פרי, דער טאַטע און די ברידער זענען שוין גרייט צו גיין אין שטיבל און איך שטיי אַ פאַרלאָרענער. דער טאַטע זאָגט צו מיר: „וואָס שטייסטו? מיר וואַרטן דאָך אויף דיר". איך ענטפער מיט אַ ציטערדיקער שטימע: „מער וועל איך אין שטיבל ניט גיין".

מיין ענטפער האָט אַרויסגערופן אַ מהומה אין שטוב. דער טאַטע האָט געשריגן, די מאַמע האָט געוויינט, די שוועסטער האָבן זיך געבעטן בײַ מיר. בלויז מיין עלטערער ברודער האָט געזאָגט צום טאַטן: „ער וויל ניט גיין

מיט אונז, זאָל ער ניט גיין, זאָל ער דיר בלויז זאָגן, וווּ ער וועט דאַווענען".

איך האָב צוגעזאָגט דעם טאַטן, אַז איך וועל דאַווענען אין קאַצקער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון קאָזשעניצער שטיבל.

ווען דער טאַטע איז דאָס מאָל געקומען פון דאַווענען, איז זיין פּנים — אַנשטאָט צו זיין אַ שיינענדיקס פון דער שכינה פון שבת — געווען פאַרפינצטערט און איינגעהילט אין אַ מרה־שחורה.

פאַרנאַכט איז דער חבר געקומען, און מיר ביידע זענען געגאַנגען אויף סאַלנע גאַס פאַרשפּרייטן דעם אויפרוף. עס איז געווען איינגעשטעלט אַ סיסטעם פאַר אַלעמען: אַרויפגיין אויפן העכסטן שטאָק פון הויז, אַוועקלייגן אַ פּראָקלאַמאַציע אונטער יעדער טיר פון אויבן ביז אַרונטער צום נידע־ריקסטן שטאָק און פון דאָרטן פאַרשווינדן ווערן.

די ערשטע געפערלעכע בונדישע אַרבעט איז זונז דורכגעגאַנגען בשלום.

איך וויל דאָ אויך אין קורצן דערציילן, ווי אַזוי דער „בונד" האָט אין לאָדזש געפייערט דעם ערשטן מאַי אין יענעם יאָר 1902.

מען האָט געגומען דעם זיכערסטן טייל פון לאָדזשער בונדיסטן, זיי אויסגעטיילט אין גרופּעס פון 10 און 15 חברים, געוועגדט אָן דעם, אין וועלכן ראַיאָן זיי האָבן זיך געפונען. איך בין געווען אין אַ דירה פון אַ לגין־וועבער אין באַלוט. מיר זענען געווען אַ גרופּע פון 15 חברים און חברטעס. עס איז געווען געגרייט אַ טיש מיט ברויט, הערינג, וווּרשט און ביר. אַ חבר מיט אַ חברטע זענען פון פריער צוגעגרייט געוואָרן, אַז טאָמער באַפאַלט די פּאָליציי, זאָל דאָס הייסן, אַז זיי זענען חתן־כלה [illegible] עס קומט איצט פאָר די תנאים. די רעדע וועגן ערשטן מאַי האָט געהאַלטן ביילע גורפינקעל. ווען זי האָט אָנגעהויבן צו רעדן, איז אַרויפגעקראָכן אויפן בוים פון וועב־שטול דער יינגסטער פון דער גרופּע, אַלטערל שניידער, און אַרויפגעצויגן אַ קליין רויט פענדל מיט דער אויפשריפט „בונד". ווען חברטע ביילע האָט פאַרענדיקט איר רעדע, האָט מען צוזאַמען געזונגען די „שבועה" פון „בונד". אַלטערל האָט צוריק פאַרשטעקט דאָס פענדל. מען האָט געגעסן און געטרונקען, געזונגען און פאַרבראַכט אין אַ געהויבענער שטימונג.

פון יענעם ערשטן מאַי אָן האָב איך זיך באַטראַכט פאַר אַ מיטגליד „פונם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד פון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד".

צו פאַרענדיקן דאָס דאָזיקע קאַפּיטל וויל איך דערציילן, אַז אין מאַי 1906 האָט מען איין און דער זעלבער צייט אַרעסטירט ביילע גורפינ־קעל און אַלטערל שניידער, ביידע מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור. ביידע זע־נען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. אַלטערל איז דאָרט געשטאָרבן און ביי־לע האָט חתונה געהאַט און געבליבן דאָרטן וווינען.

## איך ווער אריינגענומען אין אקטיוו פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

איך האָב געפילט, אַז איך בין נאָך ניט ראוי באַטראַכט צו ווערן פאַר אַן אַקטיוון מיטגליד פון „בונד", אָבער איך האָב זיך ניט אַנטקעגנגע־שטעלט. געוווּסט האָב איך, אַז דער „בונד" האָט איינגעשטעלט זיין אַרבעט אויפן באָדן פון פאַכן. יעדער פאַך האָט געהאַט זיין „סכאָדקע", וועלכע איז באַשטאַנען פון דריי ביז זיבן חברים. דאָס איז געווען געווענדט פון דער גרויס פון דעם פאַך. אונדזער „סכאָדקע" איז באַשטאַנען פון פינף חברים. די אויפגאַבע פון דער „סכאָדקע" איז געווען צו אָרגאַניזירן די אַר־בעטער פון געגעבענעם פאַך. מיר האָבן געדאַרפט פירן אונדזער אַגיטאַציע אויפן באָדן פון עקאָנאָמישן קאַמף, ד.ה. אין דער אַגיטאַציע פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען פון היינט, האָבן מיר געדאַרפט אַריינפלעכטן אויך עלע־מענטן פון פּאָליטיק. כדי דער אַרבעטער־קלאַס זאָל קענען קעמפן פאַר אַ העכערן לוין, אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג א.א.וו. מוז ער האָבן פרייהייט פון וואָרט, פרעסע, פאַרזאַמלונגען.

שפּעטער האָט מען מיט די אַרבעטער גערעדט וועגן דער וויזיע פון אַ באַפרייטער מענטשהייט, ווו אַלע וועלן זיין גלייך, ווו אַלע וועלן גלייך גע־ניסן פון דעם, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, און ווו יעדער מענטש וועט אויך האָבן אַ גלייכן צוטריט צו בילדונג. דאָס אַלץ איז באַצייכנט געוואָרן מיטן קורצן נאָמען — סאָציאַליזם.

אַז איך בין אריינגענומען געוואָרן אין דער „סכאָדקע", האָב איך דער־פילט אויף זיך אַ משא־כבדה. איך האָב געוווּסט, אַז איך דאַרף ווערן דער אַגיטאַטאָר, דער פּראָפּאַגאַנדיסט און אויפקלערער. צו יעדער „סכאָדקע" האָט דער קאָמיטעט פון „בונד" אַריינגעשיקט זיינעם אַ פאָרשטייער. ביי אונדז איז געווען דער פאָרשטייער איינער מיטן נאָמען: — „דער הויכער בערל". איך האָב זיך פאַר אים מתוודה געווען, אַז אַזאַ אויפגאַבע ווי ווערן אַן אַגיטאַטאָר — איז פאַר מיר צו שווער. עס קען זיין, אַז איך פאָרשטיי

שוין טאַקע אַ סך זאַכן, וואָס אַ פּשוטער אַרבעטער פאַרשטייט עס נאָך ניט, אָבער איך פיל, אַז איך וועל עס נאָך ניט קענען אַרויסברענגען, ווי עס באַדאַרף צו זיין. אויף דעם האָט מיר דער פאַרשטייער פון קאָמיטעט געענטפערט: — „דו מוזט טאָן צוויי זאַכן גלייכצייטיק — זיך אַליין לערנען און אין דער זעלבער צייט אַנדערע לערנען. מיר וועלן דיר אַריינשיקן אין אַ קרייז צווישן אַזעלכע חברים, וועלכע שטייען אין באַוווסט[illegible], גלייך מיט דיר, און דע[illegible] פירער [illegible] וועט [illegible] אייך לערנען די געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פאַרשיידענע לענדער און אויך פּראַקטישע אויפגאַבן פון אַ סאָציאַליסט. וועסט דאַרפן באַזוכן אָפטער פאַרזאַמלונגען.

און גלייך האָט ער מיך באַשטימט אין אַ קרייז, וועלכער וועט פאַרקומען אין אַ וואַלד. ער האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט אַ חבר, וואָס האָט שוין באַזוכט דעם קרייז, אויך אַ זאָקן־מאַכער — זיין נאָמען איז געווען נחמיה. אויף דעם ערשטן קרייז איז מיט מיר פאָרגעקומען אַ קוריאָז, פון וועלכן איך האָב זיך זייער פאַרשעמט: שבת פרי האָב איך אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, מיט דעם גאַרטעלע אַרומגעגאַרטלט, פון אויבן אַ פּאַלטן (אויבער מאַנטל). אין שטוב האָט דאָס געהייסן, אַז איך גיין אין קאַצקער שטיבל דאַוונען. איך בין געקומען אין וואַלד. דער קרייז איז באַשטאַנען פון צוועלף חברים. דער קרייז־פירער איז געווען, אַזוי האָט מען געזאָגט — בייניש מיכאַלעוויטש. דעמאָלט האָב איך נאָך ניט געוווסט, ווי ער הייסט, אָבער שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, ווער דאָס איז געווען.

האָט די זון גענומען שטאַרקער און שטאַרקער וואַרעמען. האָב איך דעם פּאַלטן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך און בין געבליבן זיצן אין דער זיידענער שבתדיקער קאַפּאָטע מיטן גאַרטל. עס איז געוואָרן אַ געלעכטער. איך האָב זיך שטאַרק פאַרשעמט און צוריק אָנגעטאָן דעם פּאַלטן. אָבער דעם קרייז האָב איך שוין באַזוכט רעגלמעסיק.

# אין קאָנסטאַנטינאָווער וואַלד אויף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג.

די פאַרזאַמלונג איז באַשטימט געווען אויף שבת צען אַזייגער אין דער פרי. זי איז זייער פאַרזיכטיק צוגעגרייט געוואָרן. די גאַנצע קאָנסטאַנטינאָווער גאַס ביז צום אָרט פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען אויסגעשטעלט מיט אַ בונדישער וואַך. איינער פון אַנדערן איז געווען אָפּגערוקט ביי אַ 20 מעטער. די שטאַרקע וואַך איז געווען צוליב צוויי אורזאַכן: ערשטנס, האָט איטלעכער פון די חברים, וואָס זענען געגאַנגען צו דער פאַרזאַמלונג, געמוזט וויסן דעם פּאַראָל — אַ ספּעציעל וואָרט, וואָס האָט באַוויזן, אַז דער פרעגער גייט צו דער פאַרזאַמלונג. לויטן פּאַראָל האָט מען אים דאַן געוויזן דעם וועג וווהין צו גיין. די צווייטע אויפגאַבע פון דער וואַך איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אויב ס'וועט אָנקומען פּאָליציי, זאָל מען באַוויזן דורך דער וואַך צו וויסן געבן, אַז פּאָליציי גרייט זיך צו באַפאַלן די פאַרזאַמלונג. איך בין געגאַנגען זייער פריילעך, אַזוי ווי אַ פרומער ייד גייט מיט חדווה צו עבודת הבורא.

אַז איך בין אָנגעקומען אויפן אָרט פון דער פאַרזאַמלונג, האָב איך געטראָפן עטלעכע הונדערט יינגלעך און מיידלעך אַרום אַ קרייז אויף דעם גראָז אונטערן שאָטן פון די ביימער פון וואַלד. די פּנימער האָבן אויסגעדריקט מוט און פריילעכקייט און גלייכצייטיק אַ טיפן ערנסט. באַלד האָט זיך אויפגעשטעלט אַ בחור און אָנגעהויבן רעדן. נאָר ס'האָט ניט לאַנג געדויערט. דער בחור האָט נאָך ניט באַוויזן אויסצורעדן קיין צען ווערטער איז געקומען צולויפן אַ חבר פון דער בונדישער וואַך און דערקלערט, אַז פּאָליציי און קאָזאַקן באַפאַלן דעם וואַלד. דער רעדנער האָט באַלד געגעבן אַ באַפעל, מען זאָל זיך פונאַנדערגיין אין פאַרשידענע זייטן. איך האָב זיך געלאָזט לויפן. ביים ברעג פון וואַלד האָבן מיך פּנים אל פּנים באַגעגנט עטלעכע קאָזאַקן אויף פערד און איינער פון זיי האָט מיר געגעבן אַ שמיר איבער דער באַק מיט זיין באַטעק. די קאָזאַקן האָבן געהאַט אַזעלכע באַטעקעס, וואָס דער עק זייערער איז געווען אָנגעפילט מיט אַ שטיק בליי. די באַק איז מיר פונם קלאַפּ צעשפּאָלטן געוואָרן און בלוט האָט זיך

אַ גאַס געטאָן מיט אַ שטראָם. איינער פון די קאָזאַקן איז אַראָפּ פון פערד,
מיך באַזוכט און געהייסן מיר פונאַנדערשפּיליען דעם פּאַלטן. דאָ האָט ער־
דערזען, ווי איך טראָג אַ זיידענע קאַפּאָטע, מיט אַ גאַרטל אַרום. אין קע־
שענע האָט ער געפונען אַ סידורל. ער האָט מיר מיטן באַטעק געגעבן נאָך
עטלעכע קלעפּ איבער דער פּלייצע און מיר געהייסן גיין. אין בין אַריין אין
ערשטן הויף, אָפּגעוואַשן זיך דאָס פּנים פונם בלוט, פאַרבונדן זיך די באַק
מיט אַ טאַשן־טיכל און אַוועק אַהיים.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין שטוב, איז שוין די גאַנצע משפּחה
געזעסן ביים טיש און געפּראַוועט די שבתדיקע סעודה. דער טאַטע האָט
צו מיר אַ זאָג געטאָן: „אפרים־אליעזר, דו האָסט היינט געדאַוונט מיטן
שפּעטסטן מנין"? אין דער פראַגע איז געלעגן איראָניע און צווייפל, צי
איך גיי איבערהויפּט צום דאַוונען. איך האָב גאָרניט געענטפערט, זיך גע־
וואַשן צום עסן און זיך אַוועקגעזעצט אויף מיין אָרט צום טיש. מיין אָרט
ביים טיש איז אַלע מאָל געווען ביי מיין טאַטנס רעכטער זייט. די מאַמע
ווידער האָט גלייך אַ פרעג געטאָן: „וואָס גייסטו עפּעס פאַרבונדן די באַק"?
איך האָב איר געענטפערט, אַז די ציין טוען מיר וויי. מיין מאַמע איז גע־
ווען זייער אַ ריִרעוודיקע. זי האָט באַלד אַרונטערגענומען פון מיר דאָס טי־
כעלע און דערזען די אויפגעשפּאָלטענע באַק. און צו מיר האָט זי געזאָגט:
„דו ליידסט אַזעלכע שרעקלעכע ציינווייטאָג, אַז די באַק איז אַזש אויפגע־
פּלאַצט?" אַלע ביים טיש האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געשוויגן. אויך
איך האָב געשוויגן.

# איך געפין חן ביי דעם „הויכן בערל".

וואָס הייסט: איך געפין חן? מיט וואָס? קיין שיינעם שטעל האָב איך ניט געהאַט — אַ קליין, דאַר, פאַרקנייטשט בחורל. קיין גרויסער למדן בין איך ניט געווען, ניט אין יידישע, ניט אין וועלטלעכע סאָציאַלע פראַגן. אָבער עס ווייזט אויס, אַז אויף דער זאַקנמאַכער־„סכאָדקע" האָט דער „הויכער בערל" באַקומען אַן איינדרוק, אַז איך שנייד זיך פאַר אַ טוער אין „בונד". איז אויסער דעם, וואָס איך בין געגאַנגען אין קרייז, האָט ער אויף מיר ספּע־ציעל אָפּגעגעבן אַ סך צייט. שפּעטער האָט ער מיר געראָטן, איך זאָל זיך לערנען רוסיש. „בונד" איז דאָך אַ יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס ווירקט אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד. אַ רעוואָלוציאָנער אין רוסלאַנד קען זיך ניט האַלטן אויף איין אָרט. דעריבער מוזטו קענען רוסיש". איך האָב עס פאַרשטאַנען, און ער האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיטן חבר אייכנער, וועלכער האָט דעמאָלט געלערנט אין דער זגערזשער האַנדלס־שול. אייכנער האָט עס מיר געדאַרפט שאַפן אַ לערער אויף רוסיש. אינגיכן האָט מיך אייכ־נער באַקאַנט מיט אַ שילער פון דער שול; זיין נאָמען איז געווען גוראַלסקי. דער לעצטער האָט מיר געהייסן קומען צו אים צוויי מאָל אין וואָך אין אָוונט. אַז איך בין אַריינגעקומען צו גוראַלסקין אין הויז, בין איך אַזש דער־שראָקן געוואָרן. עס האָט געבלענדט מיט רייכקייט. גוראַלסקי איז געווען דער זון פונם גרעסטן פּלוש־פאַבריקאַנט אין שטאָט. אָנשטאָט אָבער מיך צו לערנען רוסיש, האָבן מיר גאָר געפירט געשפּרעכן איבער פאַרשידענע סאָ־ציאַלע פראַגן. איך האָב אים פאַר קיין בונדיסט ניט געמאַכט, אָבער פאַר אַ סימפּאַטיקער האָב איך אים געוואונען. ער איז אַריין אין דער קאָמיסיע פון רויטן קרייץ ביים „בונד". דאָס איז געווען אַן אינסטיטוציע, וואָס פלעגט שאַפן געלט פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע און פאַרשיקטע.

איין מאָל איז דער הויכער בערל צו מיר צוגעשטאַנען: אַזוי ווי די „סכאָדקע" האָט באַשטימט אַ פאַרזאַמלונג פון די זאָקנמאַכער, זאָל איך אין ער זיין די רעדנער. איך האָב זיך ביי אים געבעטן: „ליבער חבר, ווי אַזוי

קען איך רעדן אויף א פאַרזאַמלונג? איך וועל דאָך ניט קענען צונויפבינדן א וואָרט מיט א וואָרט". אָבער בערל איז געבליבן ביי דעם זייניקן און מיט אים האָבן געשטימט אַלע מיטגלידער פון דער „סכאָדקע". באַשטימט איז פאַרפאַלן.

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אויף וואָלבאָרסקע 12, אין א קעלער איך האָב זיך אוועקגעשטעלט און אָנגעהויבן צו רעדן. דאָס גאַנצע לייב האָט מיר געברענט. איך בין געווען זיכער, אַז איך האָב באַקומען היץ. אין קאָפּ האָט מיר געשווינדלט. די אויגן האָב איך אַראָפּגעלאָזט און זיך געשעמט זיי אויפצוהייבן, איך זאָל זיך נישט צונויפטרעפן מיט די אויגן פון די צוהערער אָבער דער הויכער בערל האָט מיר שפּעטער געקלאַפּט אין פּלייצע און גע־זאָגט: „איר האָט זייער גוט גערעדט". איך בין געווען זיכער, אַז אינעווייניק אין זיך האָט ער געמוזט שמייכלען.

## צום ערשטן מאָל אין אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע פון „בונד".

די לאָדזשער בונדישע אָרגאַניזאַציע איז געוואַקסן אין דער טיף און אין דער ברייט. ווי עס איז באַקאַנט, איז לאָדזש געווען איינער פון די גרעסטע פאַבריק־צענטערס אין רוסלאַנד און דאָרט איז שנעל געוואַקסן אַ יידישער אַרבעטער־קלאַס. אין יענע יאָרן איז דער „בונד" געווען די איינציקע יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין פּוילן, ליטע און רוסלאַנד. דעם „בונדס" אַגיטאַציע האָט געווירקט. דאָס וועגן דאָך געווען ווערטער פון באַפרייאונג, פון אויסלייזונג, און דער יידישער אַרבעטס־מענטש איז דאָך געווען דער שפּלסטער פון דער אונטערדריקטער מענטשהייט, האָבן זיי, די יידישע אַרבעטער־מאַסן, זיך געצויגן צום „בונד". וואָס גרעסער די השפּעה פון „בונד" איז געוואַקסן, אַלץ ווילדער איז געוואָרן די באַציאונג פון דער פּאָליציי צו די יידישע אַרבעטער. מען האָט די אַרבעטער געכאַפּט אין די גאַסן און זיי געשלעפּט אין די „אוטשאַסטקעס" (פּאָליציי־באַצירקן), ווו מען האָט זיי געשלאָגן מכות־רצח. פיל זענען אַרויס פיזישע קאַליקעס און עס זענען אויך געווען פאַלן, ווען מען איז פון די קלעפּ געשטאָרבן.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש האָט געזען, אַז לענגער שווייגן קען מען נישט, אַז מען מוז אויפרודערן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג. די מיטלען דערצו זענען געווען צווייערליי: די סאָציאַליסטישע אומלעגאַלע פּרעסע, וואָס דער „בונד" האָט אויסגענוצט אין דער פולער מאָס, און דאָס צווייטע מיטל — עפנטלעכע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט באַשלאָסן דורכצופירן אין לאָדזש אַ גרויסע גאַסן־דעמאָנסטראַציע אַלס פּראָטעסט קעגן די רציחות, וואָס די פּאָליציי איז באַגאַנגען קעגן די אַרבעטער. דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף יוני 1903. איך האָב זיך געגרייט צו דער דעמאָנסטראַציע מיט צוויי געפילן: אַ געפיל פון אַ קעמפער קעגן ברוטאַליטעט און געוואַלד, אָבער אויך מיט אַ געפיל פון שרעק — ווער ווייסט, וואָס די פּאָליצייאישע בעסטיעס וועלן אָפּטאָן מיט אונז? די דעמאָנסטראַציע האָט געזאָלט דורכגעפירט ווערן איבער דער שענס־

טער און רייכסטער גאַס פון שטאָט — אויף פּיעטריקאָווסקי גאַס. אָבער די פּאָליציי האָט, ווייזט אויס, באַצייטנס זיך דערוווּסט, וואָס דער „בונד" גרייט צו, און די גאַנצע גאַס איז געוואָרן באַלאַגערט מיט פּאָליציי. ווי נאָר די אָנפירער פון דער דעמאָנסטראַציע האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי אַריבער־געפירט די מאַסן אויף וואָסקאַדניאַ גאַס. דאָ איז דער פאָנען־טרעגער אַראָפּ אין מיטן גאַס און מיט אַ הילכיקן „הוראַ" אַרויפגעצויגן די בונדישע רויטע פאָן. נאָך אים איז די גאַנצע מאַסע אַראָפּ אין מיטן גאַס און הויך אַרויס־געשריען איר צאָרן קעגן די פּייניקער און דעספּאָטן. אַזוי האָבן מיר מאַר־שירט ביי אַ 20 מינוט. באַלד האָבן זיך באַוויזן פּאָליציי און קאָזאַקן און מיט בלאַנקע שווערדן און קאָזאַקישע פּיקעס איז מען באַפאַלן די דעמאָנס־טראַנטן. די סטרוזשעס האָבן פאַרהאַקט די טויערן, מען זאָל זיך ניט קע־נען באַהאַלטן. דאָס האָט געגעבן דער פּאָליציי אַ מעגלעכקייט צו פאַר־וואַנדלען די דעמאָנסטראַציע אין אַ בלוט־באָד. געציילטע האָבן זיך אַרויס־געריסן פון דער פּאָליצייאישער פּאַסטקע. צווישן די געציילטע האָב איך זיך אויך געפונען.

איך האָב זיך פאַרקירעוועט אויף דער ווידזעווער גאַס נומ. 21, וווּ ס'איז געווען אַ געהער שטיבל. איך בין אַהין אַריין, גענומען אַ ספר און זיך אָוועקגעזעצט אַריינצוקוקן. אַריין בין איך גראָד אַהין, ווייל אַלע גאַסן אַרום זענען דורך דער פּאָליציי געווען באַלאַגערט. ווער עס איז איר ניט געפעלן געוואָרן, איז באַלד אַרעסטירט געוואָרן. אַזוי וואַרטנדיק אין געהער שטיבל און קוקנדיק אין ספר, האָבן מיינע אויגן לגמרי ניט געזען, וואָס דאָרט איז געשריבן. איך האָב אָבער אין דער פאָרשטעלונג געזען די הריגה, וואָס איז פאָרגעקומען אויף דער וואָסקאַדניאַ גאַס, ווי אַזוי פון די חברים האָט זיך געגאָסן בלוט און ווי מען האָט זיי מערדערלעך געשלאָגן, שלעפּנ־דיק זיי צום אַרעסט־הויז. שפּעטער, אַז אין גאַס איז שטילער געוואָרן, האָב איך זיך געלאָזט אַהיים. קומענדיק אַהיים, האָב איך אין שטוב אַלעמען גע־טראָפן מיט פאַרבלאַסטע פּנימער און שרעק אין די אויגן. דער טאַטע איז אין שטוב ניט געווען. מיין עלטערער ברודער, וואָס איז צו יענער צייט שוין געווען פאַרהייראַט, האָט מיך אָפּגערופן אָן אַ זייט און מיר געזאָגט: „אפרים־אליעזר, קום צו מיר שלאָפן, ווייל ווען דער טאַטע וועט אַהיים קו־מען, וועט ער שרייען אויף דיר. דאַרפסט ניט פאַרגעסן, אַז די יידן זענען זייער פאַרביטערט קעגן דעם אַרויסטריט פון דער „אחדות" (אַזוי האָט מען אין יענער צייט גערופן די בונדיסטן אין לאָדזש). איך האָב געפאָלגט מיין ברודער און האָב אַזוי אַרום פאַרמיטן אַ מחלוקה מיטן טאַטן.

# מיין ערשטער אַרעסט.

דאָס האָט פּאַסירט אין אַן אָוונט אין מערץ פון 1904. איך בין געקו־מען פון אַ זיצונג שפּעטלעך. אַלע אין דער היים זענען שוין געשלאָפן, מער נית דער טאַטע איז נאָך געווען אין שטיבל אויף אַ סיום. איך האָב זיך געלייגט און בין באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן. אין מיטן דער נאַכט האָט מען מיך אויפגעוועקט פון שלאָף. איך האָב געעפנט די אויגן און דערזען די מאַמע שטיין ביי מיין געלעגער. זי האָט צו מיר שטילערהייט גערעדט: „אפרים־אליעזר, די פּאָליציי קלאַפּט אין טיר... מען קומט געווים נאָך דיר... האָסט עפּעס טריפהנע זאַכן ביי זיך?"

אין ערשטן אויגנבליק האָב איך קלאָר נית פאַרשטאַנען, וואָס די מאַ־מע רעדט צו מיר, אָבער ווען זי איז שוין געגאַנגען עפענען די טיר, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו איר: „מאַמע, ביי מיר אין מאַנטל האָב איך דריי נית דערלויבטע בראָשורן, נעם זיי גלייך אַרויס!" די מאַמע האָט די ביכלעך גלייך אַרויסגענומען. „אָבער וווּ זאָל איך זיי אַהינטאָן?" — האָט זי גע־פרעגט אַ פאַרצווייפלטע. נאָר באַלד האָט זי זיך געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן די ביכלעך אין פּאַמעשאַף אַריין. קיין טואַלעט־צימער איז ביי אונז אין ווינונג נית געווען. וואָס ווייטער, האָט די פּאָליציי גענומען קלאַפּן אין טיר אַלץ שטורמישער. די מאַמע האָט דאַן געעפנט די טיר און עס האָבן זיך, ווי אַ וויכער, אַריינגעלאָזט זשאַנדאַרמען, פּאָליציי און אַ שפּיצל — צוזאַ־מען אַכט מאַן. איינער פון די זשאַנדאַרמען האָט גלייך אַ פרעג געטאָן: „ווער הייסט דאָ ביי אייך אפרים־אליעזר?" די מאַמע האָט אָנגעוויזן אויף מיר. דער זשאַנדאַרם האָט דאַן מיר באַפוילן זיך אָנצוטאָן. איך האָב געענטפערט מיט אַ ציטערדיקער שטימע, אַז איך פיל זיך קראַנק. אויף דעם האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז אין טורמע געפינט זיך אַ האָספּיטאַל. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דעם באַפעל אויסגעפירט. גלייכצייטיק האָט די פּאָליציי דורכגעפירט אַ הויז־זוכונג, ווי עס באַדאַרף צו זיין. אַלע האָבן געמוזט אויפשטיין. מען האָט גענישטערט און געזוכט אין די געלעגערס, אין די שאַנקען און שופלאָדן, אין די קעשענעס פון אַלעמענס מלבושים. די מאַמע

מיינע האָט זיך אָן אומרואיקע אַרומגעדרייט אין שטוב. ווען זי האָט דערזען, אַז מען זוכט אַזוי שטאַרק, האָט זי זיך געשראָקן, טאָמער זוכן זיי אין פּאָ־מעשאַף אויך, און זי איז געפאַלן אויף פּאָלגנדיקער המצאה: זי האָט זיך גע־ווענדעט צום וואַך־פּאָליציאַנט, אַז מען זאָל איר דערלויבן אַרויסגיסן דאָס אומריינע וואַסער. דער פּאָליציאַנט האָט לכתחילה אָפּגעזאָגט, די מאַמע אָבער האָט נישט אויפגעהערט אים צו בעטן, דערביי האָט זי אָנגעוויזן, אַז פון פּאָמעשאַף הערט זיך אַ נישט אָנגענעמער ריח. ענדלעך האָט דער פּאָליציאַנט איינגעשטימט און אַ זאָג געטאָן קום. די מאַמע האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאָ־מעשאַף און דער פּאָליציאַנט נאָך איר. זי האָט אויסגעגאָסן אין אַ גרוב אויפן הויף דאָס אומריינע וואַסער צוזאַמען מיט די געפערלעכע בלעטלעך און דער־נאָך האָט זי אויסגעוואַשן דעם קיבעל ביים ברונעם. ווען זי איז אַריינגעקו־מען צוריק אין שטוב, האָט אַ מאַמישער שמייכל געשיינט אויף איר פּנים און זי האָט אַ מורמל געטאָן צו אונזער עלטערער שוועסטער: „אייער מאַמע האָט שכל". ווען זיי האָבן געענדיקט די הויז־זוכונג, האָבן זיי צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל און איך האָב זיך אונטערגעשריבן. נאָך אַלעמען האָט דער עלטערער זשאַנדאַרם צו מיר אַ זאָג געטאָן: „קום מיט אונז!"

שווער צו באַשרייבן, ווי איך האָב זיך דאַן געפילט. אין דער שטילקייט פון אַ פינסטערער נאַכט, איינער אַליין, אַרומגערינגלט פון אַזוי פיל פּאָליציי, — ווער ווייסט, וואָס זיי קענען מיר דאָ טאָן? האָב איך אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמע: „מאַמע, קום מיט מיר מיט". איינער פון די פּאָליציי־לייט האָט וואַרשיינלעך פאַרשטאַנען יידיש און ער האָט מיר שאַרף באַמערקט: „מיר זענען געקומען נאָך דיר אַליין און דו וועסט מיט אונז גיין. מער קיינער נישט". איך האָב געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און בין מיט זיי אַרויס פון שטוב.

מען האָט מיך געפירט גלייך אין דער טורמע, וואָס האָט זיך געפונען אויף דלוגע גאַס. דער טויער האָט זיך ברייט געעפנט און דאָרט איז מיר גע־וואָרן אַביסל פריילעכער. אין טויער האָב איך שוין געטראָפן עטלעכע צענדליק אַקטיווע טוער פון „בונד". זיי האָבן אַלע אויסגעדריקט פאַרוווּנ־דערונג, וואָס מען האָט מיך אַרעסטירט. איטלעכער פון זיי האָט שוין הינטער זיך געהאַט אַ גרויסן סטאַזש אין דער באַוועגונג און זייער אַרעסט

איז געווען פאַרשטענדלעך, אָבער איך?

מען האָט יעדן איינציקן פאַרשריבן און אַריינגעשיקט אין אַ צעל. סך־הכל זענען געווען אַרעסטירטע 127 פּערזאָן, פון זיי 67 מיטגלידער פון „בונד” און 60 קריסטן — מיטגלידער פון פּ.פּ.ס. און פון ס.ד.ק.פּ.ל.

באַלד אויף דער צווייטער נאַכט, טאַקע אויך אין מיטן דער נאַכט, האָט מען אַלעמען געהייסן זיך אָנטאָן און נעמען מיט זיך די זאַכן. מען האָט יעדן איינציקן ווידער פאַרשריבן. דער טויער האָט זיך ווידער ברייט געעפנט. די גאַס איז געווען פול מיט פּאָליציי, פּוסגייער און קאָזאַקן אויף פערד. מען האָט אונז אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי. אַרום און אַרום האָט אונז געהיט פּאָליציי. דער נאַטשאַלניק פון טורמע איז אַרויסגעקומען, אָנגעציילט וויפל מיר זענען און דאַן געגעבן אַ באַפעל אָפּצומאַרשירן. קיינער פון אונז האָט נישט געוווּסט, וווּ מען פירט אונז, אָבער אין וועג האָבן מיר דערזען, אַז מען פירט אונז צום קאַלישער וואָקזאַל. אַז מיר זענען אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע, האָבן מיר נאָך לאַנג געוואַרט אויפן צוג. מיר זענען אַלץ געשטאַנען אַרומגערינגלט פון פּאָליציי, וועלכע האָבן אונז שטאַרק געהיט. ווען דער צוג איז ענדלעך אָנגעקומען, זענען מיר אַריין אין באַזונדערע וואַגאָנען, נישט צוזאַמען מיט די ציווילע פּאַסאַזשירן. אין די וואַגאָנען האָבן מיר שוין געקענט רעדן צווישן זיך. מיר האָבן געפּרוּווט טרעפן, וווּהין מען פירט אונז: קיין שעראַדזש אָדער קאַליש. און ווען דער צוג איז פאַרביי־געגאַנגען שעראַדזש, איז שוין פאַר אונז קלאָר געווען, אַז מיר פאָרן קיין קאַליש.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין קאַליש, האָט זיך ווידער איבערגעחזרט די זעלבע פּראָצעדור. מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין רייען און געציילט. דאַן האָבן מיר מאַרשירט צו דער טורמע. ווען מיר האָבן דערזען די געביידע פון דער קאַלישער טורמע, איז אונז געווען נישט שטאַרק פריילעך אויפן האַרצן. דער סילועט פון הויכן מויער האָט אויסגעזען ווי אַ דיקע מיטל־אַלטערלעכע פעסטונג. פענסטערלעך — קליינע און שמאָלע, וואָס האָבן געמאַכט אַן איינדרוק ווי שפּאַלטן אינעם דיקן מויער. ווען מען האָט אונדז אַריינ־געפירט אין טורמע, האָבן מיר זיך געפונען אין אַן אומגעהייער גרויסן, טונקעלן קאָרידאָר. אין מיטן קאָרידאָר איז אויף אַ פּעדעסטאַל געשטאַנען די סטאַטוע פון יעזוס קריסטוס, אויסגעגאָסן פון בראָנז. די טורמע איז באַ־שטאַנען פון דריי שטאָק. אויף איטלעכן שטאָק האָבן זיך געפונען פערציק צעלן און דער קאָרידאָר אונטן האָט אויך געהאַט פערציק צעלן. די פּאָדלאָגע איז געווען אַ שטיינערנע. די באַלקאָנען און די טרעפּ — אייזערנע. אַלץ איז

געווען געפּאַרבט אין שוואַרץ, אָבער עס האָט געגלאַנצט.

יעדער איז אַריין אין קאַנצעלאַריע פון טורמע, ווו מען האָט אָראָפּגענו־מען און פאַרשריבן אַלע זיינע פּערסאָנאַליען, ביי איטלעכן פאַרצייכנט, אין וועלכער קאַמער (צעל) ער וועט זיצן אַאז״וו. איך בין אַריין אין אַ צעל מיט נאָך צוויי פּאָליאַקן.

דער אויסזען פון דער צעל, וווהין מען האָט מיך אַריינגעשפּאַרט, איז געווען זייער דערדריקנדיק, קליין און ענג. די צעלן זענען געווען געבויט פאַר איינציקע אַרעסטאַנטן („אָדינאָטשניע״). אָבער זייער הויך זענען געווען די צעלן. דאָס פענצטערל איז געווען נעבן באַלקן. כדי צוצוקומען צום פענצ־טער האָבן זיך צוויי הויכע מענטשן באַדאַרפט שטעלן איינער אויפן צווייטן. אין יעדער צעל איז געווען איינגעמויערט אין וואַנט אַ קליין טישעלע נאָר פאַר איין מענטשן צו עסן דערויף. אין וואַנט איז געווען איינגעמויערט אַ קליין בענקעלע פאַר איין פּערזאָן און אין דער פּאָדלאָגע איז געווען איינגעמויערט אַ קובעל מיט אַן אייזערנער דעק פאַרן אַרעסטאַנטס מענטשלעכן געברויך. אין וואַנט זענען אויך געווען איינגעמויערט צוויי לאַנגע, רונדיקע, אייזערנע שטאַנגען, אויף וועלכע ס׳איז געווען אַרויפגעצויגן אַ זאַק. דאָס איז געווען דאָס בעט צום שלאָפן. די פּאָדלאָגעס אין די צעלן זענען געווען שטיינערנע, קאַלטע. בלויז איינעם פון אונז דריי איז אויסגעקומען צו שלאָפן אויף דעם אַזוי גערופענעם בעט און די איבעריקע צוויי האָבן געמוזט שלאָפן אויף דער ערד. צוליב דעם צוועק האָבן די צוויי באַקומען שטרוי־זעק — „סעניקעס״. עסן פלעגט מען אונז געבן דריי מאָל אַ טאָג. אין דער פרי האָבן מיר געקראָגן קאַווע אָדער זויערן באָרשטש מיט אַ פּייקע ברויט, וואָס האָט געוווויגן אַנ־דערטהאַלבן פונט. צוועלף אַזייגער האָט מען געגעבן מיטיק. אין אָוונט אויך אַ געקאָכטע זופּ. שפּאַצירן האָט מען אונז געפירט איבערן הויף יעדן טאָג אַ האַלבע שעה. אויפן שפּאַציר האָבן אונז געהיט זעלנער, די אַזוי גערופע־נע „וואָלינצעס״. דאָס איז געווען זייער אַ ביטערע חברה. טאָמער האָבן זיי באַמערקט, אַז איינער פּרוווט רעדן צום צווייטן, האָבן זיי אים באַלד דער־לאַנגט מיט פּריקלאַד פון ביקס, אַז דער אַרעסטאַנט האָט שוין נישט געזען די וועלט פאַר זיך. קיין ליכט אין קאַמער האָבן מיר נישט געהאַט. קיין ביי־כער צום לייענען האָבן מיר נישט באַקומען. קיין שרייב־מאַטעריאַלן אויך נישט. ס׳איז אונז געווען זייער ביטער. און אַזוי האָבן זיך געשלעפּט און געצויגן די גרויע טעג און די פינצטערע נעכט. איטלעכער האָט ביי זיך גע־טראַכט, אַז מען מוז עפּעס טאָן קעגן אַזאַ ברוטאַלער באַהאַנדלונג, אָבער מיר האָבן געוואַרט, ביז מיר וועלן האָבן דעם ערשטן פאַרהער. אָט אַזוי זענען

פאַרביי גאַנצע פיר וואָכן, ביז דער נאַטשאַלניק פון דער זשאַנדאַרמעריע איז געקומען.

דערווייל האָט מען מיך איין טאָג אַראָפּגערופן אין קאַנצעלאַריע פון טורמע און מיר איבערגעגעבן אַ פּעקל, וואָס מיינע עלטערן האָבן מיר צוגע־שיקט. איך האָב עס אַרויפגענומען צו זיך אין קאַמער און אויפגעפּאַקט. דאָרט איז געווען וועש, שפּייז און דער טאַטע האָט אויך ניט פאַרגעסן אַריינ־צולייגן מיינע תפילין; ער האָט נישט געקענט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז זיין אפרים־אליעזר זאָל האָבן אויפגעהערט דאַווענען. די תפילין האָבן מיר דע־מאָלט פאַרשאַפט אַביסל יידישן וויטיק. די צוויי קריסטן, וואָס זענען מיט מיר געזעסן אין קאַמער, האָבן זיך אָנגעמאָסטן די תפילין. זענען זיי דאָך אָבער געווען גוים, האָבן זיי אָנגעטאָן דעם של־יד אויפן קאָפּ און דעם של־ראש אויף דער האַנט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי שפּאָטן אָפּ, אָבער איך בין דאָך געווען אַ סאָציאַליסט און פאַרשטייט זיך, אַ פריידענ־קער — האָב איך זיך געשעמט זיי עפּעס צו זאָגן און אין דער שטיל איבער־געלעבט אַ גרויסן וויטיק. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיינע צוויי שכנים פון צעל האָבן דאַן באַמערקט, אַז איך לעב עפּעס איבער. האָבן זיי אויסגעטאָן די תפילין און מיר גלייך צוריקגעגעבן. איך האָב די תפילין גע־היט די גאַנצע צייט.

פּונקט צום חודש איז געקומען דער זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק און די אויספאָרשונגען האָבן זיך אָנגעהויבן. אין איינעם אַ מיטן־דער־נאַכט, ווען מיר אַלע זענען שוין לאַנג אין טורמע געשלאָפן, האָבן מיר פּלוצים דערהערט די שווערע פּאָליציייאישע שטיוול קלאַפּן איבערן אייזערנעם קאָרידאָר. אונ־זער טיר האָט זיך אויפגעשלאָסן מיט אַ גרויס געפּילדער און דער „קלוטש־ניק" (וואָס האַלט די שליסלען) האָט אַ געשריי געטאָן: „אפרים־אליעזר זעל־מאַנאָוויטש איז דאָ?" — איך האָב געענטפערט: „יאָ!" „קום מיט מיר!" — האָט ער דאַן באַפוילן. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין קאַנצעלאַריע. איך בין אַריינגעקומען אין אַ צימער, וואָס איז געווען טונקל באַלויכטן. ביים שרייב־טיש זענען געזעסן פון איין זייט דער זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק און פון דער צווייטער — דער פּראָקוראָר. דער זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק האָט אָנגעפאַנגען די אויספאָרשונג. צום אָנהייב זענען געגאַנגען די פאָרמאַלי־טעטן: ווען און ווו געבוירן, מיין באַשעפטיקונג אאז"וו. דאַן איז געקומען די ערשטע פראַגע: צי איך געהער צום „בונד"? איך האָב געענטפערט אויף יידיש: ניין! דער נאַטשאַלניק איז געוואָרן אָנגעצונדן. דעם רעוואָלווער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, האָט ער גענומען אין האַנט און אויסגעשריען: „קיין

רוסיש האָסטו קיין צייט נישט געהאַט צו לערנען, אָבער רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, — צו דעם האָסטו יאָ צייט געהאַט". איך בין געוואָרן אַ צעטומל־טער. ס'האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן. איך האָב אָבער גאָר נישט געענטפערט. האָט אָנגעפאַנגען צו רעדן דער פּראָקוראָר. ער האָט גע־רעדט צו מיר אויף דייטש. ער האָט מיך באַרואיקט און דאַן איבערגענומען דאָס אויספרעגן. פון די פראַגן, וואָס ער האָט אויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן געוווּסט וועגן אַלץ. זיי האָבן געוווּסט, וועלכע בראָשורן איך האָב געלייענט, וועלכע נומערן פון דער אַמעריקאַנער „צוקונפט" איך האָב געהאַט; זיי האָבן געוווּסט אויף וועלכע פאַרזאַמלונגען איך האָב זיך באַטייליקט און אויף וועלכע פאַרזאַמלונגען איך בין אַרויס־געטראָטן מיט רעדעס. איך האָב אויף אַלץ געהאַט דעם איין איינציקן ענט־פער: — ניין!. די אויספאָרשונג האָט געדויערט העכער ווי צוויי שעה. דאַן האָט מען מיך צוריקגעשיקט אין צעל.

דערווייל האָט זיך אָנגערוקט דער פּסח און מען האָט געשמועסט אין טורמע, אַז פּסח וועט זיין אַ באַזונדערע יידישע יום־טובדיקע קיך, ווו די יידישע אַרעסטאַנטן וועלן אַליין קאָכן. דערהערנדיק די נייעס, האָבן מיר צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז דאָס וועט זיין די פּאַסיקע געלעגנהייט זיך צו־נויפרעדן, צו אָרגאַניזירן אַ הונגער־שטרייק. אַרויסצושטעלן פאָדערונגען דעם נאַטשאַלניק און דער טורמע־אַדמיניסטראַציע.

פּסח איז טאַקע אַזאַ קיך געשאַפן געוואָרן און מיר, די פּאָליטישע אַרעס־טאַנטן, האָבן זיך באַטייליקט אין דער קיך־אַרבעט און ביי דער געלעגנהייט אָפּגעהאַלטן געהיימע באַראַטונגען צווישן זיך. מיר האָבן דאַן באַשלאָסן, אַז דעם זיבעטן טאָג פּסח זאָלן מיר אָנהייבן אַ הונגער־שטרייק. פאַרשטייט זיך, אַז דער באַשלוס פאַר אַ הונגער־שטרייק האָבן מיר אָנגענומען מיט דער פּו־לער הסכמה פון די פּוילישע פּאָליטישע אַרעסטירטע. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע פון דריי (קאַלעצקי, קאָקאָטשינסקי פון די בונדיסטן, איינער פון די ס.ד.ק.פּ., וועמענס נאָמען איך געדענק נישט) אויף אויסצואַרבעטן די פאָדערונגען. די פאָדערונגען זענען געווען די פאָלגנדיקע:

1) מען זאָל אונז נעמען אויף שפּאַציר צוויי מאָל אין טאָג און יעדעס מאָל זאָל דער שפּאַציר געדויערן נישט ווייניקער ווי אַ שעה; 2) אויפן שפּאַ־ציר איבערן טורמע־הויף זאָל אונז היטן קיין זעלנער, נאָר טורמע־פּאָ־ליציאַנטן; 3) מען זאָל אונז געבן באַלייכטונג אין די צעלן ביז צען אַזייגער ביינאַכט; 4) שאַפן פאַר אונז אַ ביבליאָטעק; 5) מיר זאָלן אין צעל באַקו־מען פּאַפּיר, טינט און פעדער; 6) מען זאָל איינאָרדענען פאַר אונז אַן איינגע־

נע קיך, ווו מיר זאָלן זיך אַליין באַדינען; 7) מען זאָל אונז געבן אַ סעניק (שטרוי־זאַק) אויף דער נאַרע; 8) מיר זאָלן נישט דאַרפן טאָן די מענטשלעכע נעבראויכן אין דער צעל.

די אויסגעקליבענע דריי חברים האָבן די פאָדערונגען דערלאַנגט דעם נאַטשאַלניק פון טורמע. דער נאַטשאַלניק האָט זיך פון דעם אויסגעלאַכט. דעם זיבעטן טאָג פסח, ווען דער שליסער האָט געעפנט די טיר און אַריינגעטראָגן אונזער פרישטיק, האָבן מיר אַרויסגעוואָרפן דאָס גאַנצע עסנוואַרג, וואָס מיר האָבן געהאַט. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז יעדערער פון די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן האָט געהאַט קרובים אויף דער פריי, וועלכע האָבן זיי געשיקט קליידער און פון צייט צו צייט שפּייז־פּעקלעך.

די אַדמיניסטראַציע פון טורמע האָט געפּרוווט איינשטעלן אָרדענונג. קיין שום צוואַנג אָדער טעראָר־מיטלען האָט מען נישט גענוצט. דריי מאָל אין טאָג פלעגט מען ברענגען דאָס עסן, און ווען מיר האָבן זיך יעדער מאָל אָפּגעזאָגט צו נעמען, זענען די וועכטער אַוועק. אויך פון דעם שפּאַציר האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט. עס זענען געווען חברים, וואָס האָבן דורכגעטראָגן דעם הונגער נישט באַזונדערס שווער, אַנדערע — זייער שווער. איך אַליין, צום ביישפּיל, האָבן אויפן דריטן טאָג פון דעם הונגער־שטרייק שוין נישט געקענט שטיין אויף די פיס. יעדע צוויי שעה איז צו מיר געקומען דער דאָקטאָר זען, וואָס איך מאַך. ער האָט זיך ביי מיר געבעטן נעמען כאָטש אַ האַלבע גלאָז מילך. „ביסט דאָך יונג — האָט ער צו מיר געטענהט — דאַרפסט נאָך לעבן". אָבער איך האָב קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן זיין פאָרשלאָג. און אַזוי האָבן זיך פאַרהאַלטן אַלע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן.

אויפן פערטן טאָג פון שטרייק האָט דער נאַטשאַלניק פון טורמע גערופן אונזערע אויסגעוויילטע דעלעגאַטן. ווען זיי זענען געקומען אין קאַנצעלאַריע פון דער טורמע, האָבן זיי דאָרטן אויך געטראָפן דעם קאַלישער גובערנאַטאָר, און מען האָט אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען מיט זיי.

די מאַכט האָט געוואָלט אַן אויפקלערונג וועגן אונזערע פאָדערונגען צו זיי און אונזערע דעלעגאַטן האָבן פּונקט נאָך פּונקט דערקלערט. פּונקט איינס — צוויי שעה אין טאָג שפּאַצירן. איר ווייסט — האָבן די דעלעגאַטן דערקלערט — וואָס פאַר אַ טורמע עס איז די קאַלישער, די דיקע ווענט, קליינע פענצטערלעך, שטיינערנער דיל. מיר ווילן נישט אַרויסגיין קיין קראַנקע אינוואַלידן. פּונקט צוויי: אויפן שפּאַציר (איבערן הויף פון טורמע) זאָלן אונז היטן נישט קיין זעלנער, נאָר די געוויינטלעכע טורמע־פּאָליציי. די זעלנער ווערן געבראַכט פון ווייטע מקומות און די „וואָלינצעס" זענען דער ערגס־

טער, ברוטאַלסטער עלעמענט פון דעם רוסישן מיליטער. די טורמע־פּאָליציאַנטן ווײַנען אין די זעלביקע געגנטן, וווּ די עלטערן פון די אַרעסטירטע ווײַנען, זיי טרעפן זיך און קומען אין פאַרקער מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אַזוי אַז נישט ווילנדיק מוזן זיי זאָרגן, מען זאָל אויף זיי קוקן נישט ווי אויף קיין הענקער. דער פּונקט וועגן אַ ביבליאָטעק: מיר זענען פּאָליטישע אַרעסטירטע, מיר האָבן אַלעמאָל געפירט אַ גײַסטיק לעבן, דאָס פעלט אונדז פּונקט ווי ברויט, מיר מוזן האָבן אַ בוך צום לייענען. אַזוי האָבן אונדזערע דעלעגאַטן אויפגעקלערט פּונקט נאָך פּונקט.

דער נאַטשאַלניק פון טורמע און דער גובערנאַטאָר האָבן פון אָנפאַנג גערעדט מיט כעס און געמיט זיך צו מאַכן דעם אײַנדרוק, אַז זיי קענען זייער גרינג אונטערדריקן דעם הונגער־שטרײַק, מער נישט זיי ווילן נישט אָנווענדן קיין גוואַלד־מיטלען. ביסלעכווײַז אָבער זענען זיי אַריבערגעגאַנגען אויף אַ ווייכערן טאָן: „מיר קענען אויך נישט צוקוקן, ווי מענטשן גייען אויס פאַמעלעך". אאַז"וו.

סוף כל סוף, נאָך אַלע רייד — בייזע און האַרטע און נאַכגיביקע — האָט די אַדמיניסטראַציע נאָכגעגעבן אַלע פאָדערונגען פון די אַרעסטירטע, אויסער דעם איינציקן פּונקט וועגן שרייב־מאַטעריאַלן אין די צעלן.

באַלד האָט מען אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע צו וויסן געגעבן, אַז דער שטרײַק איז געווונען. די דעלעגאַטן האָבן באַפוילן, שרעקנדיק זיך, אַז די חברים זאָלן נישט קראַנק ווערן נאָך אַזאַ לאַנגן הונגער, אַז קיינער זאָל דערווײַל נישט עסן. עס איז געווען אין אָוונט און זיי, די דעלעגאַטן אונדזערע, וועלן געפירט ווערן פון דער טורמע־פּאָליציי אין שטאָט אַרײַן, וווּ זיי וועלן קויפן זעמל מיט מילך; דאָס וועט פאַרן ערשטן אָוונט, נאָך די שרעקלעכע פיר טעג, זײַן גענוג. די פרייד מיטן אָפּגעהאַלטענעם נצחון איז געווען אומגעהייער גרויס. דער ווערט פון דעם זיג האָט זיך אַרויסגעוויזן ערשט אין די שפּעטערדיקע וואָכן.

# מיר זענען פֿריי אין טורמע.

די אַדמיניסטראַציע פֿון טורמע האָט זיך אינגאַנצן פֿאַרלאָרן נאָך אונזער אָפּגעהאַלטענעם זיג. דער נאַטשאַלניק האָט צונויפֿגערופֿן אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע און פֿאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן אויסקלייבן אונזערע אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אָנפֿירן מיט אונזער קיך. די אַדמיניסטראַציע האָט אונז געגעבן אַזוי פֿיל געלט, וויפֿיל עס האָבן אויסגעמאַכט די אויסגאַבן פֿונם עסן פֿאַר יעדן אַרעסטאַנט אויף יעדן טאָג.

די קאָמיסיע האָט זיך גענומען ענערגיש צו דער אַרבעט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איטלעכער פּאָליטישער אַרעסטירטער זאָל פֿון זיין זייט צולייגן אַ באַשטימטע סומע, כּדי דאָס עסן זאָל זיין בעסער און מען זאָל יעדן טאָג קריגן פֿלייש. די יעניקע פֿון די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וועלכע האָבן קיין געלט צו דערצאָלן נישט געהאַט, האָט די קאָמיסיע באַפֿרייט פֿונם צולייג און האָט פֿאַר זיי גענומען אַ גרעסערן אָפּצאָל פֿון די מער פֿאַרמעגלעכע אַרעסטירטע. די קיך איז געפֿירט געוואָרן דורך אונז אַזוי, אַז דאָס עסן איז געווען ווירקלעך היגיעניש און געשמאַק. די קאָמיסיע האָט אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע. זעקס אין דער פֿרי פֿלעגט מען עפֿענען אונזערע צעלן און מיר זענען געווען אַ גאַנצן טאָג באַשעפֿטיקט. דער שפּאַציר האָט געדאַרפֿט פֿאַרנעמען צוויי שעה יעדן טאָג, אָבער מיר האָבן דאָס נישט נויטיק געהאַט, ווייל מיר זענען געווען אַ גאַנצן טאָג פֿריי. געוויינטלעך פֿלעגט זעקס אַזייגער אין אָוונט פֿאָרקומען די ציילונג אין טורמע און דאַן פֿלעגט מען אונז פֿאַרשליסן יעדן אין זיין צעל. אָבער נאָכן הונגער־שטרייק האָבן די שליסערס אונז דערלויבט צו גיין פֿון איין צעל אין דער צווייטער ביז צען אַזייגער אין אָוונט, דאָס הייסט אַזוי שפּעט ווי עס מעג נאָך זיין ליכטיק אין די קאַמערן. מיר האָבן דאָס אויסגענוצט אויף צוזאַמענצוקומען זיך צו פֿיר אָדער זעקס חברים אין אַ צעל, צוזאַמען לייענען, דיסקוטירן פֿאַרשידענע פֿראַגן, שפּילן דאַמקע און שאַך, געמאַכטע פֿון ברויט, געזונגען לידער מיט שטילע טענער אאַז"וו. ערשט צען אַזייגער אין אָוונט

פלעגט זיך איטלעכער גיין אין זיין צעל. מיט איין וואָרט — מיר האָבן נישט געפילט, אז מיר האָבן איבער זיך א טורמע־רעזשים.

אזוי איז דאָס לעבן געלאָפן אין קאַלישער טורמע — איין וואָך נאָך דער אנדערער. צו די דריי מאַנאַטן איז ווידער געקומען דער זשאַנדראַמסקי נאַטשאַלניק און ווידער בין איך גערופן געוואָרן אויף א פאַרהער. ווייטער האָט מען מיר איבערגעלייענט פון א פּאַפּיר די אַלע חטאים, וואָס מען האָט מיר געהאַט אויסגערעכנט ביים פריערדיקן פאַרהער. צום סוף האָט מיך דער זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק געפרעגט: „וואָס האָסטו צו זאָגן וועגן דעם?" אויף דעם איז געקומען מיין קאַטעגאָרישער ענטפער, אז איך וועל גאָרנישט זאָגן, ווייל שוין ביים ערשטן פאַרהער האָב איך געענטפערט מיט איין וואָרט: ניין.

דער זשאַנראַמסקי נאַטשאַלניק איז געוואָרן זייער אויפגערעגט, אָבער ער האָט אויף מיר מער נישט געשריען. אַנשטאָט דעם האָט ער זייער האַסטיק געדריקט דאָס עלעקטרישע גלעקל און עס האָט זיך באַוויזן דער שליסער. דער זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק האָט אים באַפוילן: פון היינט אָן דאַרף אפרים־אליעזר זעלמאַנאָוויטש זיצן אין אַן איינצל־קאַמער (אָדינאָטשקאַ), און פיר אים גלייך אוועק אהין.

די נייע פאַראָרדענונג האָט אויף מיר נישט זייער שלעכט געווירקט, ווייל גאַנצע טעג זענען די קאַמערן געווען אָפן. מיר איז אויסגעקומען בלויז צו נעכטיקן אליין. נאָכן פאַרהער איז די ווייט גרעסטע צאָל פּאָליטישע אַרעסטירטע (הונדערט) באַפרייט געוואָרן. סך־הכל זענען געבליבן אין טורמע בלויז 27 פּאָליטישע. די באַפרייאונג פון דער גרעסטער צאָל חברים איז פאַר אונז געווען א גרויסע פרייד, אָבער גלייכצייטיק אויך א גרויסער ווייטיק (ווייל מיר זענען נאָך אַלץ געבליבן הינטער די אייזערנע גראַטעס). דאָס לעבן איז ווייטער געגאַנגען אינם איינגעשטעלטן סדר און אזוי האָט זיך דאָס געצויגן זעקס מאָנאַטן. קיין פאַרהער האָבן מיר מער נישט געהאַט.

# אומדערוואַרט ברעכט ווידער אויס אַ הונגער-שטרייק.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען אַלע אַרעסטאַנטן האָבן זיך שוין געפּוגעט אין די צעלן, האָבן מיר פּלוצלונג דערהערט אַ געשריי: „מען האָט מיך אַרייגעזעצט אין קאַרצער, שווייגט נישט!" מיר האָבן גאָרנישט געקלערט און גלייך האָבן זיך גענומען טראָגן פון די צעלן געשרייען: „באַפרייט פון קאַרצער!" אַזוי ווי די אַדמיניסטראַציע האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק, האָבן מיר אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין די טירן. דער נאַטשאַלניק מיט דער גאַנצער טורמע-פּאָליציי זענען געקומען צו לויפן און געשריען, מיר זאָלן זיך באַרואיקן. מיר האָבן זיי אָבער נישט געהאָרכט. דער נאַטשאַלניק האָט דאַן אונז געדראָט מיט שיסן. דעמאָלט האָבן אַלע אַרעסטאַנטן, פּאָליטישע ווי קרימינעלע, אַראָפּגעריסן די אייזערנע דעקלעך פון די קובעלס און אָנגעהויבן זעצן אין די טירן. פון די מוראַדיקע קלעפּ האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע טורמע-געבוידע האַלט ביים איינפאַלן. אַ וואָלקן פון שטויב, פייערדיקע פונקען, אַ פאַלן פון שטיקער מויער, אויסגעמישט מיט שרעקלעכע געשרייען: „באַפרייט פון קאַרצער!" די גאַנצע טורמע-פּאָליציי איז געשטאַנען מיט די ביקסן געריכט צו די צעלן און געוואַרט אויפן באַפעל צו שיסן.

מיט אַמאָל לאָזן זיך אַריין אינם לאַנגן טורמע-קאָרידאָר אַ 300 סאָלדאַטן, שטאַרק באַוואָפנט. זיי האָבן אויך געבראַכט מיט זיך שטריק. מיט די סאָלדאַטן איז אָנגעקומען דער גובערנאַטאָר און ער האָט געגעבן אַ באַפעל: שלאָגן, אַז אַ העלפט זאָל מען מאָרגן אַוועקפירן אויפן בית־הקברות. און זיי האָבן זיך טאַקע באַלד גענומען צו דער אַרבעט. אין דער ערשטער קאַמער, וווהין זיי זענען אַריין, זענען געזעסן צוויי דייטשע אַרבעטער־מיטגלידער פון דער ס.ד.ק.פּ.ל. מען האָט זיי געבונדן די הענט אויף הינטן און זיי אַוועקגעפירט אין קאַרצער. אין דער צווייטער קאַמער זענען געזעסן די חברים קאָקאָטשינסקי און קאַלעצקי, ביידע אינטעליגענטן, מיטגלידער פון „בונד" (קאָקאָטשינסקי איז אין 1917 אַנטדעקט געוואָרן אַלס פּראָוואָקאַטאָר. וועגן די אַלע נעמען, וואָס מיר קומט אויס צו דערמאָנען, וועל איך שרייבן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל). באַלד איז עס געקומען צו אונזער קאַ־

מער. איך האָב זיך אין יענער צייט געפונען אין צעל פון שווארצן הערש־לייב, א מיטגליד פון „בונד”. מיר האָבן צוזאַמען געלייענט א פרישן, אָקאָרשט אריינגעדרונגענעם אין טורמע, נומער פון דער ניו־יאָרקער „צוקונפט”. אונז ביידן האָט מען ארויפגעפירט פון אונזער צעל אויפן ערשטן שטאָק אין א צעל, וואָס איז געשטאַנען ליידיק. די סאָלדאַטן האָבן פארשלאָסן הינטער אונז די טיר. מיר האָבן גאָרנישט געזען, אָבער געהערט האָבן מיר דאָס קלאַפּן פון זעלנערישע שטיוול אויף די אייזערנע טרעפּ. עס האָבן זיך אויך געהערט פון דער ווייטנס געשטיקטע קולות. מיר האָבן שפּאַצירט איבער אונזער צעל, ווארטנדיק, אז אָט־אָט קומען אריין די סאָלדאַטן און ס׳וועט זיך אָנהייבן די עקזעקוציע. איך האָב נישט געוווסט, וואָס עס לעבט איבער אין יענעם מאָמענט חבר הערש־לייב, נאָר איך אַליין האָב אינגאַנצן געפיבערט. עס האָט מיך געוואָרפן אין היץ און קעלט. איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, ווי מען וועט פייניקן אפרים־אליעזרן און ער זאָל שטילערהייט דאָס איבערטראָגן.

אין דעם מאָמענט האָט זיך דער חבר הערש־לייב אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „חבר אפרים־אליעזר, איך האָב באַשלאָסן, אז אין דעם אויגנבליק, ווי די זעלנער וועלן עפענען אונזער טיר, זאָל איך זיך געבן א וואָרף אראָפּ אויף אזא שטייגער, אז דער קאָפּ זאָל פאַלן אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע און זאָל צעשמעטערט ווערן”. אויף דעם האָב איך באַמערקט: „איך גלויב נישט, אז איך וועל באַזיצן אזא כוח”.

די נאַכט האָט זיך געצויגן אויסערגעוויינלעך לאַנג און די געשרייען פון די שלאָגער און געשלאָגענע האָבן אַלץ נישט אויפגעהערט. איך בין געוואָרן מיד, האָב זיך אַנידערגעלייגט אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע און בין איינגעשלאָפן. אויפגעכאַפּט האָב איך זיך אין דער פרי, ווען מען האָט אויפגעשלאָסן די צעל.

ביי יעדער צעל איז געשטאַנען א זעלנער מיט א ביקס אין האַנט. צו קאָכן האָט מען אונז שוין נישט גערופן. ווען מען האָט אונז אריינגעטראָגן דעם פרישטיק, האָבן מיר נישט געוואָלט נעמען דאָס עסן. אָט אזוי האָבן מיר, די 27 פּאָליטישע ארעסטירטע, ווידער אָנגעהויבן א הונגער־שטרייק. די אדמיניסטראַציע האָט אָפּגענומען ביי אונז די אַלע רעכט, וואָס מיר האָבן זיך געהאַט אויסגעקעמפט ביים ערשטן הונגער־שטרייק. אויך האָט זי ביים איצטיקן שטרייק אָנגענומען א נייע מעטאָדע קעגן אונז. ביים ערשטן שטרייק, ווען מ׳האָט געבראַכט דאָס עסן און מיר האָבן געזאָגט, אז מיר שטרייקן, זענען די וועכטער אוועק מיטן עסן צוריק. איצט, אז מען האָט גע־

בראַכט דאָס עסן און מיר האָבן דערקלערט, אַז מיר שטרייקן, האָבן זיי דאָס עסן איבערגעלאָזט אין דער צעל. און אַזוי געטוישט דאָס עסן דריי מאָל אַ טאָג.

אויפן פערטן טאָג פון שטרייק האָט מען צו אונז אַריינגעשטעלט דעם מיטיק, וועלכער איז דעמאָלט באַשטאַנען פון אַן אַרבעס־זופּ, פעט, מיט אַ סך גריוון, וואָס זענען אַרומגעשוווּמען פון אויבן. עס האָט געשלאָגן פונם עסן אַ זעלטן געשמאַקער ריח. דער חבר ברוך־לייב פּאָדגראַוויטש (ווי מען האָט אים גערופן ברוך־לייב פּאַניע, איז פון דעם געוואָרן אַזוי שטאַרק דער־נערווירט, אַז ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס שיסעלע קאָכיקן זופּ, נעגעבן דאָס אַ רוק אַרויס דורכן פענצטערל פון דער צעל און דערמיט אָפּגעבריט דעם שליסער.

עס איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה. באַלד האָבן זיך אַריינגעריסן אין צעל צום חבר ברוך־לייב דריי פּאָליציאַנטן און מען האָט אים מערדערלעך גע־שלאָגן. נישט ווייט פון זיין קאַמער איז געזעסן אַ קרימינעלער אַרעסטאַנט, וועלכער איז געווען באַשולדיקט אין עטלעכע מאָרדן און באַרויבן די דער־מאָרדעטע. אָט דער קרימינילער אַרעסטאַנט האָט נישט געקענט הערן, ווי מען פּייניקט ברוך־לייבן, און האָט אָנגעהויבן זידלען די פּאָליציי. האָט מען אויך אים מערדערלעך צעשלאָגן און ביידן אַוועקגעפירט אין קאַרצער. אויפן זעקסטן טאָג פון שטרייק איז אברהם פּיעטריקאָווער געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און אָנגעהויבן שפּייען מיט בלוט. מען האָט אים אַוועקגעפירט אין האָספּיטאַל. אויפן אַכטן טאָג פונם שטרייק האָט מען געקראָגן אַן אַלאַרם־בריוו פון דער פרויען־אָפּטיילונג פון טורמע, אַז די חברטע האָדעס ברוין האַלט ביים שטאַרבן און זיי בעטן, מען זאָל אויפגעבן דעם שטרייק.

מיר האָבן זיך באַראָטן און דעם שטרייק אויפגעגעבן.

צום סוף פון זיבעטן חודש פון אונזער אַרעסט איז ווידער געקומען דער זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק און דורכגעפירט אַ פאַרהער. אויך דאָס מאָל האָט מען מיך גערופן אין מיטן דער נאַכט. ער האָט מיר דעמאָלט גע־שטעלט בלויז איין פראַגע: צי איך האָב עפּעס צו זאָגן? מיין ענטפער איז אויך דאָס מאָל געווען קורץ: ניין! דאַן האָט ער מיר דערקלערט, אַז ער וועט מיך באַפרייען און אַז איך וועל זיין אונטער פּאָליציייאישער אויפזיכט. איין מאָל אין וואָך וועל איך זיך מוזן מעלדן צו דער פּאָליציי, און „אויב דו וועסט זיך נישט מעלדן, וועלן מיר זיין געצוווּנגען דיך ווידער צו אַרעסטירן".

פּונקט צו די זיבן מאָנאַטן נאָך אונזער אַרעסט זענען מיר אַלע באַ־פרייט געוואָרן.

ערשט קומענדיק צוריק קיין לאָדזש האָב איך פון די חברים באַקומען

די אויפרופן, וואָס דער „בונד" און די פּ.פּ.ס. האָבן ארויסגעלאָזן וועגן אונזער שטרייק. אויך די קאַלישער אָרגאַניזאַציע האָט ארויסגעלאָזן אַזאַ אויפרוף און וועגן דעם איז אויך געשריבן געוועזן אויספירלעך אין דער גאַנ־צער אומלעגאַלער סאָציאַליסטישער פּרעסע פון יענער צייט.

## מיין משפחה האָט מיט מיר אַן ערנסטן געשפּרעך.

עס איז געווען אַ שבת אָוונט. ס'האָבן זיך אַוועקגעזעצט מיט מיר ביים טיש: דער טאַטע, די מאַמע, די צוויי עלטערע שוועסטער און דער עלטערער ברודער. די צוויי ייִנגערע ברידער זענען ביים געשפּרעך נישט געווען. אַזוי האָט מיין טאַטע געוואָלט. אָנגעהויבן דעם געשפּרעך האָט דער טאַטע מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

— ליבער זון מיינער! דו גיסט זיך אָפּ פאַר אַ קרבן, אָבער איך באַנעם נישט — פאַרוואָס. די וועלט קען קיינער נישט איבערמאַכן. מיט דער וועלט פירט גאָט. אָבער איך וויל מיט דיר נישט אַריינגיין אין קיין טיפע וויכוחים. דו וועסט מיך נישט פאַרשטיין און איך וועל דיך נישט פאַרשטיין. אָבער עלטערן, עלטערע שוועסטער און אַן עלטערער ברודער האָבן אַ רעכט צו זאָרגן פאַר אַ קינד, אַז ער זאָל נישט גיין אין קיין שלעכטע דרכים, פון וועלכע ער קען ליידן. נאָך מער האָבן מיר אַ רעכט צו פאַרלאַנגען, אַז מיט דיין דרך זאָלסטו נישט אָנטאָן קיין צרות דיין משפּחה. דו ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ בזיונות דו האָסט אונז פאַרשאַפט. אין שטיבל האָט מען שטי־לערהייט געמורמלט: „מאָטעלעס זון זיצט אין קרימינאַל. ער וועט שוין פון דאָרטן נישט אַרויסקומען". די מאַמע, אַז זי גייט דורך דעם הויף אין מאַרק אָדער אין קראָם, טייטלט מען אויף איר מיט די פינגער. און דו אַליין, מיין זון, ביסט ווידער איינגעשטעלט. יעדער וואָך גייסטו אין פּאָליציי זיך מעלדן. ביז דו קומסט צוריק אַהיים, גייט אונז אויס די נשמה. דעריבער בעטן מיר דיך — זאָג זיך אָפּ פון דער „אחדות". זיי וועלן זיך אַן עצה געבן אָן דיר.

אַזוי האָבן אויך גערעדט: מיין מאַמע, מיינע שוועסטער, דער ברודער. יעדערער פון זיי האָט גערעדט מיט אַנדערע ווערטער, אָבער דער אינהאַלט איז געווען דער זעלבער. נאָר איך איינער האָב געשוויגן. איך האָב נישט געוואָלט אָנטאָן מיין משפּחה קיין עגמת־נפש. איך בין ביי זיך אין האַרצן געווען זיכער, אַז איך וועל ווייטער אויך זיין אַקטיוו אין „בונד". פון טור־מע בין איך אַרויסגעקומען פיל רייפער, פיל באַוווסטזיניקער און געפילט

האָב איך זיך שטאַרק אין דער האָפענונג אויסצוקעמפן אַ שענערע, בעסע־רע וועלט.

ווען מיין משפחה איז געוואָרן שטאַרק צודרינגלעך צו מיר: „אפרים־אליעזר, פאַרוואָס שווייגסטו?״ האָב איך צו זיי געזאָגט:

— איך וויל, איר זאָלט מיך באַטראַכטן ווי אַ דערוואַקסענעם מענטשן. אויב איר האָט געליטן בזיונות, האָב איך דאָך נאָך מער געליטן מאָראַליש און פיזיש דורך די זיבן מאָנאַטן. אויסער וואָס איך בין געווען פאַרשפאַרט אין טורמע, האָב איך דאָך געהונגערט צוועלף טעג. און אויב איך וועל אייך נישט פאָלגן, זאָלט איר דעמאָלט טראַכטן, אַז איך גלויב אין עפּעס.

און צום טאַטן האָב איך געזאָגט:

— דו ווייסט, טאַטע, ווי איך האָב דיך ליב, איינע פון די סיבות, פאַר־וואָס איך האָב דיך אומבאַגרענעצט ליב, קען זיין איז דאָס, וואָס איך וויים, אַז דו קענסט זיך מקריב זיין פאַר דיין גלויבן. טאָ וויים, אַז איך בין דיין זון און אַז אויך איך קען זיך מקריב זיין פאַר דעם, אין וואָס איך גלויב.

מיט דעם האָט זיך אונזער געשפרעך פאַרענדיקט. איך האָב געזען, ווי די משפחה האָט דאָס שווער איבערגעלעבט, אָבער אויך איך האָב דאָס נישט לייכטער דורכגעלעבט.

איך בין באַלד צוגעצויגן געוואָרן צו דער זאָקנמאַכער־סבאָדקע און מיטן גאַנצן ברען זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט.

# איך ווער אַן אויפזעער אין אַ פּאַבריק.

אין אָקטאָבער אָדער נאָוועמבער 1904 האָבן די אָנפירער פון די זאָקנמאַכער אין לאָדזש געקראָגן אַזאַ ווענדונג פון אַ פאַבריקאַנט: אַזוי ווי ער האָט באַקומען אַ פּאָדריאַד אויף צוצושטעלן זאָקן פאַר דער אַרמיי און אַזוי ווי ער וויל, אַז די אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן ביי אים, איז ער גרייט אַוועקצושטעלן 300 זאָקן־מאַשינען. ער וויל אָבער קיין מאַשינען נישט קויפן, נאָר מען זאָל אים שאַפן 300 זאָקן־אַרבעטער מיט מאַשינען. מיר האָבן אים צוגעזאָגט דאָס צו שאַפן, אויב מיר וועלן פריער פאַרטיק ווערן מיטן פּרייז. דער פאַבריקאַנט האָט אָפּגעדונגען דריי לאָקאַלן, אין יעדן לאָקאַל זאָלן קענען זיין באַשעפטיקט צו 100 אַרבעטער, און מיר האָבן די אונטערהאַנדלונגען דערפירט צו אַ דערפאָלגרייכן סוף. אָבער איידער מיר האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן, האָט דער פאַבריקאַנט פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן אים געבן דריי אויפזעער און אַזוינע מענטשן, וואָס ער זאָל קענען צו זיי האָבן פולן צוטרוי. דערביי האָט ער צוגעגעבן, אַז איינער פון די דריי זאָל זיין אפרים־אליעזר. מיר האָבן דאָס באַטראַכט אויף דער „סכאָדקע” און באַשלאָסן אים צו געבן דריי אַזוינע חברים — אהרן שואל אייזענבערג, העניאָך קאָך און מיך. אָבער איך אַליין האָב נאָך געלאָזט די פראַגע וועגן זיך אָפן. איך האָב געזאָגט צום פאָרשטייער פונם בונדישן קאָמיטעט, אַז איך האָב מורא, טאָמער וועל איך געשטרויכלט ווערן אין דער באַציאונג צו די אַרבעטער, וויל איך דעריבער, אַז דער קאָמיטעט זאָל זאָגן זיין וואָרט. דער קאָמיטעט האָט געזאָגט „יאָ” און דערצו נאָך צוגעגעבן, אַז ער האָט דעם פולסטן צוטרוי צום חבר אפרים־אליעזר, וואָס וועט דורכפירן זיינע פליכטן ערנסט און וועט נישט געשטרויכלט ווערן. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און די אַרבעט איז אַוועק אין פולן ברען.

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער מלחמה צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן. אַזוי ווי די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין גאַנץ רוסלאַנד איז דעמאָלט געווען קעגן דער מלחמה, האָבן מיר, די זאָקנמאַכער־סכאָדקע, אויך באַשלאָסן צו מאַכן אין איין צייט דריי מיטינגען קעגן דער מלחמה. צו אַ

באַשטימטער שעה האָבן מיר געבראַכט רעדנער און אויך צוויי באַוואָפנטע חברים פאַר יעדן לאָקאַל. מיר האָבן די צוויי חברים אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון דער פאַבריק מיט רעוואָלווערן אין די הענט. זייער אויפגאַבע איז געווען — אַריינלאָזן, אָבער קיינעם נישט אַרויסלאָזן. אינם פאַבריק־זאַל, ווו איך האָב געהאַט די אויפזיכט, איז דער רעדנער געווען נחמיה פלײשער. ער איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער רעדנער. ער האָט בילדעריש געשילדערט דעם גרויל פון דער מלחמה, האָט אין אַלעמען אָנגעצונדן אַ ברענענדיקע שנאה צו מלחמה בכלל און זיין רוף „קאַמף קעגן מלחמה!" האָט אַרויסגערופן לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

דערמאָנענדיק נחמיה פלײשער, וויל איך באַשרייבן נאָך אַן עפּיזאָד, אין וועלכן ער איז געווען באַטייליקט אַלס רעדנער. אין יענער צייט אין לאָדזש איז געווען אַ זאָקן־פאַבריקאַנט מיטן נאָמען יאַקאָבסאָן. ער איז גע־ווען אַ ביטערער מענטש. שוין נישט רעדנדיק וועגן זיינע עקספּלואַטאַטאָרי־שע איינגנשאַפטן, וואָס זענען אַלעמען באַקאַנט געווען, האָט ער אַפילו נישט געקענט רעדן צו אַן אַרבעטער מיט אַ מענטשלעכער שפּראַך. ער האָט כסדר געזידלט, געשאָלטן און באַטראַכט די אַרבעטער ווי נידעריקע, מינדערווער־טיקע ברואים. די אַרבעטער האָבן שוין דאָס מער נישט געקענט אויסהאַלטן און זיי האָבן דערקלערט אַ שטרייק ביי אָט דעם יאַקאָבסאָנען אויף דער פאַבריק. איינע פון די הויפּט־פאָדערונגען איז געווען — מענטשלעכע באַ־האַנדלונג. די אָנפירונג פונם שטרייק האָט אַוועקגעשטעלט אַ וואַך פאַרן טויער פון דער פאַבריק און געזען עס זאָל נישט זיין קיין שטרייק־ברעכער. דער שטרייק האָט יאַקאָבסאָנען געבראַכט ווי אַ פייער. ער איז אַרויסגעקו־מען צו דער וואַך („פּיקעט־ליין") און געדראָט, אַז ער וועט רופן פּאָליציי. דער ענטפער פון די שטרייקער איז געווען: פּרוווט! און יאַקאָבסאָן האָט טאַקע זיין דראָאונג דערפילט. איין טאָג זענען פון טאַרגאָווער און ווידזע־ווער גאַסן אָנגעריטן פּאָליציי און קאַזאַקן אויף פערד. די פאַבריק האָט זיך געפונען אויף פּאַלודניאָווע 42. די פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט די וואַך און אַלעמען אַרעסטירט. מען האָט זיי אויך מערדערלעך געשלאָגן. די קאַזאַקן האָבן צוגעבונדן די אַרבעטער צו די פערד און אַזוי זיי געשלעפּט צום צווייטן אוטשאַסטאָק (פּאָליציי־באַצירק). דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקן צאָרן אין שטאָט. דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט באַלד אַרויסגעלאָזט אַן אויפ־רוף צו די לאָדזשער אַרבעטער און אויפגעפאָדערט, זיי זאָלן פּראָטעסטירן קעגן דער אומגעהערטער שאַנד־טאַט, וואָס דער אויסוווּרף יאַקאָבסאָן איז באַגאַנגען קעגן זיינע אַרבעטער. אין אַ נאָכפאָלגנדיקן שבת איז גערופן גע־

וואָרן אַ פּראָטעסט־מיטינג לעבן דער פאַבריק. עס האָבן זיך פאַרזאַמלט הע־כער טויזנט אַרבעטער און נחמיה פליישער איז אויפגעהויבן געוואָרן דורך עטלעכע אַרבעטער אין דער הויך. פליישער האָט געדונערט קעגן דעם מנובל־דיקן פאַבריקאַנט און קעגן דער ברוטאַלער האַנדלונג פון דער פּאָליציי. ווי דער רעדנער אַזוי אויך זיינע אויספירן זענען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס ענטוזיאַזם. דער פאַבריקאַנט יאַקאָבסאָן איז אויסבאַהאַלטן געווען לאַנגע חדשים. ערשט שפּעטער האָט ער זיך ווידער באַוויזן און געשיקט שליחים אויף אונטערהאַנדלונגען. ווי אַזוי דער סכסוך איז דערליידיקט גע־וואָרן געדענק איך נישט.

דערווייל זענען געלאָפן וואָכן און מאָנאַטן, איך בין געווען איבערגע־לאָדן מיט אַרבעט. אַז עס האָט זיך אָנגערוקט דער ערשטער מאַי, האָט מען אין דער אָרגאַניזאַציע גענומען רעדן, אַז מען דאַרף זיך היטן. אַלנפאַלס — האָט מען געזאָגט — דאַרפן זיך אויסהיטן די אַקטיווע טוער. צו מיר האָט דער פאַרשטייער פון קאָמיטעט געזאָגט: „אפרים־אליעזר, דו מוזט זיך גע־ווים אויסהיטן, ווייל דו געפינסט זיך אונטער פּאָליצייאישער אויפזיכט. דאָס בעסטע — האָט ער צוגעגעבן — וואָלט געווען, ווען דו פאָרסט אַרויס פון לאָדזש". און ער האָט מיר געראָטן צו פאָרן קיין וואַרשע. דער פּלאַן איז מיר געפעלן געוואָרן; דאָס גיין יעדע וואָך זיך מעלדן צו דעם רעוויראָווע פון מיין ראַיאָן איז נישט געווען קיין געשמאַקער ביסן. אָבער וואָס טוט מען? אין מיין פּאַס איז פאַרצייכנט, אַז איך בין אונטער פּאָליציי־אויפזיכט, קען איך דאָך מיט אַזאַ פּאַס נישט פאָרן. אַן אויסוועג האָט זיך געפונען: איך האָב געהאַט אַ חבר מיט דעם נאָמען הענעך סאָבאַטשעווסקי. זיין פאָ־טער האָט געהאַט אַ הויז אויף וואָלבאָרסקי, קעגנאיבער אונזער וווינונג. ער האָט געלערנט אין גערער שטיבל. דערצייל איך אים מיין פאַרלעגנהייט. שלאָגט מיר הענעך פאָר, אַז ער וועט מיר געבן זיין פּאַס, אָבער איך זאָל אים נאָר באַנוצן אויף איינצומעלדן זיך. טאָמער פאַל איך דורך, זאָל איך דאַן אָנגעבן מיין אמתן נאָמען און זאָגן, אַז דעם פּאַס האָב איך געפונען. מיר איז געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן. איך האָב גענומען הענעכס פּאַס, גע־זעגנט זיך מיט מיין משפּחה און בין אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע.

# מיין ערשטער אַרעסט אין וואַרשע.

דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט מיר געגעבן אַ בריוועלע צו דער חברטע אננאַ ליפשיץ. ווען, אננאַס שוועסטער, עדאַ ליפשיץ, איז אַרעס־טירט געוואָרן אין לאָדזש אין מערץ 1903, איז אננאַ אַוועק קיין וואַרשע. קיין אַדרעס צו איר האָט מען מיר נישט געגעבן. איך האָב זי געדאַרפט טרעפן אין אַ טשיינע (טיי־הויז), וואָס האָט זיך געפונען אויף גענשע גאַס, קעגנ־איבער דער טורמע. איך בין אַהין אַריין און געפרעגט ביים בעל־הבית פון דער טשיינע אויף דער חברטע אננאַ. איך האָב באַקומען אַן ענטפער, אַז זי איז געווען און אַוועק, אָבער זי וועט נאָך היינט ווידער קומען. דאָס האָבן אונטערגעהערט צוויי בחורים. האָבן זיי זיך צוגערוקט צו מיר און דערציילט, אַז זיי וואַרטן אויך אויף דער חברטע אננאַ. דערווייל האָבן זיי מיך געפרעגט פון וואַנען איך קום, און אַזוי האָבן זיי זיך לאַנגזאַם צוגע־בונדן צו מיר. דאַ איז אָנגעקומען אננאַ ליפשיץ, איך האָב איר איבערגע־געבן דאָס בריוול און זי האָט מיך געשיקט אויף אַן אָרט שלאָפן. אויף מאָרגן האָבן מיר זיך געזאָלט טרעפן אין דער זעלבער טשיינע. איצט אָבער האָט זי געבעטן די צוויי חברים, זיי זאָלן מיך צופירן אויף מיין סטאַנציע, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער אייזן־גאַס. ווען איך בין אַריין אין שטוב איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. ביי מיר אין דער היים אין לאָדזש איז אויך נישט געווען קיין רייכטום, אָבער אַזאַ אָרעמען אויסזען פון אַ וווינונג האָב איך באַגעגנט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. עס איז געווען אַ קליינע שטוב אונטער די טרעפּ. אַן שום מעבל. די בעלי־בתים, אַ מאַן מיט אַ ווייב, יונגע מענטשן, זענען געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע אויף אַ סעניק. זיי האָבן מיר אויך געגעבן אַ סעניק, אַ קישן מיט אַ קאָלדרע אויף דער אַנדערער זייט צימער. דאָס פּאָרפאָלק האָט געהאַנדלט מיט הערינג ביים איי־זערנעם טויער. ער איז געווען אַ באַוווסטזיניקער מענטש און האָט געהערט צו דער פּ.פּ.ס. איך בין דאָרט געשלאָפן עטלעכע נעכט און די צוויי בחורים האָבן מיך שוין נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. זיי האָבן מיך אַרויפגענומען צו

זיי אין װאַרשטאַט (זיי זענען געװען שטריקער) און האָבן געװירקט אויף זייער בעל־הבית, ער זאָל מיר געבן אַ מאַשין און זיי װעלן מיך אויסלערנען אַרבעטן. אין יענער צייט האָבן פרויען געטראָגן אויבער־זאָקן — געשטריקטע, װאָלענע — אָנגעטאָן איבער די שיך. מענער האָבן אויך געטראָגן אַזוינע זאָקן, אָבער פון סחורה געמאַכט. דאָס איז געװען אַ לייכטע אַרבעט און אין פאַרלויף פון צוויי װאָכן האָב איך שוין פאַרדינט געלט אויף צו קענען לעבן.

אויך דאָ האָט מען מיך באַלד אַריינגעפירט אין דער סכאַדקע פון די שטריקער. עס איז געװען אַ גרויסע פאַך און איך האָב געהאַט װוּ מיין ענערגיע אויסצונוצן.

נאָך 4 װאָכן אָפּזיין אין װאַרשע האָבן מיר געהאַט אַ באַראַטונג ביי חברטע אסתר אין שטוב. פּלוצלונג לויפט אַריין אַ חבר און זאָגט — פּאָליציי איז דאָ אין הויז. אַלע לויפן אַראָפּ. איך בלייב. פּאָליציי קומט אַריין און פרעגט: װוּ איז דאָ די פאַרזאַמלונג? די חברטע אסתר ענטפערט, אַז דאָ איז נישטאָ קיין שום פאַרזאַמלונג. „און דער װער איז?״ — פרעגט אַ פּאָליציאַנט, טייטלענדיק אויף מיר. אסתר ענטפערט: דאָס איז אַ פריינד, װאָס איז אָקאָרשט געקומען צופאָרן. זיי פרעגן ביי מיר אויף אַ פּאַס. ענטפער איך, אַז איך האָב דעם פּאַס פאַרלאָרן. מער פרעגן זיי מיך גאָרנישט, נאָר זיי נעמען מיך מיט זיך און מען ברענגט מיך אין קאָמיסאַריאַט. דאָרט פרעגט מען מיך, װי איך הייס, און איך גיב זיי אָן מיין נאָמען. מען פרעגט מיך אויך, װוּ איך בין געבוירן געװאָרן.

אויף מאָרגן פרי האָט מען מיך אָפּגעפירט אין ראַטוש. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גוואַלדיק גרויסער צעל. איך געדענק נישט װיפל ס'זענען דאָרט געזעסן, אָבער געװיס זענען געװען צענדליקער אַרעסטירטע פון פאַרשידענע מינים. מען האָט מיך גאָרנישט נעפרעגט. עס איז אַװעק אַ טאָג, נאָך אַ טאָג. עס איז געװען ענג בייטאָג און שטיקנדיק הייס ביינאַכט. די לופט איז געװען אַ שרעקלעכע, װייל די מענטשלעכע באַדערפעניש האָט מען ביינאַכט געמאַכט אין דער צעל. אַלע טאָג האָט מען אונז געפירט אויפן שפּאַציר, נישט אין דרויסן װי אין אַנדערע טורמעס, נאָר מען האָט בלויז געעפנט די טירן פון די צעלן אויף אַ האַלבער שעה. די קאָרידאָרן זענען דאָרט געװען לאַנגע, האָבן זיך דאָרט באַגעגנט פריינד, באַקאַנטע, חברים, און װעגן װאָס צו רעדן איז געװען גענוג.

פּלוצלונג האָב איך דאָרט דערזען דעם חבר חיים־לייב פּאָזנאַנסקי. מיר האָבן זיך ביידע שטאַרק דערפרייט, און װען דער שפּאַציר האָט זיך געענ־

דיקט, בין איך מיט אים אוועק צו זיין קאמער; מיר האָבן נאָך געוואָלט פאַרענדיקן דעם געשפּרעך. דער שליסער האָט אָבער אים אריינגעשטופּט אין דער צעל און מיך האָט ער אָפּגעשטופּט אָן א זייט. איך האָב אים א שטופּ געטאָן צוריק. ער איז געוואָרן א צעקאָכטער. אין צוויי שעה ארום האָט מען מיך ארויסגערופן צום נאַטשאַלניק פון דער טורמע. ער האָט זיך אויף מיר צעשריען, נאָר אין זיין שרייען האָט זיך געפילט ווי א ביטע צו מיר, איך זאָל איבערבעטן דעם שליסער. אָבער איך האָב געשוויגן. דאַן האָט ער מיך געשיקט אין קאַרצער — א פינסטער, ליידיק קעמערל. צו עסן האָט מען אין קאַרצער געגעבן נאָר ברויט מיט וואַסער. אין קאַמער, ווו איך בין געזעסן, האָט מען געפרעגט, ווו איך בין אהינגעקומען, האָט מען זיי געענטפערט, אז מען האָט מיך איבערגעשיקט אין א צווייטער טורמע. אָבער דער באַדינער, וואָס האָט געטראָגן עסן אין די צעלן, אויך אָן ארעסטאַנט, האָט זיי דערציילט, אז איך זיץ אין קאַרצער.

צומאָרגנס ווען מען האָט געעפנט די טירן פון די צעלן פאַר דעם אזוי גערופענעם שפּאַציר, האָבן די שפּאַצירנדיקע ארעסטאַנטן ארויפגעצויגן א רויט פענדל און געפּאָדערט, אז מען זאָל מיך באַפרייען פון קאַרצער. מען האָט מיך דעם זעלבן טאָג צוריקגעבראַכט אין מיין צעל, אָבער נאָך אכט טעג זיצן בין איך באַפרייט געוואָרן. מען האָט מיך אַפילו נישט צוריקגעשיקט מיטן עטאַפּ.

פאַרוואָס איך האָב דעמאָלט געהאַט אזא מזל, האָב איך זיך אליין נישט געקענט דערקלערן.

# אין ווארשעווער ציטאַדעל.

אָנפאַנג יוני, 1905, האָבן זיך אין לאָדזש אָנגעהויבן גרויסע רעוואָלו־ציאָנערע ארויסטריטן פונם ארבעטער־קלאַס. עס זענען פאָרגעקומען שטרייקן און גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, אָרגאַניזירט דורך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פון קרוין־פּוילן און ליטע, וועלכע האָט זיך גערופן פאַרקירצט ס.ד.ק.פּ.ל., פון די פּ.פּ.ס. און „בונד”. פון טאָג צו טאָג האָט די רעוואָלו־ציאָנערע כוואַליע ארומגעכאַפּט אַלץ גרעסערע און גרעסערע מאַסן. די פּאָ־ליציי האָט די דעמאָנסטראַציעס באַגעגנט מיט שווערדן און קוילן. עס זענען געפאַלן הונדערטער טויטע און טויזנטער פארוואונדעטע. מען האָט אָרגאַני־זירט גרויסע עפנטלעכע לוויות, אין וועלכע ס'האָבן זיך באַטייליקט צענדלי־קער טויזנטער ארבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן מיט הונדערטער רויטע און שווארצע פאָנען אין די הענט. פון טאָג צו טאָג איז די רעוואָלוציאָנערע שטימונג געוואַקסן. לאָדזש האָט זיך געפונען אונטערן צייכן פון אַן אמתער רעוואָלוציע. מען האָט געבויט באַריקאַדן אין פארשידענע גאַסן פון שטאָט, מען האָט געברענט די בראָנפן־געוועלבער, צעבראָכן די לאַמטערנס אין די גאַסן, דעמאָלירט די שאַנד־הייזער.

די רעוואָלוציאָנערע ארויסטריטן אין לאָדזש, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן וואָכן, האָבן געקאָסט דעם ארבעטער־קלאַס ביי צוויי טויזנט טויטע און אַ סך טויזנטער פארוואונדעטע. נאָר אַ גרויסן פּראָצענט פון די קרבנות האָבן גע־געבן די יידישע ארבעטער. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער גרעסטער טייל באַריקאַדן זענען געבויט געוואָרן אין די יידישע גאַסן, און די פּאָליציי און מיליטער איז איינגעשטעלט און אויסגעדרעסירט געוואָרן דורך דער צאַ־רישער רעגירונג אַזוי, אַז די הויפּט־אַטאַקעס זאָלן געפירט ווערן קעגן די יידישע רעוואָלוציאָנערן. זיי זענען טאַקע ווירקלעך געווען די אַקטיווסטע עלעמענטן.

די לאָדזשער געשעענישן האָבן געקראָגן אַ ברייטן אָפּקלאַנג איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער צאַרישער אימפּעריע. די ערשטע, וואָס האָט

זיך אָפּגערופן אויף די דאָזיקע געשעענישן איז געווען וואַרשע. עס איז גע־שאַפן געוואָרן אַ פאַרייניקטער קאָמיטעט פון ס.ד.ק.פּ.ל און „בונד". שפּע־טער זענען אויך צוגעשטאַנען די פּ.פּ.ס. דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט באַ־שלאָסן צו רופן אַן אַלגעמיינעם שטרייק אויפן 26־סטן יוני. דער „בונד" האָט אויך אַרויסגעלאָזן אַן אייגענע פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער מען האָט גערופן די יידישע אַרבעטער צוצושטיין צום שטרייק.

עטלעכע טעג פאַרן שטרייק האָב איך מיט נאָך אַ חבר, הערש־מרדכי פון שטריקער־פאַך, גענומען די אויפרופן צו פאַרשפּרייטן אין די שטריקער־וואַרשטאַטן. מיין חבר הערש־מרדכי האָט מיר דאַן פאָרגעלייגט: „קום צו מיר שלאָפן און אין דער פרי וועלן מיר פאַרשפּרייטן די אויפרופן". מיין חברס עלטערן האָבן געוווינט אויף די נאַלעווקעס, אַ גרויס הויז מיט אַ סך איינוווינער. אינם זעלבן קאָרידאָר האָבן געוווינט פיל פריי־לייזיקע מענטשן. מיין חברס טאַטע איז געווען אַ פרומער ייד, וועלכער פלעגט אויפשטיין פאַר־טאָג, זיך אָפּוואַשן, אַרויסשטעלן דעם עמער מיט די אומריינקייטן אין קאָ־רידאָר און זיך זעצן זאָגן תהילים. אַזוי ווי יענעם טאָג איז געווען זייער הייס, האָט ער געלאָזט אָפן די טיר. פּלוצלונג האָט זיך אַ שאָט געטאָן אין קאָרי־דאָר אַ כאָפּטע פּאָליציי. זיי זענען געקומען מאַכן רעוויזיעס ביי פאַרשידע־נע מענטשן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט. אַזוי ווי די טיר פון מיין חברס דירה איז געווען אָפן, האָט אַ פּריסטאַוו מיט אַ פּאָליציאַנט אַריינגעשטעקט די קעפּ אינעווייניק און דערזען, ווי עס שלאָפן צוויי יונגע בחורים. זיי זענען דאַן גלייך אַריינגעקומען אין דער וווינונג אַריין און גענומען פרעגן, ווער עס זענען די, וואָס שלאָפן דאָ. מיין חברס מאַמע האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט אַ דערשראָקענע און געענטפערט: „איינער איז מיין זון און דער צווייטער איז געוויס מיין זונס אַ פריינד". דאַן האָט דער פּריסטאַוו ביי מיר געפרעגט, ווי מען רופט מיך. איך האָב געענטפערט: „הענעך סאָבאַטשעוווסקי". „וויין מיר דיין פּאַס" — האָט געפאָדערט דער פּריסטאַוו. איך האָב אים באַ־וויזן ·דעם פּאַס. „פאַרוואָס איז דער פּאַס נישט געמאָלדן?" — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן. איך האָב געענטפערט, אַז איך בין ערשט נעכטן געקומען צו פאָרן. דער פּאָליציאַנט האָט זיך נישט געפוילט און איז אַריינגעקראָכן מיט זיינע הענט אין מיינע קעשענעס און אַרויסגענומען פון דאָרט דאָס פּעקל מיט די אויפרופן. דאַן האָט דער פּריסטאַוו מיר געהייסן זיך אָנטאָן, אויך דעם חבר מיינעם האָט ער געהייסן אויפשטיין. ער האָט אויך ביי אים געזוכט אין די קעשענעס און פון דאָרטן אויך אַרויסגעצויגן אַ פּעקל אויפ־רופן. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אונז שוין נישט אָפּגעלאָזט. מען האָט

אונזביידן מיטגענומען און אַוועקגעפירט אין פּאָליציי־צירקל אויף מוראַנאָוו.

מען האָט אונז אַריינגעפירט אין אַ צעל, וווּ ס'האָבן זיך געפונען עט־לעכע צענדליק אַרעסטירטע. צען אַזייגער אין דער פרי האָט מען אָנגעהויבן אַרויסרופן אין קאַנצעלאַריע. מיט אַמאָל רופט מען אויס: הענעך סאָכאַ־טשעווסקי! איך האָב זיך נישט אָפּגערופן. איך האָב דאָך געהאַט צוגעזאָגט מיין חבר הענעך סאָכאַטשעווסקי, אַז איך וועל זיך באַנוצן מיט זיין פּאַס נאָר פאַר דעם צוועק פון איינמעלדן זיך און וווינען אויף אים, אָבער אויב מען וועט מיך אַרעסטירן, זאָל איך אויפגעבן מיין ריכטיקן נאָמען און זאָגן, אַז דער פּאַס אויפן נאָמען פון הענעך סאָכאַטשעווסקי האָב איך געפונען. אַז מען האָט שוין אַלעמען געהאַט אויסגערופן און איך בין געבליבן דער־לעצטער, האָט מען מיך געפרעגט, ווי איך הייס. איך האָב דאַן געענטפערט, אַז מיין נאָמען איז אפרים־אליעזר זעלמאַנאָוויטש. דער פּאָליציאַנט האָט אָבער אַזאַ נאָמען נישט געהאַט אויף דעם צעטל, דאַקעגן האָט אים געפעלט איינער הענעך סאָכאַטשעווסקי. מען האָט מיך אַרויפגעפירט אין קאַנצעלאַ־ריע. דאָרט האָט מען נישט געפירט קיין אויספאַרשונגען. מען האָט נאָר רעגיסטרירט און פאַרשריבן די פּערסאָנאַליען: ווי מען הייסט, ווי אַלט מען איז, וווּ געבוירן, ווי מען רופט דעם טאַטן מיט דער מאַמען. דאַן האָט דער פּריסטאַוו מיך געפרעגט, צי דאָס איז מיין פּעקל, און ער האָט מיר געוויזן די אויפרופן מיט דעם פּאַס. איך האָב געענטפערט — „יאָ". און וועמענס איז דער פּאַס"? האָט ער אויפגעהויבן אַ געשריי. איך האָב דערויף געזאָגט, אַז ווער עס איז דער באַזיצער פונם פּאַס ווייס איך נישט, איך ווייס נאָר, אַז איך האָב אים געפונען. דער פּריסטאַוו איז פון מיינע ווערטער געוואָרן אָן אָנגעצונדענער. ער האָט געשריען און געהאַקט אין טיש, אָט־אָט — האָב איך געטראַכט — וועלן זיינע צונויפגעבײַלטע פויסטן פאַלן אויף מיין קאָפּ. אָבער דאָס איז נישט געשען און מען האָט מיך צוריק אַראָפּגעפירט אין דער צעל.

דורכן טאָג האָבן זיך אין דעם מוראַנאָווער צירקל אָנגעזאַמלט ביי אַ צוויי הונדערט אַרעסטירטע. שפּעט אין דער נאַכט האָט מען אונז אַרויס־געפירט אויף דער גאַס און צעשטעלט צו אַכט אין אַ ריי, אינגאַנצן אַרומ־גערינגלט מיט אַ געדיכטער וואַך פון פּאָליציי און סאָלדאַטן. געפירט האָט מען אונז צום באַוווסטן וואַרשעווער ציטאַדעל.

ווען די פּאַרטיע איז געקומען הינטערן שטאָט, האָט זיך אָנגעהויבן אויף אונז אַ געשריי, אַז מיר האַלטן זיך נישט אין די רייען, און גלייכצייטיק האָט עס גענומען האָגלען מיט קלעפּ אויף אונז. די וואַך האָט געאַרבעט

מיט די פּריקלאַדן פון די ביקסן. זיי האָבן נישט געקוקט, ווו די קלעפּ פאַלן. מען האָט געשלאָגן איבער די פיס, איבער די פּלייצעס און איבער די קעפּ. די גוואַלדן פון די געשלאָגענע זענען געגאַנגען ביזן הימל, אָבער קיינער האָט אונז נישט געהערט.

מיר זענען צוגעקומען צו די פאָרטן פון ציטאַדעל. מען האָט אונז אַריינ־געפירט אין די צעלן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גרויסע קאַזאַרמע־צימערן. די פּאָדלאָגע איז געווען אויסגעלייגט מיט שטרוי. דערויף איז מען געשלאָפן. ווען מען איז געווען וואַך, איז מען געזעסן אויפן שטרוי. עסן האָט מען אין ציטאַדעל געקראָגן בעסער ווי אין א טורמע. דאָס עסן האָט מען דאָ געגעבן פון דער זעלנערישער קיך. אַרויסלאָזן אויף שפּאַציר, ווי עס פירט זיך אין די טורמעס, האָט מען דאָ נישט געלאָזט. מען האָט אונז בלויז אַרויסגעלאָזט צו טאָן דעם מענטשלעכן געברויך. דערביי האָבן נישט געפעלט קיין איינ־צידענטן, וועלכע האָבן צייטנווייז געקאָסט קרבנות. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן זיך אין מיין צעל איין מאָל די אַרעסטאַנטן געשטופּט צו דער טיר אַרויס־צוגיין צום געברויך. אַזוי זיך שטופּנדיק האָט מען אויסגעבראָכן א שויב. דער זעלנער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, האָט נישט לאַנג געקלערט און האָט אָפּגעפייערט צוויי שאָסן אין אונזער צעל אַריין. די קוילן זענען געפלויגן איבער אונזערע קעפּ. צום גליק האָט עס קיינעם נישט געטראָפן.

אַזוי בין איך אָפּגעזעסן אין ציטאַדעל צוויי מאָנאַטן אָן שום אויספאָר־שונג. ענדלעך האָט מען מיך באַפרייט און אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ אין מיין געבורטס־שטעטל לאָוויטש. ווען איך בין אַהין אָנגעקומען, האָט מען מיך באַלד אַריינגעפירט אין „קאָזע" — אַזא קליין פּאָליציי־קעמערל, ווו ס'איז געשטאַנען א בעט מיט א סעניק. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און מען האָט מיך אַרויפגעפירט אין קאַנצעלאַריע, ווו דער סטאַראָסטע פון שטעטל האָט מיך אויסגעפרעגט מיינע פּערסאָנאַליען. ער האָט דאַן גוט זיך איינגעקוקט אין מיר און מיר געהייסן גיין.

## דער פלויט פון בית-עולם און די „קאזע" אין אלעקסאנדער.

אזוי ווי לוּוויטש ליגט אין מיטן וועג צווישן לאָדזש און וואַרשע, האָב איך באַשלאָסן אויף איבער שבת צו פאָרן אהיים קיין לאָדזש צו זען די עלטערן, ברידער, שוועסטער און חברים און אביסל געוואָר ווערן, ווי עס זעט אוים די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע. אין דער היים איז די פרייד מיט מיר געוועזן גרויס, זי איז אָבער גלייכצייטיק געווען געמישט מיט גרויסע ווייטאָגן. די מאמע האָט מיך באַטראַכט. אויסגעזען האָב איך ווייט נישט אָם־בעסטן: צוויי חדשים געזעסן אין ציטאַדעל, געגאַנגען מיטן עטאַפּ, דער מאַנטל צע־קנייטשט, דאָס יידישע היטעלע אויך נישט אין בעסטן צושטאַנד, די באַקן אָפּגעצערט, די אויגן טיף אין קאָפּ, די שוואַרצע באָרד אביסל גרעסער ווי געוויינטלעך. באַטראַכטנדיק מיך אזוי, זענען דער מאַמעס אויגן געוואָרן פייכט, אָבער געוויינט האָט זי נישט. פרייטאָג אָוונט בין איך געזעסן ביים טיש אויף מיין שטענדיק אָרט, אין דער רעכטער זייט פון מיין טאַטן. מער ווי איין מאָל האָט מיין טאַטע אויפגעהויבן זיינע ליכטיקע, גוטע, טאַטישע אויגן און באַלד זיי צוריק אַראָפּגעלאָזט. איך האָב געפילט דעם גרויסן צער, וואָס מיין טאַטע האָט איבערגעלעבט, אָבער איך האָב נישט געקענט העלפן. דאָס איז געווען אין יענער צייט אין פּוילן דער טראַגישער גורל פון צוויי דורות.

באַלד נאָך שבת האָב איך געזאָלט צוריקפאָרן קיין וואַרשע, אָבער דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט מיך געבעטן: אזוי ווי איך בין שוין דאָ, זאָל איך צופאָרן שבת נאָך מיטאָג קיין אַלעקסאַנדער, אַ שטעטל לעבן לאָדזש. (אגב האָט דאָס שטעטל געעשמט מיט דעם חסידישן רבין, צו וועמען עס זענען געפאָרן טויזנטער חסידים). די אַלעקסאַנדערער אָרגאַניזאַ־ציע האָט צוגעגרייט אַ גרויסע פאַרזאַמלונג. און איך האָב באַשלאָסן אהין צו פאָרן. קיין פּאַס האָב איך דאָך נישט געהאַט, נאָר אזוי ווי מיין יינגערער ברודער איז שוין אויך געווען אַ מיטגליד פון „בונד", האָב איך ביי אים גע־בעטן זיין פּאַס. פאַרשטייט זיך, אז ער האָט מיר אָן וואַקלונגען דעם פּאַס געגעבן.

אין אַלעקסאַנדער האָבן מיך די חברים אויפגענומען זייער האַרציק. דאָס שטעטל אַלעקסאַנדער האָט געצויגן די הויפּט־חיונה פון זאָקנמאַכעריי. אַזוי ווי דאָס איז געווען מיין פאַך, בין איך פאַר זיי געווען נישט נאָר אַ חבר פון „בונד", נאָר אויך אַ ברודער פון זעלבן פאַך. די עטלעכע אָנפירנ־דיקע חברים האָבן מיך באַקאַנט געמאַכט מיט דער לאַגע אין פאַך און אויך מיטן צושטאַנד פון דער אָרגאַניזאַציע. שבת נאָך מיטאָג האָבן מיר געהאַט די פאַרזאַמלונג. עס זענען געקומען ביי אַ 150 אַרבעטער. דער פאָרזיצער האָט זיי דערציילט, אַז „דער לאָדזשער קאָמיטעט האָט געשיקט דעם חבר אפרים־אליעזר, און דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס מען האָט געקענט צו אונז שיקן, ווייל ווער פאַרשטייט נאָך אַזוי גוט אונזער לאַגע ווי דער חבר אפרים־אליעזר?" דאַן האָב איך געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע. איך האָב זיי דערציילט וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פונם אַרבעטער־קלאַס, אויך אָפּגעשאַצט די פּאָליטישע סיטואַציע פונם מאָמענט און אָנגעוויזן, ווי וויכטיק עס איז פאַרן אַרבעטער־קלאַס צו קעמפן פאַר פרייהייט פון וואָרט, פּרעסע, אָרגאַ־ניזאַציע אאַז"וו. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען הינטערן שטאָט ביים פּלויט פון בית־עולם. האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז אין מיין רעדע האָב איך באַנוצט די פראַזע, אַז „די צאַרישע רעגירונג — דאָס איז אַ פּלויט, אַ צוים, וואָס מאַכט שווער אונזער קאַמף. דעריבער איז דער ערשטער און הויפּט־באַדינג דעם פּלויט צו צעברעכן, צו מאַכן אַ וועג פאַר פרייע באַדינ־גונגען פון אונזער קאַמף פאַרן סאָציאַליזם". צו מאָרגנס האָט זיך איבערן שטאָט צעטראָגן אַ קלאַנג, אַז דאָ איז געווען אַן „אחדות"־יונג, וואָס האָט געהייסן צעברעכן דעם פּלויט פון בית־עלמן.

גלייך אין דער פרי בין איך אַוועק נעמען אַ פור צו פאָרן אַהיים. איך האָב געוואָלט, אַז קיינער זאָל מיך נישט באַגלייטן, עס זאָל נישט אַרויס־רופן קיין פאַרדאַכט. ווען איך בין שוין געווען גאַנץ נאָענט צו די בעל־עגלהשע פורן, איז מיר אַנטקעגן געקומען דער פּריסטאַוו און מיך געפרעגט ווי איך הייס. איך האָב אים געענטפערט, ווי איך הייס: יעקב משה זעלמאַ־נאָוויטש. האָט ער מיר געהייסן באַווייזן דעם פּאַס. ווען איך האָב אים גע־וויזן מיין פּאַס, האָט ער צוגענומען ביי מיר דעם פּאַס און געהייסן מיטגיין מיט אים. מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אין אַלעקסאַנדערער „קאָזע".

דערווייל האָט דער קאָמיטעט פון „בונד" אין לאָדזש זיך דערוווסט, אַז איך בין אַרעסטירט, און האָט אַוועקגעשיקט קיין אַלעקסאַנדער אַ גרופּע פון אונזער „באָיעוואָי אָטריאַד" (קאַמפּס־דרוזשינע) מיך צו באַפרייען פון „קאָזע". איינער פון דער דרוזשינע האָט אונטערגעקויפט דעם וועכטער, ער

זאָל אים לאָזן מיט מיר רעדן. ווען איך האָב זיך פון דעם חבר דערוווּסט וועגן דער גרופּע, וואָס איז געשיקט געוואָרן מיך צו באַפרייען, האָב איך זיך דערפון קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, ווייל איך בין דאָ שוין געווען פאַררעגיסטרירט אויף מיין ברודערס נאָמען. „איר וועט טאַקע מיך באַפרייען — האָב איך געזאָגט — אָבער אָנשטאָט מיך וועלן זיי אַרעסטירן מיין ברודער, און דאָס וויל איך נישט".

שפּעט אין אָוונט האָט מען מיך אַריינגעפירט אין קאַנצעלאַריע. דאָרט האָט מען ביי מיר ווידער געפרעגט, ווי איך הייס. פאַרשלאָפן בין איך געווען און גענוג דערשעפּט, האָב איך אַ זאָג געטאָן: אפרים אליעזר זעלמאַנאָוויטש. אָבער אין דעם אויגנבליק ווי איך האָב אַרויסגעזאָגט מיין אמתן נאָמען, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך פיגוריר דאָ ווי יעקב־משה. איך האָב זיך גענומען דרייען, אַז איך הייס יעקב־משה, נאָר איך האָב אַ ברודער אפרים־אליעזר, נאָר איך בין פאַרשלאָפן און האָב געחלומט וועגן אים. נאַטירלעך האָבן זיי מיין תירוץ נישט געגלויבט און האָבן באַשלאָסן מיך צו שיקן מיטן עטאַפּ. אָבער פון אַלעקסאַנדער האָט מען געמוזט שיקן די טראַנספּאָרטן פריער קיין לאָדזש אין דער „פּערעסילנער" טורמע, און דערצו האָט מען באַדאַרפט האָבן וועכטער. קיין איבעריקע פּאָליציאַנטן האָט דאָס שטעטל נישט געהאַט און די ציווילע קריסטן, וועלכע פלעגן זיי אַרויסהעלפן, האָבן מורא געהאַט צופירן סאָציאַליסטן; מען זאָל זיי נישט באַפאַלן אין וועג. נאָך אַ לאַנגער זוכעניש האָבן זיך אָפּגעפונען צוויי וועכטער. זיי האָבן אָבער געשטעלט אַ באַדינג, מען זאָל זיי באַוואָפּענען מיט רעוואָלווערן. מען האָט געדונגען אַ וועגעלע און מיר האָבן זיך אַלע דריי אַרויפגעזעצט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָט מען אָנגעטאָן קייטלעך אויף די הענט. פאַרנדיק האָב איך געטראַכט, אַז ווען איך וועל זיך איצט ווייזן אין לאָדזש צום צווייטן מאָל אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן, וועט מען מיך דאָרט דערקענען, און דאָס קען זיין זייער שלעכט. איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן: אַזוי ווי איך טראָג אַ באָרד און אַ קאָפּ לאַנגע האָר, ווי עס איז געווען די מאָדע אין יענער צייט, האָב איך פאָרגעשלאָגן די וועכטער מיינע, פאַרשטייט זיך פאַר געלט, זיי זאָלן זיך מיט מיר אָפּשטעלן ביי אַ פריזירער און איך וועל זיך אָפּשערן. מיינע וועכטער האָבן מסכים געווען. איך האָב אַרונטערגענומען די באָרד, זיך געלאָזט אָפּשערן דעם קאָפּ האָר און מיר זענען געפאָרן ווייטער. אין לאָדזש האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין צוויי טעג אַרום גייט פון דאַנען אַוועק אַ טראַנספּאָרט (עטאַפּ) מיט וועלכן איך וועל מיטגיין. גראָד איז דאָרט באַפרייט געוואָרן אַן אַרעסטאַנט אַ ייד, און איך

האָב אים מיטגעגעבן אַ בריוול צו מיין טאַטן. אינם בריוול האָב איך גע־שריבן אַזוי: „איך גיי ווייטער מיטן טראַנספּאָרט אויף יעקב־משהס נאָמען. אַזוי ווי איך האָב מורא, אַז מען וועט מיך דערקענען, זאָלסטו, ליבער טאַטע, זאָגן, אַז איך בין יעקב־משה".

ווען איך בין אין לאָוויטש אַרונטער פון צוג אין דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט, איז דער טאַטע צו מיר צוגעגאַנגען און מיר געזאָגט, אַז די פּעטערס ראַטן אים נישט צו זאָגן, וואָס איך בעט, ווייל „טאָמער דערקענט מען דיך, וועט מען מיך אַרעסטירן". דאַן האָב איך געזאָגט מיין טאַטן, ער זאָל גיין אַהיים צום פּעטער. „טאָמער, ליבער טאַטע, וואָלט מען דיך אַריינ־געזעצט אויף איין טאָג, בין איך גרייט צו זיצן אַ יאָר". דער טאַטע איז אַוועק, און דער סטאַראָסטע, וואָס האָט מיך יענעם מאָל אויסגעפרעגט, האָט אויך איצט מיך אויסגעפרעגט. מיט זיינע שפּיציקע אויגן האָט ער מיך דורכ־געגומען, געגוי אויסגעפרעגט, ווי איך הייס, און דערציילט, „אַז ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק איז דיינער אַ ברודער געווען דאָ מיטן טראַנספּאָרט. ער איז ענלעך צו דיר". ער האָט אויך געפרעגט, וואָס אפרים־אליעזר טוט און ווו ער געפינט זיך. איך האָב געענטפערט, אַז מיר ווייסן נישט, ווו ער גע־פינט זיך — עס איז שוין באַלד צוויי יאָר, ווי ער איז אַוועק פון דער היים. דער סטאַראָסטע האָט אַלץ נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון מיר. ענדלעך האָט ער מיר אָפּגעגעבן מיין פּאַס און מיר געהייסן גיין.

איך בין גלייך געגאַנגען צום טאַטן און מיט דעם ערשטן צוג זענען מיר געפאָרן אַהיים. גייענדיק צום צוג, זאָגט צו מיר מיין טאַטע: „זעסט, מיין באָרד איז שוין גרוי, די האָר פון קאָפּ אויך. דאָס איז אַלץ צוליב דיר. איך בין נאָך נישט אַלט. אפשר וואָלט געווען געגוג? איך האָב דיך אין זי־נען און טראַכט שטאַרק וועגן דיר. איך וויל, אַז אויך דו זאָלסט טראַכטן וועגן מיר". איך האָב דעם טאַטן גאָרנישט געענטפערט, אָבער טרערן האָבן מיך געשטיקט אין האַלדז. און איך האָב ביי זיך געטראַכט: אויב ס'איז פאַראַן אַ מענטש אויף דער וועלט, וואָס איך האָב ליב, און שטאַרק ליב, איז דאָס מיין טאַטע. אָבער אפילו צוליב אים קען איך זיך נישט אָפּזאָגן צו זיין טעטיק אין „בונד", וועלכער האָט געטראָגן אין זיך די באַפרייאונגס־אידע־אַלן און שטרעבונגען נישט בלויז פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן און נישט בלויז פאַרן יידישן פאָלק, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט. איך בין גע־ווען אין לאָדזש נאָך צוויי טעג, געקראָגן אַ פרישן פּאַס און בין אַוועק צו־ריק קיין וואַרשע.

## אויף אַ בלוטיקער דעמאָנסטראַציע אין וואַרשע אין 1905.

איך בין צוריק אין וואַרשע און אַרבעט ווייטער אין זעלבן וואַרשטאַט. איך פאַרנעם ווידער מיין אָרט אין דער סכאָדקע פון די שטריקער און איך האָב ווידער דעם זעלבן ליבן קרייז נאָענטע, אינטימע חברים און פריינד, מיט וועלכע מיר פירן דעם לעבנסקאַמף צוזאַמען.

דאָס יאָר 1905 ווערט שטורמישער פון טאָג צו טאָג. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד. אין אַלע גרעסערע אַרבעטס־צענטערס הערן נישט אויף די רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן: אַלגעמיינע שטרייקן, מאַסן־דעמאָנסטראַציעס, פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — אָנפאַלן פון דער פּאָליציי און מיליטער, געשאָסענע און פאַרוואונדעטע. ס'ווערן דורכגעפירט אָרגאַניזירטע גרויסע לוויות פון די געפאַלענע חברים. די לוויות און דעמאָנסטראַציעס רופן אַרויס ווייטערדיקע אָנפאַלן פון דער פּאָליציי. עס דערשיינט דער באַוווסטער מאַניפעסט פונם 17־טן אָקטאָבער, וואָס ווייזט, אַז די צאַרישע מאַכט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. דער אַרבעטער־קלאַס, צוזאַמען מיט די ברייטע פאָלקס־מאַסן, לאָזן זיך אַרויס איבער די גאַסן פון די שטעט און שטעטלעך ווי זיגער איבערן צאַריזם. אָבער דער מאַניפעסט ווערט אויך באַגלייט מיט הונדערטער פּאָגראָמען אין די שטעט און שטעטלעך פון דער צאַרישער אימפּעריע, ווו עס האָבן געוווינט יידן אין קאָמפּאַקטע מאַסן. דער „בונד" ווייזט זיך אַרויס פאַרן אַקטיווסטן, אָרגאַניזירטסטן און דיסציפּלינירטסטן טייל אין די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן. דער „בונד" אָרגאַניזירט אויך זעלבסט־שוץ־גרופּעס, וואָס שטעלן זיך קעגן די באַוואָפנטע פּאָגראָמשטשיקעס, אָנגעפירט דורך דער צאַרישער פּאָליציי און געהיים־אַגענטן.

וואַרשע פיבערט. אויף דער יידישער גאַס קומען פאָר הונדערטער פאַרזאַמלונגען, אָנגעפירט פון „בונד". די אַרבעטער־בירזשעס זענען געפּאַקט. דאָ אויף איין בירזשע, דאָ אויף אַ צווייטער ווערט אויפגעהויבן אַ פאָרשטייער פון „בונד" אויף די אַקסלען פון די חברים און אַזוי ווערן געהאַלטן פייער־

דיקע רעדעס וועגן פרייהייט, גלייכהייט און סאָציאַליזם.

אין איינעם אַזאַ קאַכיקן טאָג אין אָקטאָבער, שוין נאָכן מאַניפעסט, האָט דער „בונד" אָרגאַניזירט אַ מאַסן־מיטינג אין זאַל פון דער יידישער גמינע אויף גרזשיבאָווסקי 26. איך בין צום ערשטן מאָל באַשטימט געוואָרן פונם וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד" אַרויסצוטרעטן אויף אַ גרויסן מי־טינג. מיין טעמע איז דעמאָלט געווען „די ראָלע פון דער צאַרישער רעגירונג אין די פּאָגראָמען". די טעמע איז מיר געווען שטאַרק צום האַרצן: האָב איך דאָך איבערגעלעבט אַ פּאָגראָם, ווען איך בין נאָך געווען כמעט אַ קינד, דעם פּאָגראָם אין לאָדזש אין 1892, וועלכער האָט אין מיר געלאָזן אַזוינע טיפע שפּורן אויפן גאַנצן לעבן. צי איך האָב גוט גערעדט אויפן מיטינג צי נישט — ווייס איך נישט, אָבער ווי נאָר איך בין אַראָפּ פון דער טריבונע, איז צו־מיר צוגעגאַנגען דער הויכער בערל, וועלכער האָט אין 1903, ווי אַ פּאַר־שטייער פון לאָדזשער קאָמיטעט אין דער סכאָדקע פון די זאָקנמאַכער, מיך געצוווּנגען צו רעדן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די זאָקנמאַכער, און צו מיר געזאָגט: „חבר אפרים־אליעזר, דו האָסט זייער גוט גערעדט, אָבער זאָלסט וויסן זיין, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס דו האָסט מיך יענעם מאָל געפאָלגט" (אין 1903).

ווען דער מיטינג אין גמינע־זאַל האָט זיך פאַרענדיקט, האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין רייען מיט רויטע פענער און זיך אַרויסגעלאָזט אין אַ דע־מאָנסטראַציע. אויב דער זכרון פאַרפירט מיך נישט, איז דעמאָלט געווען אָפּגערעדט מיט די ס.ד.ק.פּ.ל., אַז אויף אַ באַשטימטן אָרט זאָלן מיר זיך צו־זאַמענטרעפן און מאַרשירן אַלע צוזאַמען צום טעאַטער־פּלאַץ. אָבער ווי נאָר מיר זענען צוגעקומען צו דער זשאַביע־גאַס, איז פּלוצלונג פון באַנק־פּלאַץ אָנ־געלאָפן אַ כאָפּטע קאָזאַקן אויף פערד און אָן שום וואָרנונג אָנגעהויבן שיסן אויף די דעמאָנסטרירנדיקע. עס איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה. אַ גרויסער טייל פון די דעמאָנסטראַנטן איז אַריין אין הויז פון זשאַביע איינס, אָבער אין גרויסן געדראַנג און טומל זענען די מענטשן געפאַלן איינער אויפן צווייטן און די קאָזאַקן האָבן אַריינגעשאָסן אין די געדיכטע קנוילן פון דער ליגנדי־קער מאַסע. חוץ די דערשאָסענע איז אין דער שרעקלעכער פּאַניק צעדריקט געוואָרן אויף טויט אַ צענדליק חברים. ענדלעך האָט זיך די שיסעריי אָפּגע־שטעלט. עס זענען באַלד אָנגעקומען עטלעכע קאַרעטעס פון דער גיכער הילף, וואָס האָבן אָוועקגעפירט די פאַרוווּנדעטע.

איך פאַרזענלעך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט גרויס שרעק. פּונקט מיט צוויי טעג פריער איז געקומען קיין וואַרשע אַ לאָדזשער חבר — אַ זאָקנ־

מאכער. מיר האָבן אים גערופן „דער קליינער שיעלע". אים האָט מען אין לאָדזש נעהאַט אַרעסטירט, און ער איז פון געפענגעניש אַנטלאָפן. געווען איז עס אַזוי: ווען ער האָט איבערגעגעבן צום דרוק אַ בונדישן אויפרוף, איז פונקט דעמאָלט פּאָליציי באַפאַלן די דרוקעריי, אַרעסטירט דעם קליינעם שיע־לע און אים אָפּגעפירט אין ערשטן פּאָליציי־אוטשאַסטאָק (צירקל). ווען דער שליסער פון תפיסה האָט אים אַריינגעבראַכט עסן, האָט שיעלע באַמערקט, אַז דער שליסער (קליוטשניק) האָט טאַקע געשלאָסן די טיר, אָבער זי איז דאָך געבליבן אָפן. שיעלע האָט לאַנג נישט געטראַכט, איז אַרויס פון אַרעסט און טאַקע גלייך געקומען קיין וואַרשע. מיר האָבן אים צוגעגרייט אַ דאָקו־מענט און ער האָט געדאַרפט באַלד אָפּפאָרן קיין ווילנע. אָבער שיעלע האָט זיך דאָך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע. אין דער ערשטער מהומה האָב איך אים פאַרלאָרן פון אויג און געטראַכט: ווער ווייסט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. שפּעטער אָבער האָבן מיר איינער דעם צווייטן געפונען און זענען שוין צוזאַמען אַוועק צום טעאַטער־פּלאַץ.

צענדליקער טויזנטער אַרבעטער מיט הונדערטער רויטע פענער זענען געווען פאַרזאַמלט אויפן טעאַטער־פּלאַץ, ווו ס'האָבן זיך געפונען דער שטאָ־טישער טעאַטער און דאָס ראַטהויז (ראַטוש) מיט זיינע פאַרשידענע אָפּטיי־לונגען, דערין אויך אַ טורמע, ווו עס זענען געזעסן הונדערטער אַרעסטיר־טע. די דעמאָנסטרירנדיקע מאַסע האָט פאַרלאַנגט, מען זאָל אַרויסלאָזן די אַרעסטירטע, אַנישט וועט זי אויפברעכן די טורמע. די מאַסע האָט אויך געפאָדערט, אַז דער אָרקעסטער פון טעאַטער זאָל אַרויסקומען אויפן באַל־קאָן און שפּילן רעוואָלוציאָנערע לידער. ביידע פאָדערונגען זענען דערפילט געוואָרן. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצולאָזן די אַרעסטירטע. די מאַסע האָט זיי געטראָגן אויף די הענט און דער אָרקעסטער האָט געשפּילט רעוואָלוציאָ־נערע לידער. דער ענטוזיאַזם איז געווען אומבאַשרייבלעך. גאַנץ פרעמדע מענטשן האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און געקושט. אָבער לאַנג האָט דאָס נישט אָנגעהאַלטן. באַלד זענען פון אַלע זייטן אָנגעקומען פּאָליציי און קאָזאַקן און זיי האָבן אָנגעפאַנגען צו שיסן פון לינקס און פון רעכטס און מערדערלעך געשלאָגן יעדן איינעם, וואָס איז זיי געקומען אונטער די הענט.

# י. ל. פּרץ וויל קיין הבדלה נישט מאַכן.

דער בירגערלעכער ייד האָט דעם „בונד" נישט ליב געהאַט. דער פּרומער ייד האָט דעם „בונד" בכלל און יעדן בונדיסט בפרט פיינט געהאַט, ווייל מיר זענען געווען נישט פרום און האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן דעם אָרטאָדאָקסישן יידנטום. די ציוניסטן ווידער האָבן אונז פיינט געהאַט, ווייל מיר האָבן אַ געפירט אַ קאַמף קעגן דער אילוזיע, אַז פּאַלעסטינע וועט לייזן די יידן־פראַגע. האָט מען פון אַלע לאַגערן אויף די בונדיסטן אויסגעטראַכט זאַכן, וואָס אין דער קאָרט איז נישטאָ. איינער פון די פילע אויסטראַכטענישן איז געווען, אַז די בונדיסטן זענען די עמי־הארצים פון דער יידישער גאַס, אַז זיי זאָרגן נאָר פאַר אַ גרעסער שטיק ברויט מיט פלייש. מיר האָבן דעם בלבול אָפּגעוואָרפן נישט מיט ווערטער, נאָר מיט מעשים. אונזער אינטעליגענץ האָט נישט ווייניקער געוווסט און איז באַשטאַנען פון נישט קיין קלענערע תלמידי חכמים ווי די אָרטאָדאָקסישע אָדער ציוניסטישע אינטעליגענץ. דער אונטערשייד איז נאָר געווען אין דעם, וואָס בעת יענע האָבן געקוקט אויף דער מאַסע מיט ביטול, און ביי אַ טייל איז עס אַפילו דערגאַנגען צו פאַראַכטונג, האָט די בונדישע אינטעליגענץ געקוקט אויף דער מאַסע מיט האָפענונג און מיט גלויבן. זי איז זיכער געווען, אַז אין דער מאַסע דרימלט דער ווילן צו אויפוואַכונג, דער ווילן זיך אויפצוהייבן אַלץ העכער, און די בונדישע אינטעליגענץ האָט טאַקע אַלץ געטאָן די מאַסע אויפצוהייבן. עס זענען געגרינדעט געוואָרן טויזנטער קרייזן, ווו מען האָט געלייענט רעפעראַטן איבער געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע קעגנשטאַנדן, עס זענען געשאַפן געוואָרן הונדערטער ביבליאָטעקן, אומלעגאַל, און דער יידישער מאַסע־מענטש איז טאַקע געוואָרן דער לייענער. און נישט בלויז דער לייענער. אויף וויפיל עס איז פאַר אים מאַטעריעל מעגלעך געווען, איז ער טאַקע אויך געווען דער קויפער פונם יידישן בוך. ער איז געווען דער הויפּט־באַזוכער אויף אַלע פאָרלעזונגען, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע.

איך בין געווען איינער פון דער דאָזיקער מאַסע, וואָס האָט נישט דורכגעלאָזן קיין איין וויכטיקע פאָרלעזונג. און ווי דאָס וואָלט היינט געווען, דער־

מען איך זיך, ווי אין א געווייסן שבת אין 1906 אדער 1907 איז אנאנסירט געווארן א פארלעזונג פון י. ל. פרץ וועגן העברעאישע און יידישע שרייבער. פארשטייט זיך, אז איך האב אזא פארלעזונג נישט דורכגעלאזט. איך האב געהאט אין ווארשע זייער אן אינטימע גרופע פון הארציקע חברים בונדיסטן און בונדיסטקעס, — זענען מיר אלע אוועק אויף דער פארלעזונג. שרייבן וועגן דעם גייסטיקן גענוס, וואס די פארלעזונג פון י. ל. פרץ האט אונז פארשאפט, דארף איך נישט. מיר האבן זיך שטענדיק געפילט, ווי ער גיט אונז פליגלען, מיר זאלן זיך קענען אויפהייבן העכער און העכער. אנגעהויבן האט פרץ יענע פארלעזונג מיט די העברעאישע שרייבער, אבער גערעדט האט ער דער עיקר וועגן חיים נחמן ביאליק, אלזייטיק באלויכטן זיין שאפן און אים שטארק געלויבט. י. ל. פרץ האט געזאגט, אז חיים נחמן ביאליק איז דער גרויסער צעוואקסענער בוים, וואס פארשטעלט פאר די איבעריקע העברעאישע שרייבער די זון און זיי קענען אין זיין שאטן נישט וואקסן. ווען פרץ האט געדארפט אריבערגיין צו די יידישע שרייבער — און רעדן האט ער געדארפט וועגן שלום אש, אברהם רייזען און ה. ד. נאמבערגן, — האט ער געזאגט, אז היות ווי ער האט היינט גערעדט וועגן העברעאישע שרייבער און ער פילט זיך דעריבער יום־טובדיק, וויל ער היינט קיין הבדלה נישט מאכן און וויל נישט אריבערגיין צו דער גרויער וואך.

וואס פאר א שטימונג דאס האט ביי מיר ארויסגערופן (און נישט בלויז ביי מיר, איך האב געהאט דעם איינדרוק, אז ביים גרעסטן טייל פון די צוהערער, ווארום דער גרעסטער טייל פון די צוהערער איז באשטאנען פון פשוטע פאלקס־מענטשן, פון ארבעטער), איז שווער איבערצוגעבן. יידיש איז דאך געווען די שפראך, אויף וועלכער מיר האבן אונזער בילדונג און גאנצע דערציאונג באקומען, אויף דער שפראך האבן מיר זיך דאך געלערנט קעמפן פאר א שענערער, בעסערער וועלט. מיר האבן זיך דאך געקוויקט אין דער פרייער צייט מיט די יידישע ווערק פון י. ל. פרץ, מענדעלע, שלום־עליכם, יונה ראזענפעלד, אש, נאמבערג, אברהם רייזען, מאריס ראזענפעלד, ווינטשעווסקי און צענדליקער אנדערע יידישע שרייבער. האבן מיר דאך אויף דער שפראך געלאכט און געוויינט, געליבט און געווארן געליבט. מיט אייןווארט — מיר האבן געקראגן פון י. ל. פרצעס נישט וועלן מאכן קיין הבדלה א שווערן קלאפ.

ווען י. ל. פרץ איז אראפ פון דער טריבונע מיט א גרופע באגלייטער, זענען מיר, א גרופע חברים, צוגעגאנגען צו י. ל. פרצן. איך בין געווען דער ראש המדברים פון דער גרופע און האב געזאגט פרצן, אז איך וואלט וועלן

וויסן, אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט ער געשריבן די „גאָלדענע קייט". און געפרעגט האָב דאָס מיט אַ פאַרשטיקט, איינגעהאַלטן קול. די טרערן האָבן מיך געשטיקט אין האַלדז.

פּרץ האָט מיר אויף דעם געענטפערט: „די גאָלדענע קייט האָב איך געשריבן אין יידיש". דאַן איז פון מיר ווידער געקומען די פראַגע: „ווי נעמט איר, ליבער פּרץ, אַזאַ שבתדיק, אַזאַ יום־טובדיק ווערק און פאַרשוועכט עס מיט דער וואָכעדיקער יידישער שפּראַך?"

פּרץ האָט דאַן ליבלעך אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל און געזאָגט צו אונז אַזוי:

— ליבע צוהערער און טייערע ליינער מיינע, איך זע, אַז איר לעבט דאָס שטאַרק איבער. איך וועל אויף דער צווייטער וואָך, באַלד ביים אָנהייב פון מיין פאַרלעזונג, אייך אויספירלעך ענטפערן אויף דער פראַגע.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן נישט דורכגעלאָזן די צווייטע פאַרלעזונג פון י. ל. פּרץ. אויף יענער פאַרלעזונג האָט פּרץ געהאַלטן וואָרט און האָט אָנגעהויבן דערמיט, אַז עס פאַרדריסט אים זייער, וואָס ער האָט מיט זיין פאַרענדיקן די פאַריקע פאַרלעזונג פאַרשאַפט ווייטאָג אַ גרויסער צאָל פון זיינע ליבע צוהערער און לייענער. „אָבער איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן — האָט פּרץ אויפגעהויבן זיין שטים — קיין פאָלק אין דער וועלט לעבט נישט אין שטענדיקן יום־טוב. די העברעאישע שפּראַך איז פאַר די ברייטע יידישע מאַסן שוין אַ טויטע שפּראַך. זי ווערט באַנוצט פאַר אויפשריפטן אויף מצבות, מען שרייבט אויף איר ספרי־תורהס אד"גל. אָבער די לעבעדיקע שפּראַך, די שאַפנדיקע שפּראַך, די שפּראַך פון האַנדל און אַרבעט, די שפּראַך פון פרייד און טרויער, מיט איין וואָרט — די שפּראַך פונם לעבעדיקן יידישן פאָלק — דאָס איז די יידישע שפּראַך".

איך ווייס נישט, ווי דאָס האָט געווירקט אויף אַנדערע, אָבער מיך פּערזענלעך האָט פּרצעס ענטפער דעמאָלט נישט באַפרידיקט.

## צוריק אין לאָדזש און זאַקנמאַכער-פאַריין.

אָנהייב 1906 בין איך אוועק צוריק קיין לאָדזש. דאָס איז דאָך מיין היים־שטאָט, וועלכע איך האָב אַלעמאָל ליב געהאַט מיט אַלע פיבערן פון מיין נשמה. אויסגעקליבן האָב איך צו פאָרן אַהיים אויף פּסח. אַזוי האָבן זיך גע־פירט אַלע בחורים: זיי האָבן אָפּגעאַרבעט אַ יאָר אין אַ גרויסער שטאָט, אָנגע־זאַמלט אַביסל געלט, זיך באַקליידט און אַהיים געפאָרן אויף פּסח. איך האָב זיך אויך באַקליידט, אָבער מיט אַזעלכע מלבושים, וואָס איך האָב פון פריער געפילט, אַז קיין פריינדלעכן „ברוך־הבא" וועל איך דערפאַר פון מיינע על־טערן נישט באַקומען: איך האָב פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די לאַנגע קאַפּאָטע מיטן יידישן היטעלע און זיך אָנגעטאָן אייראָפּעאיש. איך בין געקומען אַהיים ערב פּסח קורץ פאַר ליכט־בענטשן. די מאַמע האָט מיך באַגעגנט מיט אַ פריילעך פּנים, אָבער מיין טאַטע, אַנשטאָט מיר צו געבן „שלום־עליכם", האָט ביי מיר אַראָפּגעכאַפּט דעם הוט פון קאָפּ, אים אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד און געזאָגט:

— איך דאַרף נישט קיין דייטש ביי מיר אין הויז (אייראָפּעאיש גע־קליידט האָט אין יענער צייט ביי יידן געהייסן: אָנגעטאָן ווי אַ דייטש).

איך האָב דאַן געזאָגט דעם טאַטן אין אַ גוטמוטיקן טאָן, אַז אויב אַזוי, גיי איך אַוועק פון שטוב. די מאַמע האָט מיך פאַרשטעלט דעם וועג און צום טאַטן האָט זי געזאָגט: „ווייסטו נישט, אַז אפרים־אליעזר וועט שוין קיין רב נישט זיין?" איך בין געבליבן. דער טאַטע מיט די ברידער זענען אַוועק אין שטיבל. איך בין אויך אַוועק.

אַז מען איז געקומען צוריק פון דאַוונען, האָט מען שוין אין טאַטן נישט געקענט דערקענען קיין אויסדרוק פון אומצופרידנקייט. אין שטוב איז געווען ליכטיק אין יעדן ווינקל. מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש. אויף דעם טאַטן מיט דער מאַמען האָט ממש די שכינה גערוט. איך בין ווי אַלע מאָל געזעסן ביים טאַטנס רעכטער האַנט.

אויף מאָרגן בין איך אַוועק זען חברים. זיי האָבן אויסגעדריקט גרויס צופרידנקייט, וואָס איך פאַרבלייב שוין אין לאָדזש. אַרבעט — האָבן זיי

געזאָגט — איז פאַראַן אַ סך און מענטשן צו דער אַרבעט פעלן. דערצו נעמט איצט אָן די באַוועגונג נײַע פאָרמען. דער „בונד", ווי אַ פּאַרטײ, בלײַבט טאַקע ווײַטער אומלעגאַל מיט זײַן אַרבעט. אָבער מיר ווילן אַרומוואַקסן מיט לעגאַלע אינסטיטוציעס: פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען (יוניאָנס) און קולטור־אָרגאַניזאַציעס.

די בריטע אַרבעטער־מאַסן האָבן געהאַט אַן אומווילן צו די לעגאַלע אינסטיטוציעס. זײ האָבן געזאָגט, אַז אויב די רעגירונג דערלויבט אַזעלכע אינסטיטוציעס, איז איר כוונה דערבײַ אַזוי אַרום אויסצוגעפינען די אַקטיווע טוער פון דער באַוועגונג און זײ ליקווידירן. די בריטע מאַסן, וואָס זענען געגאַנגען מיטן „בונד", האָבן נישט געוואָלט ווערן קיין מיטגלידער אין די פאַרײנען, ווײַל זײ האָבן מורא געהאַט, אַז זײערע נעמען וועלן אַרײַנפאַלן אין פּאָליצייאישע הענט. די מורא איז אויך געווען גרויס צוליב דעם, וואָס די פאַרײנען, וועלכע דער „בונד" האָט געשאַפן, זענען געווען פּאַרטײאישע. אין יעדער פאַרוואַלטונג פון אַ פאַרײן האָט דער „בונד" געהאַט זײַנעם אַ פאָרשטײער, געשיקט פון אָרטיקן בונדישן קאָמיטעט. ער איז געווען דער היטער, אַז דער פאַרײן זאָל נישט אַראָפּ פון דער קלאַסן־ליניע. דאָס האָט אויסגענוצט די פּ.פּ.ס (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײ), וואָס האָט אין יענער צײַט געהאַט אַ גרויסע ייִדישע סעקציע, און זי האָט געבויט אומפּאַרטײאישע פאַרײנען. אין איר אַנטי־בונדישער אַגיטאַציע האָט די פּ.פּ.ס. זיך גענומען אָנצוװאַרפן אַ שרעק אויף די ייִדישע אַרבעטער פאַר די פּאַרטײאישע פאַרײנען.

די סבאָדקע פון די זאָקנמאַכער, צו וועלכער איך האָב געהערט, האָט אין אַ קורצער צײַט דורכגעפירט אַלע פאָרמאַליטעטן. עס איז פאָרגעקומען אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג פון פיר חברים: דער קלײנער משהלע, וועלכער געפינט זיך זינט 1907 אין די פאַרײניקטע־שטאַטן, יודל שטיצקי, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דײַטשע רוצחים אין ווילנע, בעריש בודניק — לאַנגע יאָרן געוווינט אין קאָפּענהאַגען און געשטאָרבן דאָרט אין 1950, און איך. דער פאָרשטײער פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד". אין אונזער פאַרוואַלטונג איז געווען בן־יקיר (לאַזאַר עפּשטײן), וועלכער איז הײַנט אַן אַקטיווער טוער אינם ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.

אונזער פאַרײן האָט באַלד נאָך דער גרינדונג אונטערגענומען אַן אַקציע, וואָס איז געווען קעגן די נאָרמאַל אײַנגעשטעלטע באַדינגונגען. די זאָקן־פּראָדוקציע איז געווען געבויט אַזוי, אַז יעדער זאָקן־פאַבריקאַנט האָט גע־

האָט צענדליקער כאַלופּניקעס (אין אַמעריקע רופט מען זיי קאָנטראַקטאָרס), וועמען ער פלעגט אַרויסגעבן די אַרבעט אַהיים. די כאַלופּניקעס האָבן געהאַלטן אַרבעטער נישט אין קיין גרויסער צאָל, צו צוויי אָדער דריי. די כאַלופּניקעס אַליין זענען געווען גרויסע אָרעמעלייט. אָפט האָט דער כאַלופּניק געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין זון און טאָכטער ביי זיך אין שטוב. מיר האָבן אָבער געהאַלטן, אַז דער כאַלופּניק איז אַ פּאַראַזיט אויף דעם קערפּער פון די אַרבעטער. האָבן מיר באַשלאָסן צו רופן אַן אַלגעמיינעם שטרייק אין פאַך מיט דער פאָדערונג, אַז די פאַבריקאַנטן זאָלן עפענען ביי זיך פאַבריקן. דער קאַמף איז געווען אַ שווערער. די פאַבריקאַנטן האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן און די כאַלופּניקעס האָבן געהאַלטן, אַז דער שטרייק איז געווענדט קעגן זיי, כאָטש מיר האָבן אַריינגעשטעלט אַ פּונקט אין די פאָדערונגען, אַז די כאַלופּניקעס מיט זייערע קינדער דאַרפן אַריינגענומען ווערן אין די פאַבריקן. די כאַלופּניקעס זענען געווען קעגן דעם שטרייק און זענען געווען שטרייקברעכער. מיר האָבן געהיט די וואַרשטאַטן, אָבער זיי האָבן געאַרבעט ביינאַכט. אין פּוילן האָט מען נאָך 11 אַזייגער ביינאַכט נישט געקענט אַריינקומען אין אַ הויז. ווער עס האָט געדאַרפט אַריינגיין, האָט געמוזט קלינגען צום סטרוזש. ווען דער סטרוזש האָט געזען, אַז דער, וואָס וויל אַריינקומען אין הויז, איז נישט קיין שטענדיקער איינוווינער דאָרט, האָט ער אים נישט אַריינגעלאָזט. אַזוי אַז היטן ביינאַכט די פאַבריקן האָבן מיר נישט געקענט. שאָדן ביי דעם שטרייק איז געווען אַ סך. טאָמער איז מען אַריינגעפאַלן צו אַ כאַלופּניק בייטאָג און געפונען דאָרט פאַרטיקע זאַכן, האָט מען לאַנג נישט געקלערט: באַגאָסן זיי מיט נאַפט און אונטערגעצונדן אָדער צעבראָכן די מאַשינען.

אַ שטרייק איז אויך פאָרגעקומען ביי דער פירמע שלעזינגער, וועלכע האָט אויף פּיעטריקאָווער 17 געהאַט אַ פאָרמעריי (ווו די זאַכן ווערן געפּרעסט). האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצושטעלן די פאָרמעריי. די פאַרוואַלטונג פון פאַריין האָט באַשטימט, אַז איך מיט יאַנקל ווייערניק (וועגן אים וועל איך שרייבן באַזונדער) זאָלן גיין רעדן צו די אַרבעטער, זיי זאָלן פאַרלאָזן די אַרבעט אויס סאָלידאַריטעט מיטן שטרייק. מיר זענען אַהין אַריין, גראָד ווען שלעזינגער אַליין איז דאָרט געווען. איך האָב זיך געווענדט צו די אַרבעטער, זיי זאָלן אָפּשטעלן די אַרבעט, ווייל איך וויל רעדן צו זיי. נאָר באַלד ווי איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן, איז צו מיר צוגעלאָפן דער הער שלעזינגער און קאַטעגאָריש מיר דערקלערט, אַז „ביי מיר וועט דאָ קיינער נישט רעדן", און זיך געוואָרפן אויף מיר שלאָגן. אַזוי ווי ער איז געווען אַ ייד

מיט אַ באָרד און אויך איך האָב געהאַט אַ באָרד — זענען אונזערע הענט פאַרקראָכן איינער דעם אַנדערן אין דער באָרד. דערווייל האָט שלעזינגער געקומען שרייען: „פּאָליציי!" מיר, איך מיט וויערניקן, זענען אַרויס פון פאַבריק און אָנגעהויבן צו לויפן. פּאָליציי איז אָבער אונז אַנטקעגנגעקו־מען און באַוויזן צו פאַרהאַלטן וויערניקן. מען האָט אים אַוועקגעפירט אין דער פּאָליציי און שפּעטער אים אַריבערגעפירט אין טורמע אויף טאַרגאָווע גאַס. איך האָב געזען, מען זאָל יעדן טאָג אים באַזאָרגן מיט עסן. שפּעטער האָב איך אַליין אויף זיך גענומען צו טראָגן אים עסן. אונזער פאַריין האָט זיך געפונען אין וואַרשעווער זאַל. מיר האָבן דאָרט געהאַט אַ צימער פאַר אַ קאַנצעלאַריע (אָפּיס) און דעם זאַל האָט דער בעל־הבית פאַרדונגען אויף חתונות, פאַרוויילונגס־אָוונטן און אויך אויף פאַרזאַמלונגען. ווען איך פלעג טראָגן וויערניקן עסן, איז מיר אויסגעקומען פאַרבייצוגיין פאַרביי דעם הויז, ווו אונזער פאַריין האָט זיך געפונען. איין מאָל זע איך, עס שטייען פאַרן טויער גרופּקעס מענטשן, אין הויף איז דאָ אַ סך פּאָליציי און עס טומלט זיך דאָרט. וואָס איז? עס קומט פאָר אַ פאַרזאַמלונג פון די בעקער־אַרבע־טער און פּאָליציי אַרעסטירט די פאַרזאַמלטע. וואָלט איך דאָך געדאַרפט וואָס גיכער זיך פון דאָרטן אָפּטראָגן, אָבער מיין יינגלשע נייגעריקייט האָט מיך דאָך געטריבן אין זאַל אַריין. געטראַכט האָב איך אַזוי: דאָרט געפינט זיך דאָך אונזער פאַריין, איך אַליין בין דאָך אַ לעגאַליזירטער מענטש, איך בין דאָך דער אָפיציעלער סעקרעטאַר פון פאַריין, און אַזוי ווי אין אונזער קאַנצעלאַריע האָט מען געקענט אַריינקומען נאָר אַדורכגייענדיק דעם זאַל, בין איך טאַקע אַריין אינעווייניק. דאָ האָט מיך אָבער אַ פּאָליציאַנט אָפּ־געשטעלט און נישט געלאָזט ווייטער גיין. איך האָב זיך פאַר אים פאַרגע־שטעלט, אַז איך בין דער סעקרעטאַר פון פאַריין, עס זענען מיינע אַמט־שעהן און איך מוז אַריינגיין אַרבעטן. דער פּאָליציאַנט האָט נישט געוואָלט שטעלן אויף זיך און האָט גערופן דעם פּריסטאַוו. דער פּריסטאַוו האָט צו־גערופן אַ זשאַנדאַרם און דער באַשלוס איז געפאַלן מיך מיטצונעמען.

אויפן הויף האָט מען אונז אַלעמען אויסגעשטעלט אין רייען, אַרומ־גערינגלט מיט פּאָליציי און אונז אַוועקגעפירט אינם צווייטן „אוטשאַסטאָק". דאָרט האָט מען אונז אַריינגעלאָזן אין אַן אַרעסטאַנטן־קאַמער, וואָס האָט געקענט מאַקסימום אַריינגעמען נישט מער ווי דרייסיק מענטשן. מיר זענען געווען מער ווי הונדערט און ס'איז אויסגעקומען צו זיצן ממש איינער אויפן צווייטן. די רעזולטאַטן פונם עסן האָבן זיך אָנגעהויבן צו לאָזן הערן אויף אַ הויכן שטייגער. אַרויסגעלאָזט פון קאַמער האָט מען נישט. עס זענען דאָרט

געשטאַנען אינעווייניק צוויי גרויסע עמער און עס האָט זיך אָנגעהויבן א שטופעניש צו זיי. עס איז געוואָרן א געדוק ממש דערשטיקט צו ווערן. דאָס האָט אונז זייער אויפגערעגט און מיר האָבן אָנגעהויבן צו שרייען און קלאַפּן אין די טירן. מיר האָבן געפאָדערט, מען זאָל אונז אַריבערפירן אין טורמע. קיינער פון דער העכערער פאָליציי האָט זיך נישט באַוויזן. אַנשטאָט דעם האָט מען אונז אַריינגעשיקט קאָזאַקן, וואָס האָבן גלייך אָנגעהויבן אונז צו שלאָגן מיט די קאָזאַקישע נאַהאַיקעס איבער די קעפּ, איבער די פּנימער און ווו נאָר זיי האָבן געטראָפן. די געוואַלדן און געשרייען האָבן זיך געטראָגן ביז אין הימל אַריין.

ווען אין דער אָרגאַניזאַציע האָט מען זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט די בעקערס, איז מען באַלד אַוועק צו אונזערן א חבר, א גוטן אַדוואָקאַט און אים געבעטן צו טאָן אַלץ כּדי מיך אַרויסצונעמען. אין יענער צייט האָט אין לאָדזש געהערשט קאַזנאַקאָוו, וועלכער איז געשיקט געוואָרן צו פאַרניכטן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. האָט אונזער אַדוואָקאַט אָנגעשריבן א ביטע צו קאַזנאַקאָוון, קלאָר באַוויזן דאָרט, אַז איך בין געגאַנגען צו מיין סעקרעטאַרישער אַרבעט און אַז מען האָט מיך גאַנץ צופעליק מיטגענומען צוזאַמען מיט די בעקער. די ביטע האָט געדאַרפט אונטערגעשריבן ווערן פון מיין טאַטן. דער אַדוואָקאַט אַנדערס איז אַוועק צו מיין טאַטן, וועלכער האָט אונטערגעשריבן די פּעטיציע, און אויפן דריטן טאָג האָט מען מיך באַפרייט. אַלע אַרעסטירטע בעקער־אַרבעטער האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר.

# מיר פֿאַרטיידיקן שלום אַשן אין לאָדזש.

דאָס איז פֿאָרגעקומען אין 1907 אָדער 1908. ביי יידישע אַסימילירטע עלטערן איז געשטאָרבן אַ ייִנגעלע פֿון 10 מאָנאַטן. דאָס קינד איז נישט געווען געמלט. האָט דער וואַרשעווער ראַבינאַט באַשלאָסן נישט צו ברענגען דאָס קינד צו קבר־ישראל. איז געוואָרן אַרום דעם אַ גרויסע מהומה. די כלי־קודש מיט זייערע אונטערלעקער האָבן אָנגעגורט די לענדן און אָנגעהויבן צו פֿירן אַ מלחמה קעגן יעדן מענטשן, וואָס האָט געוואָגט אויפֿצוהייבן אַ פּראָטעסט־שטימע קעגן דעם געוואַלד־אַקט פֿון ראַבינאַט.

די צייט איז געווען אַ פֿינצטערע. די רעוואָלוציע פֿון 1905 איז געווען אונטערדריקט. די נעכטיקע ראַדיקאַלע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט. די ברייטע מאַסן זענען געווען נידערגעשלאָגן. די יידישע בירגערלעכע פּרעסע האָט זיך געשטעלט אין דינסט פֿון ראַבינאַט — אין אַזאַ צייט האָט שלום אַש געוואָגט און אַרויסגעלאָזט אַ פּראָטעסט־בריוו קעגן דער באַרבאַרישער האַנדלונג פֿון ראַבינאַט, וואָס האָט באַשלאָסן נישט מקבר צו זיין דאָס קינד, כל־זמן עס וועט פֿריער נישט ווערן געמלט, טויטערהייט. איז די יידישע בירגערלעכע פּרעסע אַרויס מיט אַ קוויטש קעגן שלום אַשן. די צייטונגען האָבן געגעבן די עקלהאַפֿטסטע קאַריקאַטורן. אין יענער צייט בין איך געווען אַ מיטגליד אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון „האַרפֿע" אין לאָדזש. דאָס איז געווען אַ קולטור־אינסטיטוציע אונטער דער גייסטיקער השפּעה פֿון „בונד". האָט די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער „האַרפֿע" באַשלאָסן, אַז מיר, די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, דאַרפֿן זיך שטעלן אין שוץ פֿון שלום אַש.

מיר האָבן באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ פֿאָרלעזונג וועגן אַשן און אַלס רעפֿערענט נעמען דעם גרעסטן דיכטער פֿון אונזער צייט — י. ל. פּרץ. די פֿאַרוואַלטונג האָט מיך באַשטימט צו פֿאָרן קיין וואַרשע צו י. ל. פּרץ.

אַרויסברענגען אויפֿן פּאַפּיר וואָס פֿאַר אַ נשמה־ציטער איך האָב אָדורכגעלעבט איז פֿאַר מיר אוממעגלעך. איך, אַ יונגעטשקער בחור, אַן

אַרבעטער, דאַרף פֿאַרן רעדן מיט י. ל. פּרץ. איך האָב אויף פּרצן געקוקט ווי ער גרייכט מיט זיין דיכטערישער גרויסקייט ביז צו די הימלען, אויב נישט נאָך העכער.

י. ל. פּרץ האָט מיך זייער וואַרעם אויפגענומען. איך דערציילט אים וועגן מיין שליחות און זאָג אים, אַז די גאַנצע יידישע בירגערלעכע פּרעסע האָט זיך צעיאַכמערט קעגן שלום אַשן. מען זידלט אים, מען באַליידיקט אים, מען דרוקט פֿאַרשיידענע אויסגעלאַסענע קאַריקאַטורן. זי, די דאָזיקע פּרעסע, דערפֿילט מיט איר שונדישער נאָז וואָס פֿאַר אַ סחורה עס איז גוט פֿאַר איר אין דער געגעבענער סיטואַציע. עס איז אָבער דאָ איין ריכטונג אויף דער יידישער גאַס, וואָס דרייט זיך נישט נאָך דעם ווינט. דעריבער האָט די פֿאַרוואַלטונג פֿון „האַרפֿע" באַשלאָסן נעמען אין שוץ שלום אַשן, און מיר מיינען — „אַז דער, וואָס קען זאָגן אַ שטאַרק וואָרט, וואָס זאָל געפֿינען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג אויף דער יידישער גאַס, דאָס זענט איר — י. ל. פּרץ".

ווען ער האָט אויסגעהערט מיינע ווערטער, האָט ער די גאַנצע צייט געקוקט מיט זיינע גליענדיקע אויגן אויף מיר און אַרויפֿגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל און געזאָגט צו מיר:

— מיינט איר, בחור, אַז אין דער איצטיקער אַטמאָספֿערע קעגן אַשן וועט מען קענען אַזאַ פֿאַרלעזונג דורכפֿירן?

— אויב „האַרפֿע", וואָס איז אונטער דער השפּעה פֿון „בונד", נעמט זיך עס אונטער, קען איך אייך פֿאַרזיכערן, אַז די פֿאַרלעזונג וועט דורכגעפֿירט ווערן אויפֿן בעסטן אופֿן — האָב איך אים געענטפֿערט.

י. ל. פּרץ האָט געגעבן זיין הסכמה.

די פֿאַרלעזונג איז פֿאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל און ער איז געווען פֿול געפּאַקט. י. ל. פּרץ האָט אָנגעהויבן זיין פֿאַרלעזונג מיט די ווערטער: „איך גיי היינט רעדן וועגן אַ יידישן שרייבער, וואָס עס איז אַ געפֿאַר צו דערמאָנען זיין נאָמען, דאָס איז וועגן שלום אַשן".

ווי נאָר ער האָט דערמאָנט זיין נאָמען, האָט דער גאַנצער עולם לאַנג אַפּלאָדירט. מען האָט געזען ווי פֿון פּרצעס שטענדיק ברענענדיקע אויגן לייכט אַרויס אַ צופֿרידנקייט. פּרץ זאָגט, אַז ביי אַשן לעבט אַ טראַציקייט. ער האָט ליב אָפּט מאָל, אַז אַ וואָרט זאָל אַ ברי טאָן. נאַטירלעך, וועמען ער וויל עס זאָל בריען. אַזוי צום ביישפּיל — זאָגט פּרץ — האָט ער (אַש) אָנגעשריבן זיין „גאָט פֿון נקמה". יידן ווייסן, אַז זייער גאָט איז נישט קיין גאָט פֿון נקמה, נאָר אַ גאָט פֿון רחמים. זיין ווערק וואָלט גאָרנישט אָנגע-

וואָרן, ווען ער גיט אים אַ נאָמען „יאַנקל שאַפּשאָוויטש". אַזוי איז אויך מיט דעם אָפענעם בריוו וועגן מילה־סקאַנדאַל. אָבער אַזוי איז שוין שלום אַש, און מיר מוזן אים נעמען אַזוי ווי ער איז. און איצט וועגן דער טעמע: מיט עטלעכע יאָר צוריק — זאָגט י. ל. פּרץ — וואָלט דער מילה־סקאַנדאַל אַזוי פיל בייז בלוט נישט פאַרשאַפט. ביי דער טיר זענען דעמאָלט געשטאַנען ערנסטערע און וויכטיקערע פראַגן און האָבן געוואַרט אויף אַן ענטפער. איז אָבער די רויטע פאָן פון האַנט אַרויסגעפאַלן. די שוואַרצע רעאַקציע האָט געזיגט אויף דער גאַנצער ליניע. עס איז אַ יום־טוב אויף דער רעכטער גאַס, און אויף לינקס איז שטיל. אין דער דאָזיקער שטילקייט האָט זיך דעם טויטן קינדס פאָטערס געשריי דערהערט אין דעם קינסטלערס פראַטעסט און האָט אין אַלע מידע הערצער אָפּגעהילכט...

איך געדענק נישט גענוי דעם פולן אינהאַלט פון י. ל. פּרצעס רעדע, אָבער איין זאַך האָט זיך איינגעשניטן אין מיין זכרון: ער האָט געהאַלטן פון דעם סימבאָל וואָס הייסט מילה, אָבער ער האָט פּראָטעסטירט מיטן גאַנצן ברען פון זיין נשמה קעגן די, וואָס פראַוועט אַ שדים־טאַנץ קעגן שלום אַשן. עס מוז זיין דאָס רעכט פון יעדן מענטשן צו פּראָטעסטירן קעגן געמיינקייט, און בפרט מוז אַזאַ פרייהייט האָבן אַ קינסטלער.

די פאָרלעזונג פון י. ל. פּרץ האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אויף די צוהערער. זיי האָבן אים באַדאַנקט מיט לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן. און איך האָב געטראַכט, אַז די צוהערער האָבן אויך שטאַרק געווירקט אויף י. ל. פּרצן, ווייל אַ קורצע צייט נאָך דער פאָרלעזונג האָט זיך באַוויזן אַן אַרטיקל וועגן מילה־סקאַנדאַל פון י. ל. פּרץ.

# איך אַנטפּלעק אַ סוד מיינעם אַ חבר.

מיין חבר הענעך קאָך באַשליסט צו פאָרן קיין אַמעריקע. ער גייט אַרום מיט אַ מיידל. באַשליסן זיי פאָרן אָפּפאָרן קיין אַמעריקע צו שרייבן תנאים. די תנאים זענען גלייכצייטיק געווען אַ געזעגענונגס־אָוונט פאַרן חתן. איך האָב זיך מיט אים געזעגנט אינם נאָמען פון אַ גרופּע חברים. אויף מאָרגן האָב איך זיך מיט הענעכן געטראָפן און צו אים געזאָגט: „הענעך! איך וויל דיר אַנטפּלעקן אַ סוד און פרעגן ביי דיר אַן עצה". „דערציילן!" — האָט מיר הענעך געזאָגט מיט נייגעריקייט.

— איך בין פאַרליבט אין אַ מיידל שוין באַלד דריי יאָר. דו קענסט זי. זי הייסט שרהטשע. ווען מיר ביידע זענען אין 1904 געווען אויפזעער אין דער פאַבריק פון מלחמה־הענטשקעס, האָט זי דאָרט געאַרבעט. מיין אויג איז געפאַלן אויף איר. אַז איך האָב באַדאַרפט צוגיין צו יענעם טיש האָב איך ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק שטענדיק געווענדט מיין בליק צו איר. איין מאָל האָט זיך אָפּגערופן אַן אַרבעטערין, אַז ווען אפרים־אליעזר קוקט אויף אַ שיין מיידל, מוז ער שמייכלען. פון דעמאָלט אָן האָב איך אויסגע־מיטן יענעם טיש. אָבער מיין האַרץ האָט געקלאַפּט פאַר איר. ווען עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג, האָב איך זי גערופן, און ווען איך האָב גע־רעדט אויף אַ פאַרזאַמלונג און זי איז דערביי געווען, האָב איך געפילט, אַז איך רעד שענער און פיל זיך דערהויבענער. אָבער אַנטפּלעקן מיינע געפילן צו איר האָב איך נישט געקענט. די שולד איז געווים אין דעם, וואָס איך האָב זיך נאָך נישט באַפרייט פון מיינע חסידישע געוווינהייטן. איך מוז דיר זאָגן, אַז זי זעט אויס, ווי דיין מיידל. זי האָט אַזאַ צאַרט איידל געזיכט. זי גייט פונקט אַזוי פאַרקעמט, ווי דיין מיידל. זי פאַרמאָגט אַזאַ צניעותדיקן אויסזען, וואָס אַ יידישע טאָכטער דאַרף פאַרמאָגן. דיין מיידל האָט נאָך צוויי מעלות, וואָס שרהלע פאַרמאָגט נישט: דיין מיידל האָט אַ הויכן שטערן, אַזוי ווי אַ תלמיד־חכם, און אויגן, וואָס שפּריצן מיט חכמה...

הענעך האָט מיך אויסגעהערט און געזאָגט צו מיר:

— הער אויס מיט קאָפּ. איך קען דאָס מיידל, איך קום אָפּט אריין צו זיי אין שטוב, ווייס איך דאָס, וואָס דו ווייסט נישט. זי איז אַ קראַנקע. איך ווייס גוט, וואָס ס'איז אַזוינס ליבעס־געפילן, אָבער — לאָז זיך נישט פירן נאָר פון געפילן. וועל איך ביי דער געלעגנהייט דיר אויך אַנטפּלעקן אַ סוד. דו קענסט חברטע פּערל? זי איז אַ גאַנץ שיין מיידל. ענערגיש און אַקטיוו. זי איז פאַרליבט אין דיר. זי איז דאָך אַ מיידל — וועט זי דיר דאָס נישט זאָגן.

דערויף האָב איך געענטפערט:

— דו האַלטסט דאָך מיך נישט פאַר אַזאַ נאַר, איך זאָל אַזאַ זאַך נישט דערפילן. איך ווייס, אַז דאָרט וווּ איך בין, וואַקסט זי אויך אויס און דרייט זיך אַרום מיר. זי איז אַ גאַנץ שיין מיידל, און טאַקע ענערגיש, אָבער צו מיינע בחורשע געפילן רעדט זי נישט. זי האָט מענערשע מאַניערן. זי וואָלט געווען גוט אין „באַיעוואָי אָטריאַד", עס זאָל זיך ביי איר שטענדיק געפינען אַ רעוואָלווער אין טאַש. זי וואָלט גוט געקענט באַשיצן דעם פאָנען־טרעגער ביי אַ דעמאָנסטראַציע. אָבער איר פעלט דאָס צאַרטע, דאָס מיידלשע. דערייבער איז דאָס נישט פאַר מיר.

מיט דעם האָט זיך אונזער געשפּרעך געענדיקט.

איך האָב ווייטער געטאָן מיין אַרבעט אין „בונד" און אין פאַריין און האָב ווייטער געחלומט וועגן יענעם מיידל.

אין אַ געוויסן אָוונט קומט צו מיר פּערל און זאָגט, אַז זי האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין ווילנע. דערביי פרעגט זי ביי מיר זייער אומשולדיק: „אפשר, חבר אפרים־אליעזר, וועט איר אויך פאָרן?" הייב איך אויף די אויגן צו איר און זאָג: „פאַרוואָס זאָל איך דאָס טאָן? איך בין דאָ געבוירן, איך האָב שטאַרק ליב לאָדזש, איך אַרבעט און פאַרדין. איך בין פאַרוואָרצלט אין דער באַוועגונג. פאַרוואָס זאָל איך פּלוצים פאָרן אין אַן אומבאַקאַנטער שטאָט מיט גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען"?

זי האָט זיך מיט מיר וואַרעם אָפּגעזעגנט און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז מיר וועלן זיך נאָך זען.

אין יאָר 1908 באַקום איך אַ בריוו פון ווילנע, אַז אַזוי ווי עס איז אויסגעבראָכן אַ זאָקנמאַכער־שטרייק פון גאַנצן ווילנער ראַיאָן, טויזנטער אַרבעטער זענען אַריינגעצויגן אין שטרייק, און אַזוי ווי זיי האָבן ווייניק דערפאַרענע מענטשן צו אַזאַ אַרבעט, בעט מען מיך דעריבער, אַז איך זאָל קומען צו זיי, ביז דער שטרייק וועט זיין פאַרענדיקט. אונטערגעשריבן איז דער בריוו געווען פונם שטרייק־קאָמיטעט.

## עפּיזאָדן פון מײַן לעבן

װען איך האָב דעם בריװ געלײענט, האָב איך צו זיך געשמײכלט. איך בין נאָך נישט געװען אַזאַ אַקטיװער טוער, אַז איך זאָל שױן זײַן אַזױ װײַט באַקאַנט און זײַן אימשטאַנד מײַן טעטיקײט אױסצושפּרײטן װײַטער פון שטח פון מײַן שטאָט. איז מיר געװאָרן קלאָר, אַז אינם פאַרלאַנג פון דעם שטײק־קאָמיטעט מיך אַריבערצוברענגען קײן װילנע האָט געשטעקט די האַנט פון פּערלען.

איך האָב גלײַך געענטפערט מיט אַ בריװ, אַז, ערשטנס, פיל איך זיך נאָך נישט בכוח איבערצונעמען אַזאַ פאַראַנטװאָרטלעכע אַרבעט, דערצו נאָך אין אַזאַ שטאָט װי װילנע, און צװײטנס — בין איך בײַ זיך אין לאָדזש פאַרװאָרפן מיט אַרבעט אַזױ, אַז איך קען פון דאַנען נישט אַװעקפאָרן.

אָבער אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ בריװ פונם צ״ק, איך זאָל גלײַך פאָרן קײן װילנע. דאָ בין איך שױן געװען אומעטיק זיך אַנט־קעגנצושטעלן. אַז דער צ״ק באַפעלט, פאַרפאַקט מען דאָס פעקל און מען פאָרט.

# אַ יאָר אין ווילנע.

דאָס איז געווען מיין ערשטע ווייטע נסיעה. איך בין אָנגעקומען אין ווילנע אין אָוונט און פאַרפאָרן אויפן אַדרעס, וואָס מען האָט מיר צוגעשיקט. איך קום אַריין אין אַ קליין צימערל — עס זיצן עטלעכע מיידלעך, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך פּערל. זיי דריקן אויס זייער צופרידנקייט מיט מיין קומען און זאָגן מיר, אַז באַלד טאַקע דאַרף דאָ אָפּגעהאַלטן ווערן די זיצונג פון שטרייק־קאָמיטעט. איך וואַרף פון זיך אַראָפּ דעם מאַנטל. עס איז אַ זומערדיקער, הייסער טאָג און מיר איז נאָך הייסער, ווייל איך בין אויף אַ ניי אָרט, צווישן נייע מענטשן, אין אַ נייער אומגעבונג. זאָג איך צו איין חברטע, וואָס זיצט ביים פענצטער: „עס איז אַזוי הייס, אפשר וועט איר עפענען אַ ביסל אַ ליפּטשיק?״ ווערט זי רויט און אויך אויף די פּנימער פון די אַנדערע חברטעס שלאָגן אַרויס רויטע פלעקן. זיי בייגן זיך אַראָפּ און לאַכן. איך פאַרשעם זיך און באַקוק זיך פון אויבן ביז אַרונ־טער — אפשר האָבן די מיידלעך ביי מיר געזען עפּעס אַזוינס, וואָס רופט ביי זיי אַרויס אַזעלכע פלעקן אויפן פּנים און אַזאַ שעמעוודיקן געלעכטער. איך אַליין האָב געפילט, אַז אויך איך טונק זיך אָפּ אין רויטקייט. ערשט מיין חברטע פון לאָדזש, פּערל, רופט מיך אָפּ אָן אַ זייט און זאָגט מיר, אַז אין ווילנע רופט מען אַ סטענדל (אַ ביוסט־האַלטער) — אַ ליפּטשיק, און וואָס ביי אונז אין פּוילן רופט מען „ליפּטשיק״ — רופט מען דאָ „פאָר־טאָטשקע״...

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די זיצונג. די מערהייט פון שטרייק־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון פרויען. די מענער זענען געווען: ווירגילי־קאַהאַן, איי־נער מאָסיע און איך. דער שטרייק איז געווען אַ שווערער. די בעלי־בתים זענען געווען פאַרעקשנט. די אַרבעטער זענען געווען צעשפּרייט איבער הונ־דערטער וואַרשטאַטן אין ווילנע און איבער דער פּראָווינץ. די אָרעמקייט אין די היימען פון די אַרבעטער איז געווען אומגעהייער גרויס. האָט מען אויפגעהערט איין טאָג צו אַרבעטן, איז שוין באַלד אויף ברויט נישט גע־

ווען. די פאַריינען פון ווילנע און אויך פון אַנדערע שטעט, האָבן געגעבן שטיצע די שטרייקער. אָבער די פאַריינען אין צאַרישן רוסלאַנד זענען גע־ווען אָרעם. זייערע קאַסעס זענען געווען פּוסט, איז די הילף, וואָס זיי האָבן געקענט געבן, געווען אַ מינימאַלע. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" האָט געמאַכט אַ ווענדונג צו די פאַריינען פון אַנדערע לענדער, האָבן די לעצטע אויך צוגעשיקט אביסל געלט. אָבער די אויסגאַבן זענען געווען זייער גרויס. נישט בלויז אונטערשטיצן די שטרייקנדיקע האָבן מיר באַ־דאַרפט, מען האָט אויך געמוזט שיקן מענטשן אויף דער פּראָווינץ.

איך האָב די גאַנצע צייט פונם שטרייק געאַרבעט אין ווילנע, בלויז איין איינציק מאָל האָט מען מיך געשיקט קיין סוועַנציאַן. אַן אַדרעס האָט מען מיר געגעבן צו אַ בעקער־אייגנטימער. דער בעקער האָט געהאַט דריי פּעכטער זאַקנמאַכערקעס. איך בין אָנגעקומען קיין סוועַנציאַן פרייטאָג פאַרנאַכט. שבת נאָך מיטאָג האָט געדאַרפט פּאָרקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די שטרייקנדיקע. מען האָט מיך ביים בעקער אויפגענומען אַזוי וואַרעם, ווי עס וואָלט געקומען אַ חסידישער איידעם אויף קעסט. מען האָט מיר אָפּגעגעבן אַ באַזונדערן אַלקער. מען איז געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער און מען האָט מיך כסדר געפרעגט, צי איך דאַרף נישט עפּעס. די מיידלעך האָבן מיר דערציילט, ווי עס זעט אויס מיטן שטרייק, און איך האָב זיך געגרייט צו דער רעדע. צוויי מיידלעך זענען אַוועק פריער צו דער פאַר־זאַמלונג און איינע פון די שוועסטער האָט מיך געדאַרפט ברענגען צו דער פאַרזאַמלונג. איך געדענק שוין נישט מער, ווו די פאַרזאַמלונג האָט גע־דאַרפט פּאָרקומען — אין וואַלד אָדער אויף אַ פעלד. איך ווייס נאָר, אַז דאָס מיידל האָט מיך געפירט לאַנגע שעהן און דעם פּלאַץ פון דער פאַר־זאַמלונג האָבן מיר נישט געפונען. צו מיר האָט מען נישט געקענט האָבן קיין טענות, אָבער עגמת־נפש האָב איך געהאַט גענוג. און וויצן אויף מיין חשבון האָבן אויך נישט געפעלט.

דער שטרייק האָט לאַנג אָנגעהאַלטן און זיך פאַרענדיקט מיט אַ טייל־ווייזן נצחון. איך בין נאָך פאַרבליבן אין ווילנע עטלעכע טעג נאָכן שטרייק. די פאַרוואַלטונג פון זאַקנמאַכער־פאַריין האָט אַפילו געבעטן, איך זאָל פון ווילנע נישט אַוועקפאָרן; באַזונדערס האָט זיך וועגן דעם באַמיט פּערל, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן — איך בין אַוועקגעפאָרן צוריק קיין לאָדזש. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און ווידער האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו, איך זאָל צוריק פאָרן קיין ווילנע. איך האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי טרייבן גוואַלדיק איבער דעם נוצן, וואָס זיי וועלן האָבן פון מיר.



די ערשטע פאַרוואַלטונג פון זאָקן־מאַכער פאַריין אין לאָדזש, לעגאַליזירט אין 1906; — פון רעכטס צו לינקס: דער קליינער משהלע (לעבט היינט אין די פאַרייניקטע־שטאַטן), לאַזאַר עפשטיין (דער פאָרשטייער פון קאָמיטעט, היינט אין ניו־יאָרק), בעריש (פאַמיליע־נאָמען געדענק איך נישט), אפרים־אליעזר זעלמאַנאָוויטש, יידל שטיצקי (אומגעקומען אין ווילנע דורך די דייטשן)

אָבער ענדלעך האָב איך זיך אונטערגעגעבן און געפּאָרן.

איך האָב דאָס מאָל מיטגענומען מיט זיך אַ חבר אַ ייִנגערן פון מיר. זײַן נאָמען איז געווען יאַנקל װוּיערניק. ער האָט אויך מיטגעווירקט, אַז איך זאָל פּאָרן. ער האָט געהאַט אַ ביטערע היים. די עלטערן זײַנע זענען געווען בעל־פּרנסהס, אָבער פאַנאַטיש־פּרומע. עס האָט אין הויז געטריפט מיט בוימל. שבת האָט דער טאַטע נישט געוואָלט מאַכן קיין קידוש, ווען יאַנקל איז געזעסן בײַם טיש, ווײַל דער ווײַן וועט ווערן ייִן־נסך. האָט יאַנקל געוואָלט אַרויס פון דעם גיהנום און זײַן וואָס ווײַטער פון דער היים. זענען מיר בײדע געפּאָרן קיין ווילנע. מיר האָבן זיך געקויפט צוויי מאַשינדלעך, גענומען אַ דירה אויף פּאָהוליאַנקע, לעבן זאַקרעטער וואַלד. מיר פלעגן נע־מען אַרבעט אַהײם און האָבן אויסגעאַרבעט אויף אונזער אויסקומעניש.

איך בין באַלד געוואָרן אַקטיוו אין פאַרײַן און אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. איך בין אויך אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון קולטור־פאַרײַן. קורץ, אַרבעט האָט נישט געפעלט. איך האָב אָנגע־הויבן אַרײַנצוקומען אין הויז פון דער זינגערין קיטאַיעווא. דאָרט איז געווען די יאַווקע פון די ציוניסטן־סאָציאַליסטן (ס. ס.) — אַ פרײלעכע שטוב מיט דיסקוסיעס, רעפעראַטן, געזאַנג, וויצן און געלעכטער. זאָגן, אַז אין ווילנע איז מיר דעמאָלט געווען אומהיימלעך, קען איך נישט. אַרום אונז, דאָס הייסט אַרום מיר און יאַנקל וויערניק, האָבן זיך געדרייט פּערל און די שוואַרצע רחל — אַ ביאַליסטאָקער מיידל, אַן אַקטיוויסטקע בײַם „בונד". יאַנקל וויערניק האָט זיך באַלד אָפּגעזוכט אַ מיידל, אויך אַ זאַקנ־מאַכערין — אסתר שלייפער. זי האָט געהאַט אַ ברודער זייער אַן אַקטיווען טוער אין „בונד", גערופן האָט מען אים ראובן. דורך זיי האָבן מיר זיך באַקענט מיט נאָך און נאָך מיידלעך. פאַרשטייט זיך, אַז ווו מיידלעך, זע־נען אויך דאָ בחורים, און מיר האָבן גאַנץ גוט פאַרבראַכט. אין דער פרײַע־צײַט זענען מיר געגאַנגען אויף פאַרזאַמלונגען, דיסקוסיעס, פאָרלעזונגען און אין טעאַטער. זומער — אין וואַלד.

אַזוי האָב איך אָפּגעלעבט אין ווילנע אַ קנאַפּ יאָר — ביז ענדע 1908 אָדער אָנהייב 1909 — איך געדענק נישט גענוי. דאַן האָב איך שוין ווידער געמוזט אַוועקפאָרן.

איין מאָל, ווען איך בין געקומען אַהײם אין אָוונט, זאָגט מען מיר, אַז עס זענען געווען צוויי סטראַזשניקעס (פּאָליציי־לײַט) און זיך אויף מיר נאָכגעפרעגט. אַזוי ווי זיי האָבן מיך נישט געטראָפן אין שטוב, האָבן זיי איבערגעלאָזט אַ צעטל, אַז מאָרגן אין דער פרי זאָל איך קומען אין פּאָ־

ליציי און זאָל זיך ווענדן צום פּריסטאַוו. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין שוין די נאַכט נישט געשלאָפן אין מיין היים. צומאָרגנס בין איך אַוועק צום דאָקטאָר ראַפּעס (אַ ברודער פון משה ראַפּעס). ער איז אויך געווען אונזע־רער אַ חבר און אַן אָנגעזעענער מענטש אין ווילנע. ער איז גראָד געווען באַקאַנט מיטן פּריסטאַוו. בין איך צו אים אַוועק און אים דערציילט די געשיכטע. ד״ר ראַפּעס האָט זיך גלייך פאַרבונדן מיטן פּריסטאַוו און יע־נער האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט פון דער זשאַנדאַרמעריע געקראָגן אַן אויפטראָג מיך צוצושטעלן צו זיי און ער האָט אים, ראַפּעסן, געגעבן אָנ־צוהערן, אַז בעסער זאָל איך זיך אָפּטראָגן פון ווילנע, און טאַקע גלייך.

איך האָב זיך געזעגנט מיט די נאָענטסטע פריינד. פערלען האָב איך געוואונטשן, זי זאָל זיך געפינען אַ פיינעם חתן (אַן אָנצוהערעניש, זי זאָל נישט טראַכטן וועגן מיר). און טאַקע דעם זעלבן אָוונט בין איך אַוועקגע־פאָרן פון ווילנע.

# מיט אַ. ליטוואַק.

.1

דאָס איז געווען אין 1908 אין ווילנע. דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור, מענדעלע מוכר ספרים, האָט אונטערגענומען אַ רייזע איבערן יידישן תחום. יידישע קולטור־אינסטיטוציעס פון די גרעסערע שטעט האָבן דעם זיידן איינגעלאַדן צו זיך. אָבער ווילנע איז געווען אַן אויסנאַם. דאָרט איז ער איינגעלאַדן געוואָרן פון דער יידישער קהילה. מען האָט געדונגען אַ זאַל אין דעם שענסטן רעסטאָראַן פון שטאָט און די קהילה האָט צו־נויפגעשטעלט אַ קבלת־פּנים קאָמיטעט. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די פּני פון שטאָט. אַ בילעט צו דער אויפנאַמע האָט געקאָסט 5 רובל; אין יענער צייט איז עס געווען געגליכן צו אַ וואָך פאַר־דינסט פון אַ דורכשניטלעכן אַרבעטער. איך האָב געהאַט אַ גרויסן פאַר־לאַנג צו זיין ביי דעם קבלת־פּנים, אָבער דאָס האָט געהייסן זיך אָפּזאָגן פון אַ וואָך עסן. גובר געווען האָט דער פאַרלאַנג צו זען און הערן מענ־דעלע מוכר ספרים. איך האָב זיך געגרייט צום קבלת־פּנים מיט אַ ציטער אין האַרצן. געוויינטלעך האָב איך געטראָגן אַן אַנצוג מיט אַ הוט, אָבער דאָס מאָל איז געווען אַנדערש. איך האָב זיך אָנגעטאָן אַזוי ווי די ווילנער רעוואָלוציאָנערע בחורים זענען דעמאָלט געגאַנגען: אַ שוואַרצע „רובאַש־קע" (העמדל), געמאַכט פון סאַטין, דאָס קעלנערל אויסגענייט, מיט אַ קור־טעם (אַזאַ שנור) אַרומגעבונדן און צוויי טראָלדן זענען אַראָפּגעהאַנגען. ווען איך בין אַריין אין זאַל, האָט מיר אַ בליץ געטאָן די אויסערגעוויינטלעכע ליכטיקייט, די געסט. איך האָב זיך נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן מיט אַזעל־כע געסט אויף קיין יום־טוב. די מענער האָבן געטראָגן שוואַרצע פראַקן מיט ווייסע, שטייף־אויפגעשטעלטע קראַגנס. די האָר — פּלאַטשיק פאַרקעמט. די פרויען האָבן געטראָגן זיידענע און סאַמעטענע קליידער מיט לאַנגע שלע־פּעס. די פינגער זענען געווען באַלייגט מיט בריליאַנטענע רינגען. זיי האָבן געטראָגן גרויסע דעקאָלטעס און די העלדזער זענען געווען באַהאַנגען מיט

גאָלד און פערל. ווי אַזוי איך מיט מיין קליידונג האָב אויסגעזען אין זיי־ערע אויגן, האָב איך זיך אַליין אויך פאָרגעשטעלט, און צענדליקער אויגן האָבן טאַקע געקוקט אין מיין זייט. די טישן זענען געווען רייך סערווירט און אַרום זיי זענען געזעסן פיל פון די געהויבענע געסט. אין פאָדערשטן זאַל איז אויך געווען געגרייט אַ טיש, אַרום וועלכן עס זענען געזעסן די יידישע שרייבער. איך דערמאָן זיך בלויז איינעם פון זיי, וועלכער געפינט זיך היינט אין אַמעריקע, דאָס איז געווען דוד איינהאָרן. ס'האָט זיך דאָרט אויך געפונען אַ. ליטוואַק. דער אָוונט איז געעפנט געוואָרן דורך דעם פאָר־זיצער פון דער יידישער קהילה, ד"ר צמח שאַבאַד, און נאָך דעם האָבן זיך אָנגעהויבן די באַגריסונגען. זיי זענען געהאַלטן געוואָרן אויף רוסיש, העב־רעאיש און יידיש. די ווייט גרעסטע מערהייט האָט גערעדט רוסיש.

דאַן איז גערופן געוואָרן צום וואָרט אַ. ליטוואַק. ער איז אַריינגעקו־מען אין זאַל און זיך דערנענטערט צום פּרעזידיום־טיש. אַלע אַרום האָבן געקוקט אויף אים מיט מאָדנע בליקן: אַ מענטש גייט אַזוי אָרעם געקליידט, הינקט אויף אַ פוס. אָבער ליטוואַק האָט געלייגט ווייניק אַכט אויף די גע־הויבענע געסט. ער האָט אָנגעהויבן זיין באַגריסונג מיט אַ האַרציקן „ברוך־הבא" פאַר מענדעלע מוכר ספרים און דערקלערט, אַז ער רעדט אין נאָמען פון די יידישע שרייבער, וואָס זיצן אַט דאָרט אין דעם פאָדערשטן צימער. „זיי, די יידישע שרייבער, וואָס לערנען זיך ביי אייך; זיי, די יידישע שריי־בער, וואָס לעבן מיט דעם פייערדיקן ווילן צו שטאַרקן דאָס יידישע וואָרט, עס פונאַנדערצוטראָגן צו די יידישע פאָלקס־מאַסן, צו הייבן זייער קולטור און שטאַרקן זייער באַוווסטזיין, — זיי האָט מען נישט איינגעלאַדן אינם קבלת־פּנים־קאָמיטעט פאַר אייך, זיידע מענדעלע. איך וויל אָבער אייך אָנ־נעמען ביי דער האַנט און מאַכן אַ שפּאַציר מיט אייך איבער די רייכע וווינונגען פון די געהויבענע געסט, וואָס זיצן דאָ אַרום. איך וואָלט אייך געבן אַריינגעפירט אין זייערע ביבליאָטעקן־צימערן. איר וועט דאָרט געפי־נען ביכער אויף אַלערליי שפּראַכן. די ביכער זענען געבונדן אין לעדערנע בענד מיט גאָלדשניטן. זיי שטייען אָוועקגעשטעלט אין שענק, וואָס זענען געמאַכט פון דעם שענסטן און טייערסטן האָלץ און פון די בעסטע בעלי־מלאכהס. אָבער קיין יידיש בוך וועט איר דאָרט נישט געפינען. אויב איר וועט געפינען אַ יידיש בוך, וועט עס זיין פאַרשטעקט אין אַ ווינקל, עס וועט ליגן פאַרשעמט, נישט געבונדן..."

אין דעם נוסח איז געגאַנגען די רעדע פון אַ. ליטוואַק. אויסגעהערט איז זי געוואָרן ביי אַן אויסערגעוויינטלעכער שטילקייט. ווען ליטוואַק האָט

פאַרענדיקט רעדן, האָט זיך מענדעלע צוגעבויגן צום פאָרזיצער, צו שאַ־באַדן, און קענטיק זיך נאָכגעפרעגט ביי אים וועגן דעם יונגנמאַן, וואָס האָט אָקאָרשט גערעדט. שאַבאַד האָט געענטפערט, אַז ער הייסט חיים יאַנקל העלפאַנד, זיין שרייבערשער נאָמען איז ליטוואַק, זיין טאַטע איז אַ בעל־עגלה, אַליין איז ער געווען אַ ווויל־לערנער, איצט איז ער אַ פירער פון „בונד" און שרייבט אין דער „פאָלקס־צייטונג". דאַן האָט דער זיידע, מענדעלע מוכר ספרים, אַליין באַקומען דאָס וואָרט. אַז די אָוואַציעס זע־נען געווען גרויסע, איז איבעריק צו דערציילן, אָבער די רעדע איז געווען אַ באַלעבאַטישע. מענדעלע האָט אין זיין רעדע אונטערגשטראָכן, אַז יידן דאַרפן זיך נישט קריגן צווישן זיך, אַז מען דאַרף לעבן אין שלום און פריינדשאַפט, אַז מען דאַרף זיך נישט שטעכן ווי מיט שפּילקעס. אַ. ליט־וואַק איז געווען אומרואיק, ווען דער זיידע האָט גערעדט. אַז מענדעלעס רעדע איז געווען געווענדט קעגן ליטוואַקן, האָבן אַלע פאַרשטאַנען. נאָך דעם ווי מענדעלע האָט געענדיקט, האָט אַ. ליטוואַק געבעטן נאָך אַמאָל דאָס וואָרט בלויז אויף עטלעכע מינוט. ער האָט טאַקע גערעדט קורץ, אָבער שאַרף. ליטוואַק האָט זיך געווענדט צום זיידן: „איר שלאָגט אונז פאָר שלום, נישט זיין שטעכעדיק. מיר קענען אָבער נישט מאַכן קיין שלום מיט דעם, ביקע, וואָס קומען צו יידישע יום־טובים, לאָזן נישט אַריבער אי־בערן שוועל פון זייערע רייכע הייזער קיין יידיש בוך און קיין יידיש וואָרט. זיין שטעכיק האָב איך זיך געלערנט ביי אייך, זיידע. איר רייסט דאָך שטי־קער פון די קהלשע סטריאַפּטשעס, איר טוט דאָך זיי אויס נאַקעט און באַ־ווייזט דאָך זייער ריכטיקע געשטאַלט פאַרן גאַנצן פאָלק".

מיט דעם האָט ליטוואַק פאַרענדיקט זיין וואָרט.

באַלד נאָך דעם האָבן די יידישע שרייבער אָנגעהויבן זינגען מיט גרויס באַגייסטערונג יידישע פאָלקס־לידער און אַרבעטער־לידער. ווילנע האָט דאָך אַ שם פאַר אַ שטאָט פון מתנגדים, אָבער דאָס געזאַנג איז געווען מיט אַן אמתן חסידישן ברען. איינציקווייז האָבן די געהויבענע געסט זיך דער־נענטערט צום טיש פון די יידישע שרייבער און געהאַט הנאה פון דעם הארציקן געזאַנג.

אזוי האָט מען פאַרבראַכט ביז אין מיטן דער נאַכט.

.2

אין ווילנע בין איך געווען אַקטיוו אין „בונד", אין דער פּראָפעסיאָ־נעלער באַוועגונג און אויך אין דער קולטור־אַרבעט. איך בין אויך געווען

א מיטגליד אין דער פּאַרוואַלטונג פון דעם קולטור־פאַריין. גענוי דעם נאָ־מען פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט געדענק איך נישט. דאָס איז געווען אַן אומפּאַרטייאישע אינסטיטוציע, אָבער דער „בונד" האָט דאָרט געהאַט די מערהייט און איז געווען דער בעל־הבית. איין מאָל קומט צו מיר דער חבר א. ליטוואַק און זאָגט, אַז ער וויל האָבן אין קולטור־פאַריין אַ רעפע־ראַט וועגן די פּערספּעקטיוון פון דער יידישער קולטור. דערביי דערציילט מיר ליטוואַק, אַז ער האָט וועגן דעם גערעדט שוין מיט עטלעכע חברים פון דער פּאַרוואַלטונג, אָבער זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַן אומווילן צו דעם און „איך פאַרשטיי זיי גאַנץ גוט — האָט ליטוואַק באַמערקט. — שטייען זיי דאָך נאָך אַלץ אויף דעם שטאַנדפּונקט פון נייטראַליזם בנוגע דער אַנט־וויקלונג **פון דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור.** אָבער אייער שטע־לונג צו דער פראַגע קען איך דאָך נאָך פון דער צייט, ווען מיר זענען ביידע געווען אין לאָדזש און איך האָב אַזוי פיל געשמועסט מיט אייך וועגן פאַר־שידענע פראַגן. וויל איך, איר זאָלט די פראַגע שטעלן אויף דער פּאַרוואַל־טונג און דאָס דורכפירן".

איך האָב אַזוי געטאָן און טאַקע געהאָלפן דורכזעצן אַזאַ באַשלוס.

דער רעפעראַט פון א. ליטוואַק איז געווען מיט דיסקוסיעס. געדענ־קען היינט, נאָך פיר און פערציק יאָר, דעם אינהאַלט פון רעפעראַט איז פאַר מיר אוממעגלעך. אָבער איך געדענק זייער גוט, אַז פּונקט ווי אַלע ליטוואַקס לעקציעס און רעפעראַטן איז אויך דער רעפעראַט געווען וואַגיק, אָנגעפּיקעוועט מיט געדאַנקען און אַרויסגעבראַכט אין אַ שיינער פאָרם און מיט גרויס איבערצייגונג. איך האָב אויך גענומען אַ וואָרט אין דער דיס־קוסיע. איך האָב זיך נישט געשטעלט אין דער פּאָזע פון אַ טעאָרעטיקער, נאָר האָב אָנגערירט אַזעלכע קראַנקע, אָנגעווייטאָקטע פּונקטן, וואָס יעדער מענטש האָט זיי געקענט זען און הערן. איך האָב צו די נייטראַליסטן גע־זאָגט, אַז עס איז וויינִיק אַרויסצוגעבן אַ צייטונג אין יידיש, אָדער רעדן אויף אַ פאַרזאַמלונג אין יידיש, אָדער אַרויסגעבן בראָשורן אין יידיש. דאָס טוען אויך די יידישע פּ.פּ.ס. און ס.ד.ק.פּ.ל., וואָס זענען גלייכצייטיק די פּאַרביסנסטע אַסימילאַטאָרן און קעגנער פון יידיש און יידישער קולטור. איר, נייטראַליסטן, שרייבט אייערע אַרטיקלען אין רוסיש און זיי מוזן דערנאָך איבערגעזעצט ווערן אין יידיש. אויף פאַרזאַמלונגען רעדט איר נאָך אויף יידיש, אָבער באַלד ווי איר גייט אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג, רעדט איר שוין אויף פאַרשידענע שפּראַכן, נאָר נישט אויף יידיש. יידיש וועט קענען ווערן אַ קולטור־פאַקטאָר אין לעבן פון די יידישע מאַסן, נאָר ווען

די פירער ווילן האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור. אייער גאַנץ לעבן מוז אויסגעפילט ווערן מיט יידיש. דאָס וועט שטאַרקן די יידישע קולטור, וועט דערהייבן איר חשיבות.

דאַן האָט צום צווייטן מאָל גערעדט משה ראַפּעס. זיין ציל איז געווען מיט מיר זיך אָפּצורעכענען:

— איך וויים נישט — האָט ראַפּעס געזאָגט — ווער עס איז דער יונגערמאַן, וואָס האָט דאָ גערעדט. איך זע און הער אים דאָס ערשטע מאָל. אָבער פון זיינע רייד האָב איך די איבערצייגונג, אַז ער קומט פון ציוניסטישן לאַגער. איך זאָג דאָס דערפאַר, ווייל זיין רעדע האָט געשמעקט מיט אַזאַ טיפן נאַציאָנאַליזם. און איך האַלט פאַר איבעריק ברייטער אויף דעם זיך אָפּשטעלן.

נאָך ראַפּעסעס רעדע האָט באַקומען דאָס שלום-וואָרט דער חבר ליט-וואַק. ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו מעלדן פון דער טריבונע, אַז ראַפּעס האָט אַ טעות געהאַט, אַז דער רעדנער פאַר אים קומט נישט פון ציוניס-טישן לאַגער, נאָר איז אַן אַקטיווער טוער אין „בונד". ליטוואַקס שלום-וואָרט איז געווען שטאַרק. ער האָט דערקלערט, אַז דער „בונד" האָט אָנ-געהויבן אַרומצונעמען ברייטערע קרייזן פון דער יידישער אַרבעטער־באַ-וועגונג און דאָס האָט געצוווּנגען דעם „בונד" אָוועקצושטעלן די נאַציאָ-נאַלע פראַגע און, נאָך לענגערע באַטראַכטונגען אויף קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן, אָנצונעמען דעם באַשלוס פון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָ-נאָמיע. וואָס גרעסערע מאַסן עס ווילן זיך באַהעפטן מיט דעם „בונד", אַלץ אינטענסיווער ווילן מיר דעם באַשלוסן מוזן אָנפילן מיט אינהאַלט. די אינטעליגענץ, וואָס איז נאָך נישט געניט יידיש, דאַרף זיך גוט אַריינ-טראַכטן דערין און זיין גרייט די פראַגע ווי געהעריק אויפצונעמען.

# רעוואָלוציאָנערער באַרג-אַראָפּ און ל. שאַפּיראָס דערציילונג „דער צלם".

נאָך אין ווילנע האָבן מיר שוין געפילט, אַז דער פרילינג פון דער רעוואָלוציע איז אוועק. די צאַרישע רעגירונג, געשטיצט פון די רעאַקציאָנערע כוחות אין לאַנד, האָט צוריק געהאַט די גאַנצע מאַכט אין אירע הענט. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין לאַנד איז ווידער געוואָרן גרויזאַם פאַרפאָלגט. די ליבעראַלע עלעמענטן זענען פאַרשטומט געוואָרן. די אינטעליגענץ, וואָס איז געווען צוגעשטאַנען צו דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, האָט זיך אָפּגערוקט. אַ גרויסער טייל פון די אַרבעטער אַקטיוויסטן האָבן אויך אָנגעהויבן מער זיך אָפּגעבן מיטן פּערזענלעכן לעבן. אין יענער צייט האָט אויף מיר געמאַכט אַ באַזונדערס שווערן איינדרוק אַ דערציילונג פון אַ יידישן שרייבער מיטן נאָמען ל. שאַפּיראָ. די דערציילונג הייסט „דער צלם". ווי עס ווייזט אויס, האָט דער באַרג־אַראָפּ פון דער רעוואָלוציע דעם שרייבער שטאַרק צעטרייסלט.

ל. שאַפּיראָס דערציילונג שטעלט פאָר, ווי איך האָב פאַרשטאַנען, אַ טיפּ פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן („עס־ערן"), וואָס איז געווען אַ מיטגליד אין אַ קאָמיטעט פון אַ גרעסערער שטאָט. דאָס איז דעמאָלט געווען אַ הויכע מדרגה. דער דאָזיקער מענטש לעבט איבער אַ פּאָגראָם און ער ווערט דורך די פּאָגראָמשטשיקעס געפּייניקט ביי זיך אין שטוב. פאַר זיינע אויגן ווערט זיין מוטער אויסגעטאָן נאַקעט, מען טוט איר אָן די שווידערלעכסטע עינויים, מען צעקאַטעוועט איר לייב, מען רייסט פּאַסנווייז אירע גרויע האָר פון קאָפּ און שפּעטער ווערט זי פאַרגוואַלדיקט פון די ווילדע, צעיושעטע כוליגאַנעס. אים אַליין בינדן זיי צו צו דער מוטערס בעט, ער זאָל דאָס אַלץ צוזען, און שפּעטער שניידן זיי אויס אויף זיין שטערן אַ צלם. ער פאַלט אַריין אין באַוווסטלאָזיקייט, אָבער ער באַווייזט נאָך צו הערן דעם ווילדן געלעכטער, מיט וועלכן די כוליגאַנעס פאַרלאָזן זייער הויז. ווען ער דערוואַכט און קומט צו זיך — באַמיט ער זיך צו

באפרייען פון די שטריק, מיט וועלכע ער איז צוגעבונדן צום בעט. ער דערזעט אין בעט א נאָגל און מיט גרויס מאַטערניש רייבט ער די שטריק אָן דעם נאָגל, ביז זיי רייסן זיך איבער. דאַן דערזעט ער די מוטער א צעהרגעטע, איין אויג איז אויסגערונען, דאָס צווייטע פאַרגאָסן מיט בלוט. ער הייבט אָן צו שרייען: מאַמע! אָבער זי ענטפערט נישט. מער נישט דאָס איינציקע אויג אירס גיט א פינקל. רייסט ער אַרויס א פיסל פון א טיש און גיט דער מוטער א זעץ אין אויג. מער האָט דאָס אויג קיין פינקל נישט געגעבן. ער לויפט אַראָפּ אין גאַס. דער פּאָגראָם גייט ווייטער אָן. ער זעט, ווי א שייגעץ פון זעכצן יאָר שפּאַלט א יידן דעם קאָפּ מיט א האַק און דער ייד פאַלט. דער יונגער כוליגאַן טרעט מיט זיין שטיוול אַרויף אויף דעם יידנקס קאָפּ, אָבער אין דעם אויגנבליק באַווייזט זיך א מיטגליד פון זעלבסטשוץ — א יונגער, א בלאַסער, מיט ברילן — און ער שיסט צום יונגן כוליגאַן. ער טרעפט אָבער נישט. דער יונגער כוליגאַן פאַרלאָזט די גאַס און ער לויפט אַריין אין הויף. דער יונגערמאַן פון זעלבסטשוץ נאָך אים. ווען דער מאַן מיטן אויסגעשניטענעם צלם אויפן שטערן קומט אויך אַהין אַריין, זעט ער, ווי דער יונגער כוליגאַן שטייט אָנגעשפּאַרט אָן א וואַנט, זיין אויסזען — גרין, די אויגן — אַרויסגעזעצט פון קאָפּ, און ער ציטערט אינגאַנצן. אים קעגנאיבער שטייט דער בחור פון זעלבסטשוץ מיטן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, אָבער ווען דער בחור זעט דעם כוליגאַנס צעשראָקנקייט, נעמט ער אַרויס דעם רעוואָלווער, שטעלט אים צו צום אייגענעם קאָפּ און דערשיסט זיך. דער כוליגאַן ווערט צעטומלט, בייגט זיך אַראָפּ צו דעם געשאָסענעם, אָבער באַלד שפּרייזט ער אַריבער איבער דעם געשאָסענעמס קערפּער און אַנטלויפט. דער מאַן מיטן צלם, דער נעכטיקער רעוואָלוציאָנער, גיט אים, דעם דערשאָסענעם, א בריק מיטן פוס און גייט אַוועק. נישט איבערטראַכטנדיק, גייט ער אַוועק צו יענעם הויז, ווו די רעוואָלוציאָנערן האָבן געהאַט זייער געהיימע קוואַרטיר. דאָרטן האָט געוווינט דאָס איינציקע מיידל פון קאָמיטעט — א זעלטענע געשטאַלט, מיט גרויסן און עכטן אידעאַליזם — וועלכע איז געווען פאַרליבט אין דעם מאַן מיטן צלם. ער קלאַפּט אָן לויטן געהיימען פּאַראָל, די טיר עפנט זיך און דאָס מיידל דערזעט אים אין דעם שרעקלעכן צושטאַנד. זי בלייבט א רגע שטיין ווי פאַרגליווערט, קומט אָבער גיך צו זיך, נעמט אים אָן פאַר דער האַנט, זעצט אים אַוועק אויף א שטול און זי אַליין אים קעגנאיבער. דאָס מיידל בעט אים דערציילן, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט אים. ער דערציילט וועגן אַלץ מיט א רואיקן טאָן. דאָס מיידל באַהאַלט דאָס פּנים

אין אירע הענט און צעוויינט זיך. שפּעטער פרעגט זי אים: „און אַ באַשלוס האָסטו שוין אָנגענומען?" אין ערשטן מאָמענט גערענקט ער גאָרנישט, אָבער שפּעטער דערמאָנט ער זיך, אַז עס האַנדלט זיך וועגן זייער ליבע. שטעלט ער זיך אויף רואיק, נעמט זי אָן ביי דער האַנט און פירט זי צי צום בעט, וואַרפט זי אַהין אַריין, פּונקט אַזוי ווי די כוליגאַנעס האָבן ערשט נישט לאַנג זיין מאַמען אַריינגעוואָרפן, ער פאַרגוואַלדיקט זי מיט אַלע ברו־טאַליטעטן, אַזוי ווי די כוליגאַנעס האָבן געטאָן צו זיין מאַמען. שפּעטער דערשטיקט ער זי און גייט אַוועק פון הויז.

ווען איך האָב די דאָזיקע דערציילונג דעמאָלט איבערגעלייענט, בין איך געווען אין אַ גוואַלדיקער אויפרעגונג און האָב אָפּגעמאַכט ביי זיך זיך צו צופירן אַ שמועס וועגן דער דערציילונג מיט פאַרשידענע גרופּעס פון אונזער באַוועגונג. איך האָב זיך אויף די אַלע שמועסן באַמיט אַראָפּצורייסן דעם שרייבער פון דער דערציילונג פאַרן שילדערן אַ רעוואָלוציאָנער דורך דער געשטאַלט פון אַן אינטעליגענט, וועלכן די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָבן אַזוי שטאַרק צערודערט, אַז נישט בלויז שרייט ער, אַז זיינע געטער זענען צעבראָכן, נאָר ער זעט דעם גאַנצן, העלדיש, זעלבסטשוץ דורך עפּעס אַן אויסגעטראַכטן ווייכן, צעקראָכענעם יונגמאַן, וואָס אַנשטאָט צו טויטן דעם מערדער פון דעם יידן, קריגט ער אויף אים רחמנות און שיסט גאָר זיך אליין. ל. שאַפּיראָ האָט נישט געזען די הונדערטער זעלבסטשוץ־מיטגלידער, וואָס האָבן זיך געשלאָגן אויף לעבן און טויט. דער העלד פון זיין דערציי־לונג, ווען ער קומט אַראָפּ אין גאַס — גיסט ער נישט אויס זיין נקמה־דורשט קעגן די כוליגאַנעס, וואָס ווילדעווען נאָך, נאָר ער באַפאַלט אַן אי־דעאַליסטישע, איבערגעגעבענע סאָציאַליסטקע, פאַרגוואַלדיקט זי אויף אַ ברוטאַלן אופן און דערמאָרדעט זי.

איידער איך האָב זיך איצט געזעצט באַשרייבן דעם עפּיזאָד, וואָס האָט מיך דעמאָלט אַזוי דערשיטערט, האָב איך נאָכגעזוכט, ווי אַזוי די קריטיק פון יענער צייט האָט זיך באַצויגן צו דער דאָזיקער דערציילונג. איך האָב געפונען אין „נייעם לעבן", וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין אַמעריקע, אין העפט נומער 7, דעם אַרטיקל פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, וועלכער האָט געלויבט ל. שאַפּיראָן פאַרן קוראַזש, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן מיטן אָנ־שרייבן די דערציילונג און מיטן אַוועקשטעלן די צלם־פראַגע. דאַקעגן האָט ש. אַנ־סקי אינם זעלבן „נייעם לעבן", העפט נומער 10, געשריבן: „איך זע פון זיין (ל. שאַפּיראָס) זייט נאָר נישט קיין באַזונדערן קוראַזש: אָנ־פאַלן איצט אויף אונזער איבערגעגעבנקייט צו דער רעוואָלוציע — נאָר פוילער טוט עס איצט נישט"...

## איך ווער אַ חתן און גיי מיט דער כלה אין טורמע אַריין.

אין לאָדזש, ווי אין אַלע שטעט, איז די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע אָפּ־געפאַלן. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן דורך די פאַריינען און קולטור־אינס־טיטוציעס, וואָס האָבן דורכגעפירט פאַרלעזונגען אויף ליטעראַרישע און גע־זעלשאַפטלעכע טעמעס. די רעפערענטן זענען אין גרעסטן טייל געווען אונזע־רע חברים אָדער סימפּאַטיקער. צו רעדן אויף ליטעראַרישע טעמעס האָבן מיר איינגעלאַדן מענטשן, וואָס אויב זיי זענען אַפילו געווען ווייט פון אונז, זענען זיי אָבער נישט געווען קיין קעגנער. איך האָב געאַרבעט זייער אַקטיוו, אָבער ס'איז ביי מיר אין יענער צייט פאָרגעקומען אַ געוויסע גע־שעעניש, וועלכע האָט מיך פערזענלעך אַביסל אָפּגעריסן פון מיין אַקטי־וויטעט. די געשיכטע איז פאָלגנדיקע:

איך האָב זיך צופעליק דערוווּסט, אַז פון דעם שידוך צווישן הענעך קאָך און יענטע מאָנאַט איז גאָרנישט געוואָרן. האָט מיר געגעבן אַ בליץ אין מוח אַ געדאַנק, אַז דאָס מיידל דאַרף ווערן מיינע. איך האָב דאָס באַלד געזאָגט איר שוואָגער, שיעלע פּרעסמאַן, אַן אַקטיוון בונדיסט, און ער האָט שוין אַראַנזשירט, אַז צו מאָרגנס זאָלן מיר זיך טרעפן ביי אים אין שטוב. ווען איך האָב זי צו מאָרגנס ווידער געטראָפן, איז זי אין מיינע אויגן גע־ווען נאָך שענער, ווי דאַן, ווען איך האָב זיך מיט איר דעם לעצטן מאָל געזעגנט מיט צוויי יאָר צוריק. מיר האָבן אָנגעהויבן אַרומצוגיין. זאָגן, אַז זי איז געווען באַגייסטערט פאַר מיר, וואָלט איך נישט געזאָגט. קען זיין, אַז אויף איר האָט געווירקט דאָס, וואָס איך בין געווען אַן אַקטיווער טוער. דערביי בין איך געווען אַ שעמעוודיקער. זאָגן אַ מיידל, אַז איך האָב זי ליב, איז מיר געווען זייער שווער. אָבער דאָך איז עס געשען. זי האָט מיר אויף מיין דערקלערונג נישט געענטפערט מיט קיין קלאָרן „יאָ״, נאָר געזאָגט: „רעד מיט מיין טאַטן. ער ווייסט ,אַז דו ביסט אַ בונדיסט; אַז ער האָט נישט ליב די „אחדות״, ווייסטו פּונקט אַזוי ווי איך. ווער פריער פאַרטיק מיט מיין טאַטן״...

איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס איז ביי איר געווען בלויז אַ תירוץ: דער טאַטע וויל נישט, קען זי נישט גיין קעגן טאַטן... איך האָב זיך אָבער אָנגענומען מיט כוח און אין איינעם אַ שבת־צו־נאַכטס, ווען איך בין אַזוי געזעסן אין שטוב ביי אירע עלטערן און געשמועסט, האָב איך מיט אַמאָל אַ זאָג געטאָן צו איר פאָטער:

— ר׳ קלמן, איך האָב מיט אייך וואָס צו רעדן, אָבער נאָר ביי אַ גלעזל ביר.

ר׳ קלמן האָט זיך אויפגעהויבן און איז מיט מיר אריין אין אַ שענק קעגנאיבער זיין הויז. און ווי נאָר מען האָט זיך אָוועקגעזעצט ביי אַ גלעזל ביר, בין איך ארויס מיט קלאָרע דיבורים:

— ר׳ קלמן — האָב איך צו אים געזאָגט — איך האָב ליב אייער טאָכטער, אָבער זי שעמט זיך צו רעדן מיט אייך וועגן דעם. האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל רעדן מיט אייך. אַז איך וועל זיין אַ גוטער מאַן, מעגט איר זיכער זיין; ביי יידן גייט ארום אַ שפּריכוואָרט, „אַז מען האָט ליב דאָס ווייב, האָט מען ליב די גאַנצע משפּחה״. וועגן יחוס האָט איר אויך נישט לאַנג צו קלערן, מיר דאַכט, אַז איר ווייסט, פון וואָס פאַר אַ היים איך שטאַם, און טאָמער ווייסט איר נישט, קענט איר זיך נאָכפרעגן.

מען האָט געטרונקען אַ צווייט און אַ דריט גלעזל ביר. ענדלעך האָט ר׳ קלמן צו מיר געזאָגט:

— הער זיך איין, אפרים־אליעזר! דו געפעלסט מיר, איך האַלט דיך נישט פאַר קיין נאַרישן בחור. דאָס, וואָס דו געהערסט צו „אחדות״, גע־פעלט מיר נישט. אָבער אַז אירביידע געפעלט זיך איינער דעם אַנדערן און איר האָט זיך ליב, וועל איך געבן מיין ברכה אויף דעם שידוך.

מען האָט געטרונקען נאָך אַ גלעזל ביר און זיך געווונטשן, ס׳זאָל זיין מיט מזל.

מיין מיידל האָט געוואַרט מיט אומגעדולד. ווען זי האָט דערהערט דעם רעזולטאַט פון אונזער נעשפּרעך, האָט זיך באַוויזן אַ רויטקייט אויף איר פּנים און פון די אויגן האָט אַ שטראַל געטאָן אַ צופרידנקייט, וואָס אויף דעם האָב איך זיך נישט גערעכנט. פון יענעם אָוונט אָן האָבן מיר זיך שוין ביידע באַטראַכט ווי חתן־כלה. עס האָט נישט לאַנג גערויערט, ווי מיין מיידלס עלטערן האָבן פאַרבעטן צו זיך מיינע עלטערן. איך גיב איבער מיינע עלטערן, אַז זיי זענען פאַרבעטן אויף שבת צו ר׳ קאַלמע מאַנאַט.

מיינע עלטערן, באַזונדערס מיין טאַטע, שטעלט אָן אויף מיר זיין בליק, וואָס דריקט אויס פאַרווונדערונג, און ער פרעגט מיך: „ווער איז דער ר׳

קאַלמע מאַנאַט, און וואָס איז די סיבה, וואָס ער פאַרבעט דיין טאַטע־מאַמע צו זיך"? איך דערצייל מיין טאַטן זייער פאַרשעמט, כאָטש איך בין שוין געווען אַ דעראַוואַקסענער זעלבסטשטענדיקער בחור, אַז איך האָב זיך באַקענט מיט ר' קאַלמעס טאָכטער, זייער אַ שיין און קלוג מיידל. זי געפעלט מיר און ווייזט אויס, אַז איך געפעל איר אויך. האָב איך גערעדט מיט אירע עלטערן און זיי האָבן מסכים געווען. אָבער זיי ווילן זיך טרעפן מיט מיינע עלטערן — האָבן זיי מיך געבעטן, אַז איך זאָל אייך איבערגעבן, אַז איר ווערט פאַרבעטן אויף שבת צו זיי.

מיין טאַטע האָט זיך אַביסל פאַרטראַכט און געזאָגט צו מיר: „אפרים־אליעזר! מילא דו ביסט אוועק אויף אַנדערע דרכים, וואָס מיר האָבן פון דעם גרויס צער און דו האָסט גרויסע צרות דערפון, האָבן מיר קיין עצה נישט. אָבער דו ווייסט, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט שידוכים מיט קינדער — האָט זיך ביי אונז געפירט ווי אין אַלע יידישע פאַמיליעס".

זאָג איך צום טאַטן, „הער מיך אויס: זאָלן מיר טאַקע אַ קוק געבן, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין אונזער שטוב. מיין עלטסטער שוועסטער האָסטו געוואָלט געבן פאַר אַ חתן — לייזערן, אַ בחור טאַקע אַ גרויסער לערנער, אָבער אַ בלינדער אויף איין אויג, געגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, געגעסן טעג ביי די גבירים פון קאָזשעניצער שטיבל; פּרייטיק איז ער אַרויסגעגאַנגען פאַרקויפן „קאָשעלקעס" (געפלאָכטענע קייבערלעך), ער זאָל האָבן עטלעכע קאָפּיקעס אין טאַש. דו ווייסט, אַז חנה־פייגע איז אַ פרומע יידישע טאָכטער, אָבער זי האָט אים נישט געוואָלט. זי האָט מאַנאַטן לאַנג געוויינט און דו האָסט זי געוואָלט נייטן, אַז זי זאָל מיט אים חתונה האָבן. האָסט נישט אויסגעפירט. איר לעבן האָסטו שוין אויף אייביק פאַרביטערט. מיין עלטערער ברודער האָט אויך נישט געוואָלט חתונה האָבן מיט דער וועמען דו האָסט געוואָלט. ער האָט דיך יאָ געפאָלגט, אָבער ער האָט דאָס דיר נישט מוחל געווען. דו ווייסט, וואָס איך בין? דאַרפסט זיין גליקלעך, וואָס איך האָב געפונען אַ מיידל, וואָס געפעלט מיר און קומט פון אַ שיינער משפחה. ר' קאַלמע איז אַן אָרנטלעכער פרומער ייד. אַנשטאָט זיין צופרידן, קלערסטו נאָך".

איך ווייס נישט, צי מיין טאַטע האָט מיינע רייד פאַרנומען, אָבער ער האָט מיר געזאָגט: „מאָרגן גיב איך דיר אַ תשובה". צו מאָרגנס האָט ער מיר געזאָגט: „ענטפער ר' קלמנען, אַז איך מיט דער מאַמען קומען אין דער אָפּגערעדטער שעה".

די מחותנים זענען איינע די אַנדערע זייער געפעלן געוואָרן און מען האָט אָפּגערעדט, ווען צו שרייבן תנאים. מיר זענען געוואָרן חתן־כלה אויף פאַר דער וועלט.

איצט האָב איך שוין געאַרבעט מיט אַ רואיקן קאָפּ, אָבער מיין מזל איז דאָך נישט געווען צו גוט. דאָס איז געווען אין איינער אַ נאַכט אין 1910. ווען איך בין געשמאַק געשלאָפן, איז אָנגעקומען פּאָליציי, געהייסן מיר אויפשטיין, דורכגעפירט אַ רעוויזיע אין שטוב און מיך אַוועקגעפירט אין אוטשאַסטאָק. אין דער פרי האָט מיין יינגערער ברודער מיר געבראַכט עסן און דערציילט, אַז מיין מיידל מיט איר יינגערער שוועסטער זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן. שפּעטער האָט מען מיך אָפּגעפירט צום זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק. ווען איך בין אַריין אין טויער — דאָס איז געווען אויף פּאָנסקע 1 — האָט איך דערזען מיין מחותן. דאָס פּנים בלאָס און צעשראָקן. פון אים האָב איך זיך דערוווסט, אַז יענטע מיט הינדען זענען שוין געווען אויבן. אין זשאַנדאַרמעריע האָט מען מיר געשטעלט פאַרשידענע פראַגן, אָבער גאָר באַזונדערס האָט דער זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק מיך געפאָרשט, נאָך וואָס איך בין געפאָרן קיין ווילנע און וואָס איך האָב דאָרט געטאָן. פון דער זשאַנדאַרמעריע האָט מען מיך אָפּגעפירט אין טוירמע, וואָס האָט זיך געפונען אויף מילטשע גאַס. מיין מיידל מיט איר שוועסטער האָט מען אַוועקגעפירט אין טורמע אויף דלוגע גאַס.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז געקומען איז מען נאָך מיין מיידל, יענטען, און גלייך אין שטוב נאָך האָט מען זי געפרעגט, צי איך בין איר חתן. זי האָט געענטפערט: „ניין" און געוויזן אַ פאָטאָגראַפיע, ווו זי איז געשטאַנען מיט איר חתן, וואָס האָט זיך געפונען אין אַמעריקע. האָבן זיי דעמאָלט אָנגענומען איר יינגערע שוועסטער פאַר מיין כלה. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מיין מיידל איז אָפּגעזעסן אין טורמע דריי וואָכן און די שוועסטער אירע — גאַנצע דריי מאָנאַטן. אַזוי גוט ווי איך.

אַז מיר זענען באַפרייט געוואָרן, האָבן מיר באַלד אָנגעהויבן צו טראַכטן פון אונזער חתונה. מיין מיידלס עלטערן האָבן געוואָלט דווקא אַ גרויסע חתונה. אָזאַ זאַך האָט זיך נישט געמאַכט אַזוי לייכט, ווייל קיין גבירים זענען זיי נישט געווען.

## מיר גרייטן זיך איבערצונעמען אַ מיטינג פון ס. ס. (ציוניסטן-סאָציאַליסטן).

ס'איז געווען אין 1909 אָדער 1910. די ס. ס. אין לאָדזש ווילן אויס־נוצן דעם באַרג־אַראָפּ פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג און געווינען דעם אַרבעטער פאַרן ציוניסטישן סאָציאַליזם. צו דעם צוועק האָבן זיי איינגעאָרדנט אַ פאַרזאַמלונג אין דעם ענגלישן זאַל אויף פּאַסאַזש שולץ. אין לאָדזש האָבן זיי געהאַט אַ נעבעכדיקע באַוועגונג, האָבן זיי באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען זייער „לאַסאַל". אַזוי ווי דער „בונד" האָט געהאַט זיין „לאַסאַל" — ברוך טשאַרני, אַזוי האָבן אויך די ס. ס. געהאַט זייערן אַ „לאַסאַל" — אהרן סינגאַלאָווסקי. ער איז געווען אַ פּרעכטיקער רעדנער.

איך האָב דעמאָלט פאָרגעשלאָגן דעם קאָמיטעט פון „בונד", אַז מיר זאָלן שטילערהייט רופן צו דער פאַרזאַמלונג, און איבערנעמען די פאַרזאַמ־לונג. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט צוויי גוטע בונדישע טוער אין לאָדזש, פרומקין און טיומין. הגם זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט, דאָך איז מיין פאָר־שלאַג אָנגענומען געוואָרן. דאַן איז אויפגעקומען די פראַגע, ווער זאָל זיין דער אָפּאָנענט. מיר האָבן געוואָלט, אַז פרומקין זאָל זיין דער אָפּאָנענט, אָבער ער און אויך טיומין האָבן זיך אָפּגעזאָגט. דער גורל איז געפאַלן אויף מיר. אָבער איך האָב דאָס אָנגענומען מיט אַ תנאי, אַז די צוויי חברים זאָלן קומען צום מיטינג, און אויב ס'וועט זיך דאָרט פונאַנדערוויקלען אַ ברייטע דיסקוסיע, זאָלן זיי זיך אויך פאַרשרייבן צום וואָרט.

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען און די לאָדזשער טוער פון ס. ס. האָבן געזען, אַז די בונדיסטן מאַכן פול דעם זאַל. אהרן סינגאַלאָווסקי האָט געהאַלטן אַ שיינע רעדע מיט גרויס ענטוזיאַזם. דער ערשטער צו ענטפערן האָב איך באַקומען דאָס וואָרט. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב געהאַט די טרעמע. איך, אַ זאַקנמאַכער, שטעל זיך אָפּאָנירן דעם „לאַסאַל" פון ס. ס. אָבער ווען איך בין אַריין אין טראַנס פון דער רעדע, האָב איך געפּרוווט צעגלידערן די טעאָריע פון ס. ס. און אַביסל אָפּגעלאַכט פון זיי.

א פ ר י ם ל. ז ע ל מ אַ נ אָ וו י ט ש

ס'איז דערגאנגען דערצו, אז סינגאלאָווסקי האָט געגעבן א געשריי: „דערבחור רעדט דאָך נאָך מיט דער שפּראַך פון 1905!" שפּעטער האָבן נאָך גערעדט פרומקין און טיומין און נאָך זייערע רעדעס האָבן מיר באַשלאָסן צו רופן די חברים פאַרלאָזן דעם זאַל. זיי האָבן אונז געפאָלגט אזוי, אז די ס. ס. זענען געבליבן בלויז מיט עטלעכע מנינים פון זייערע אָנהענגער.

## געהיים־אַגענטן יאָגן זיך נאָך מיר און איך שריי: „מאַמע!"

בלויז דריי מאָנאַטן זענען אַוועק, ווי איך מיט מיין מיידלס שוועסטער זענען באַפרייט געוואָרן, ווי אין איינעם אַ פרייטאָג פאַרטאָג, ווען מיר זענען נאָך אַלע געשלאָפן, האָט מען ווידער אַמאָל געקלאַפּט ביי אונז אין טיר מיר האָבן דערשראָקענע געעפנט די טיר — ערשט מיין מיידל האָט עס גע־קלאַפּט. וואָס איז? הינדע, איר שוועסטער, איז די נאַכט אַרעסטירט גע־וואָרן. דאָס געוויין פון טאַטע־מאַמע גייט ביזן הימל אַרויף. ערשטנס, האַלטן זיי עס פאַר אַ גרויסער שאַנד. צווייטנס, האָבן זיי מורא, אַז די קונים וועלן פון זיי צוליב דעם אַוועקגיין (זיי האָבן געהאַט אַ בשמים־געוועלבל); מען אַרעסטירט כסדר זייערע טעכטער — וועלן זאָגן די קונים. „פונדעסטוועגן — האָט מיין מיידל ווייטער דערציילט — האָט דער טאַטע מיך געיאָגט, איך זאָל וואָס פריער דאָ אַהער קומען און זען, וואָס ס'איז מיט דיר, אפרים־אליעזר".

דער צווייטער אַרעסט פון מיין מיידלס שוועסטער האָט מיך זייער פאַר־וווּנדערט. זי איז דאָך געווען אַ היימישע באַלעבאַטישע טאָכטער, זי האָט נישט געוווּסט פון קיין שום באַוועגונג, זי איז געווען אַ פאַרקויפערין ביים טאַטן אין געוועלב. זי האָט אַפילו קיין חברים און חברטעס נישט געהאַט. מיר איז אויך געווען אַ וווּנדער, וואָס מען האָט מיך נישט אַרעסטירט. האָב איך באַשלאָסן אַ געוויסע צייט נישט צו נעכטיקן אין דער היים. די עלטערן האָב איך געזאָגט פאַרן אַוועקגיין, אַז אין אָוונט, צו דעם שבתדיקן מאָל־צייט, וועל איך קומען צוריק.

אין אָוונט, ווי איך דערנענטער זיך אַזוי צו אונזער הויז אויף פראַנ־ציישקאַנער 23, שטייען צוויי קריסטן קעגנאיבער און זיי הייסן מיר זיך אָפּשטעלן. הער איך זיי נישט און איך לויף אַריין אין הויז צו אונז. די צוויי געהיים־אַגענטן נאָך מיר, ביידע מיט רעוואָלווערן אין די הענט. איך פאַרליר דעם אָטעם, פאַל אַנידער און מיט די לעצטע כוחות גיב איך אַ געשריי: „מאַמע, מען כאַפּט מיך!" זיי האָבן מיך טאַקע געכאַפּט און מיך

גליידך אוועקגעפירט צום זשאַנדאַרמסקי נאַטשאַלניק. דאָרט האָב איך געטראָפן מיין מיידלס שוועסטער — הינדע. מען האָט זי אַריינגערופן אויף אַ פאַרהער און זי אָפּגעהאַלטן אַ שעה צייט. ענדלעך איז זי אַרויסגעקומען און מיר דערציילט מיט גרויס פֿרייד, אַז זי איז פריי. אַזוי ווי זי האָט געטראַכט, אַז מען וועט זי ווידער שיקן אין טורמע, האָט זי געהאַט מיטגענומען מיט זיך אַ קישן, אַ ליילעך, זייף, אַ צאָן־בערשטל און פראָשעק צו די ציין. זאָגט זי צו מיר: „אַזוי ווי דו האָסט גאָרנישט, איז טאָמער פירט מען דיך אוועק אין טורמע, לאָז איך דאָס אַלץ איבער פאַר דיר. און אויב דו וועסט זיין אַזוי מזלדיק ווי איך, וועסטו אַריינגיין צו אונז מיט דעם פּעקל". איך האָב טאַקע אַזאַ מזל נישט געהאַט. מען האָט מיך ווידער אַוועקגעפירט אין טורמע אויף מילטשע גאַס, ווו איך בין ווידער אָפּגעזעסן דריי מאָנאַטן.

אָבער דאָס איצטיקע זיצן איז מיר פיל לייכטער געווען ווי יעדעס אַנדער זיצן מיינס. צוזאַמען מיט מיין מיידל האָט געאַרבעט אין דער פאַבריק אַ קריסטין, וואָס האָט געוווינט לעבן דער טורמע. זי האָט געהאַט אין הויז ביי זיך אַ באַלקאָן, פון וואַנען מען האָט געקענט זען, ווי די אַרעסטירטע גייען איבערן הויף פון טורמע אויפן קליינעם שפּאַציר. מיין מיידל האָט דערציילט ד"ר אַרבעטערין, אַז איר חתן זיצט אין טורמע און געבעטן זי לאָזן יעדן זונטאָג, ווען זי איז פריי פון דער אַרבעט קומען צו איר און זיך אוועקזעצן אויפן באַלקאָן צו קענען מיך זען. אַזוי איז טאַקע געווען. יעדן זונטאָג, ווען איך בין אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויפן שפּאַציר, איז מיין מיידל געזעסן און געקוקט אויף מיר פון באַלקאָן. פאַרשטייט זיך, אַז קיין שום באַוועגונג האָבן מיר איינער צום אַנדערן נישט געמאַכט, כדי עס זאָל נישט פאַלן קיין חשד אויף אונז. אין יענע זונטאָגדיקע פרימאָרגנס האָב איך זיך געפילט גליקלעך. זי איז געווען שיין, אָנגעטאָן סאָליד, אָבער מיט געשמאַק. שפּאַצירן גייען די אַרעסטאַנטן געוויינטלעך אַרום אין אַ ראָד. ווען איך פלעג קומען צום פונקט, וואָס אַנטקעגנאיבער איר, פלעג איך אינסטינקטיוו אויפהייבן די אויגן, און יעדן מאָל, וואָס מיין בליק איז געפאַלן אויף איר, האָב איך אין האַרצן תפילה געטאָן, אַז איך זאָל אין קורצן באַפרייט ווערן און זי טרעפן געזונטערהייט. יעדע וואָך האָט זי מיט מיר געהאַט אַ „ווידזעניע" — פלעגט מיך קומען באַזוכן אין טורמע. איין מאָל איז בעת דעם פאָרגעקומען פאָלגנדיקער קוריאָז: דעם טורמע־נאַטשאַלניק האָט מיין מיידל אָנגעגעבן, אַז זי איז מיין כלה. איין מאָל איז צו דער טורמע געקומען אַן אַנדער מיידל, וואָס האָט אויך געוואָלט האָבן אַ זעאונג מיט מיר. דער נאַטשאַלניק פון טורמע האָט זי דאָן געפרעגט: „וואָס איז ער דיינער"? דאָס

# עפיזאָדן פון מיין לעבן

מיידל האָט געענטפערט, אַז זי איז מיין כלה. האָט דער נאַטשאַלניק בײַ איר געפרעגט: „וויפיל כלהס האָט ער דער זעלמאַנאָוויטש? אָט איז נאָר וואָס אַוועקגעגאַנגען זיין כלה, וואָס האָט מיט אים געהאַט אַ זעאונג".

און געשען איז אָט וואָס. די חברטע פערל פון ווילנע האָט דערהערט, אַז איך בין אַרעסטירט, איז זי גלייך געקומען צו פאָרן קיין לאָדזש און זיך באַמיט צו קריגן אַ זעאונג מיט מיר אין טורמע. קיין דערלויבעניש צו זען זיך מיט מיר האָט מען איר נישט געגעבן. זי האָט מיר אָבער אַריינגעשיקט אַ פעקל און אַהין אַריינגעלייגט אַ צעטעלע. פון דעם צעטעלע בין איך דער־גאַנגען די גאַנצע געשיכטע.

אין טורמע איז אין יענער צייט געזעסן דער קליינער יאַנקעלע (יאַנ־קעלע וועקסלער). איך בין געזעסן מיט אים אין איין קאַמער און בין גע־ווען דערפון זייער צופרידן, ווייל איך האָב אים ליב געהאַט.

ווען איך בין באַפרייט געוואָרן, האָב איך מיט מיין מיידל אָנגעהויבן רעדן, אַז מען דאַרף מאַכן די חתונה און אַז באַלד נאָך דער חתונה זאָלן מיר ביידע אַוועקפאָרן אויף צוויי אָדער דריי יאָר קיין אויסלאַנד, כדי די זשאַנדאַרמעריע זאָל אַביסל פאַרגעסן אָן מיר. און עס האָט לאַנג נישט געדויערט. אונזער חתונה איז געווען אַ גרויסע און פייערלעכע. העכער ווי דריי הונדערט איינגעלאַדענע געסט זענען געקומען. אין אַכט טעג אַרום זענען מיר ביידע אָפּגעפאָרן קיין דייטשלאַנד אין גערא־רויז (אַ באַדייטנ־דיקע טעקסטיל־שטאָט אין דרום־דייטשלאַנד). אָן אויסלענדישן פאַס האָבן מיר זיך צוגעגרייט פריער. מיין פרוי האָט מיטגענומען דריי הונדערט רובל אין גאָלד־שטיקלעך. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אַ נאָענטן חבר מוציק (עס זענען געווען אין לאָדזש צוויי מוציקס: איינער אין 1904 — דאָס איז גע־ווען אַטראַן, דער זעלבער, אויף וועמענס נאָמען עס איז דאָס יידישע קול־טור־הויז אין ניו־יאָרק; דער צווייטער איז געווען פון 1908. ער האָט גע־שטאַמט פון וויניצע, קיעווער גובערניע. לויט זיין ריכטיקן נאָמען האָט ער געהייסן גאָדאָכאָוו. מוציק איז געווען זיין פּאַרטיי־נאָמען). ער איז מיט אונז מיטגעפאָרן ביז דער גרענעץ. אין קאַליש זענען מיר אַריין אין אַ האָטעל און אַ סך געטרונקען, ווייל עס איז אונז געווען ביטער צו פאַרלאָזן לאָדזש. וועלכע מיר האָבן אַזוי ליב געהאַט.

# אין קאַלטן דייטשלאַנד.

מיין פרוי איז אַ גוטע שטאָפּערין, דאָס איז אַ באַזונדערער פרויען־צווייג אינם טעקסטיל־פאַך. אויב אַ וועבער האָט פאַרזען, אַז אַ פאָדעם האָט זיך אָפּגעריסן און ס׳פעלט אַ פאָדעם אין דעם שטאָף — דאַרף עס די שטאָפּערין אַריינניין. אַזוי ווי גערא איז געווען אַ טעקסטיל־שטאָט, האָט מיין פרוי גלייך באַקומען אַרבעט אין אַ גרויסער פאַבריק, וווּ ס׳האָבן געאַרבעט טויזנטער אַרבעטער. בלויז שטאָפּערינס איז דאָרט געווען העכער ווי דריי הונדערט. דאָס שטעטל איז געווען אַ שיינס, האָט פאַרמאָגט אַ סך פאַבריקן און אויך אַ סך ביימער און גרינס. מיר האָבן באַלד באַקומען אַ דירה פון צוויי צימערן מיט אַ קיך. מעבל האָבן מיר גענומען אויף אויסצוצאָלן, ווייל מיר האָבן נישט געוואָלט אויסגעבן די עטלעכע הונדערט רובל, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט, וואָרעם מיר האָבן נישט געוווּסט, ווען איך וועל קריגן אַרבעט. דער פאַרדינסט פון מיין פרוי איז נישט געווען גענוג אויף עסן, דירה און באַלייכטונג. וועגן באַקליידונג האָבן מיר דערווייל נישט געדאַרפט זאָרגן. מיר האָבן זיך באַקליידט פאַרן אַוועקפאָרן.

מיין פּלאַן איז געווען — זיך אויסלערנען ווערן אַ וועבער. אָבער דאָס איז געווען נישט אַזוי איינפאַך, מען האָט באַדאַרפט קריגן אַ פאַבריק, וווּ מען זאָל דיך וועלן אַריינגעמען צו לערנען דעם פאַך. די פאַבריקן פלעגן אָנהייבן אַרבעטן זיבן אַזייגער אין דער פרי. אַרבעטלאָזע און אַרבעט־זוכער האָבן באַדאַרפט קומען פאַר זיבן אין דער פרי אין דער פאַבריקס־געביידע. ווען די פאַבריק האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן, פלעגט אַרויסקומען דער מייסטער (פאָרמאַן) איבערקוקן אַלע אַרבעטער, און אַז ער האָט דערזען אַ הויכן, געזונטן, שטאַרקן מאַן, פלעגט ער אַזוינעם צונעמען צו דער אַרבעט. ווען איך בין אַזוי געשטאַנען צווישן די הויכע געזונטע דייטשן, האָב איך אויסגעזען קעגן זיי ווי אַ ליליפּוט — דאַר און קליין. צו דעם האָב איך נאָך געהאַט אַ בערדל, שיין פאַרשווירן. קיין אַרבעטער האָבן דעמאָלט אין דייטשלאַנד קיין בערד נישט געטראָגן. בערד האָבן געטראָגן די פאַרמעגלעכע, די

רייכע און בכלל אָנגעזעענע לייט. דערצו נאָך בין איך געווען אַזעלכער, וואָס האָט געוואָלט זיך ערשט אָנהייבן צו לערנען דעם פאַך. פלעג איך אַזוי וואָך־איין וואָך־אויס, ווי יעדער אַרבעטער אויפשטיין זעקס אין דער פרי און האַלב נאָך זעקס בין איך שוין געשטאַנען יעדן טאָג אין אַן אַנדער פאַבריקס־געביידע. די חברים האָבן מיר געזאָגט, אַז איינע פון די מניעות צו קריגן אַרבעט איז — „וואָס איך טראָג אַ באָרד". בין איך אַוועק צום פריזירער און זיך געלאָזט אַראָפּנעמען די באָרד. אַז מיין ווייבל איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט זי איר מאַן נישט דערקענט. ענדלעך האָב איך דאָך געקראָגן אַרבעט און גלייך אָנגעהויבן צו פאַרדינען. און אַזוי אַרום, פון ביידנס פאַרדינסטן, האָבן מיר געהאַט אויף אַ שיין לעבן.

ביי דער געלעגנהייט איז אינטערעסאַנט צו דערציילן, ווי גוט דער פּאָליציי־שפּיאָנאַזש אין דייטשלאַנד איז געווען אָרגאַניזירט. אין איינעם אַ טאָג, ווען איך האָב נאָך נישט געאַרבעט, קומט צו מיר אַריין אַ פּאָליציי־מאַן און פרעגט מיך: „זי הייסן זעלמאַנאָוויטש"? איך ענטפער אים: „יאָ!" דאַן פרעגט ער מיך, צי איך טויש יעדע וואָך אַ רוסישן גאָלד־שטיק פון 5 רובל אויף דייטשע מאַרקן? איך ענטפער אים, אַז יאָ. „פון וואַנען האָט איר דאָס רוסישע גאָלדן־געלט"? — פרעגט ער ווידער. דערצייל איך אים, אַז דאָס געלט איז דער נדן, וואָס מיינע שוויגער־עלטערן האָבן מיר געגעבן. ער איז אַוועק. אָבער דאָך האָט מען מיך נאָך צוויי מאָל אַרויסגערופן אויף אויסצופאָרשן, פון וואַנען איך האָב דאָס געלט. וואַרשיינלעך זענען די בענק געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער פּאָליציי.

ווי לאַנג איך האָב נישט געאַרבעט, האָבן מיר געמוזט ניצן פונם געלט, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך. געלעבט האָבן מיר אין מאַטעריעלן זינען גאַנץ גוט, אָבער גייסטיק האָב איך זיך דאָ געפילט ווי אין אַ מדבר, כאָטש אונזער הויז איז געוואָרן אַ מקום־מקלט פון דער בונדישער עמיגראַציע אין געראַ. דער גרעסטער טייל חברים זענען געווען לאָדזשער, אַ טייל נעמען געדענק איך נאָך היינט: יאַנקל קייסער, אומגעקומען ביי די היטלעריסטן, יאַנקל קאַציק — לעבט היינט אין פּעטערסאָן, איטשע מאיר וועקסלער, אומגעקומען ביי די היטלעריסטן אין לאָדזש. יידישע טאָג־צייטונגען און וואָכנבלעטער פלעג איך קריגן צוגעשיקט פון פּוילן. אַזוי אַרום איז אונזער שטוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בונדיסטישן קלוב און לייענזאַל. איך אָבער האָב זיך געפילט פרעמד אין דער דאָזיקער שטאָט. אפשר איז אין דעם שולדיק געווען דאָס, וואָס איך האָב געשלעפּט מיט זיך אַ גרויסע ירושה, וואָס איך האָב באַקומען אין מיין טאַטנס הויז, אינם שטיבל

ביים קאַזשעניצער רבין און שפּעטער אין „בונד“, ווען איך האָב פּונקט אַזוי געדינט מיט גרויסער אמונה און חסידישער התלהבות. אמת, דאָ בין איך טאַקע געווען אינם לאַנד, וווּ עס געפינט זיך די שטאַרקסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, מיט די גרעסטע טעאָרעטיקער פון סאָציאַליסטישן געדאַנק, וועלכע זענען די לערער און וועגווייזער פאַר די סאָציאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט. אָבער פאַר מיר איז עס דאָך געווען אַ קאַלטער קלימאַט.

אָט האָט זיך אָנגערוקט דער ערשטער מאַי פון 1911. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד“ האָט אונדז צוגעשיקט רויטע לענטעס מיט דער אויפשריפט: „זאָל לעבן דער ערשטער מאַי!“ מיר האָבן אומגעדולדיק געוואָרט אויף דעם גרויסן טאָג. אין דייטשלאַנד האָט מען אין יענער צייט געאַרבעט דעם ערשטן מאַי פּונקט ווי אין יעדן אַנדערן וואָכנדיקן טאָג, ווייל די קאַפּיטאַליסטן זענען דאָרט געווען גוט אָרגאַניזירט. און אויב די אַרבעטער וואָלטן געמאַכט אַ פּרוּוו צו פייערן דעם ערשטן מאַי, וואָלטן די בעלי־בתים געשלאָסן די פאַבריקן אויף עטלעכע וואָכן. דערפאַר אָבער נאָך דער אַרבעט האָט דער פּראָלעטאַריאַט אין דעם טאָג פון ערשטן מאַי איינגעאָרדנט פייערלעכע פאַרזאַמלונגען. אַ גרופּע בונדיסטן איז אַוועק פון מיין הויז, אויסגעפּוצט אין יום־טובדיקע קליידער, זיך אָנגעשטאָכן די רויטע לענטעס אין די לאַצן און געקומען צו דער פאַרזאַמלונג. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין אַ ביר־האַלע, וואָס האָט אַריינגענומען העכער צוויי טויזנט מענטשן. יעדער דייטש איז געזעסן ביי אַ קופל ביר און יעדע דייטשקע האָט געשטריקט. עס האָט דעמאָלט גערעדט אַ גלענצנדיקער רעדנער, אַ דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט — עמאַנועל וואָרמס. ווען ער האָט געשילדערט מיט די שווידערלעכסטע פאַרבן דעם קאַפּיטאַליסטישן וועלט־סדר, האָבן די אַרבעטער געשריען: „פוי! פוי! פוי!“ און ווען ער האָט געשילדערט די צוקונפט מיט דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג, האָבן זיי געשריען: „האָך! האָך! האָך!“ אָבער אין דעם געשריי האָט זיך נישט געפילט קיין נשמה. די אויגן האָבן זיך ביי זיי נישט אָנגעצונדן מיט באַגייסטערונג און עקסטאַז, זיי האָבן נישט פאַרביילט זייערע פויסטן, נאָר רואיק געטרונקען דאָס ביר און געשמאַק געשטריקט די זאָקן.

אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין אָט דער קאַלטער אַטמאָספער. די פריינד אונזערע זענען געגאַנגען אין די קינאָס, אויף מוזיק־קאָנצערטן, אין טעאַטער און מיך אויך גערופן מיטצוגיין. אויך מיין פרוי האָט מיך געבעטן: „קום!“ איך בין אָבער נישט געגאַנגען. איך האָב געבעטן מיין פרוי גיין מיט זיי. טיילמאָל איז זי געגאַנגען, אָבער צו אָפט לאָזן מיך אַליין אין

הויז האָט זי נישט געוואָלט. און מיין לעבן איז נאָר געווען — מישן די ציַיטונגען און זשורנאַלן פון פּוילן און שלינגען יעדער וואָרט. איין מאָל, ווען איך בין געלעגן אַזוי פּאַרטיפט אין די געדאַנקען, איז מיין פרוי צוגע־קומען צו מיר, האָט מיך האַרציק אַרומגענומען און געזאָגט: „אפשר ווילסטו פאָרן אהיים? דו גייסט דאָ אַרום ווי אַ שאָטן. איך האָב חתונה געהאַט מיט אַ פריילעכן, לעבעדיקן בחור און איצט דערקען איך דיך נישט".

איך האָב איר געענטפערט און טרערן זענען מיר דערביי געשטאַנען אין די אויגן:

„ליבע יענטע — האָב איך געזאָגט — איך געפין זיך דאָ, ווי איך וואָלט געוווינט אויף אַן אייז־באַרג; וואָרעם איז מיר נאָר, ווען איך בין מיט דיר אַליין, אָבער מיר פעלט דאָס קאָכיקע, צאַפּלדיקע יידישע געזעל־שאַפטלעכע לעבן. איך ווייס די געפאַר, וואָס שטייט מיר ווייטער פאָר. איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ ביטערן מזל. עס זענען דאָ הונדערטער טוער אין „בונד" און פאַלן נישט אַזוי אָפּט אַריין. איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל אין דער באַוועגונג נישט אַרבעטן אַ לענגערע צייט, ביז וואַנען זיי וועלן נישט פאַרגעסן אָן מיר. אָבער איך וועל לעבן מיט דעם ליכט פון „בונד". עס וועט זיַיער זיין וואָרעם פון דעם"...

און זי האָט דאַן באַשלאָסן: „מיר פאָרן צוריק!"

מיר האָבן פאַרפּאַקט אונזערע פעקלעך און זענען אַוועקגעפאָרן צו־ריק אהיים. באַלד ווי מיר זענען געקומען, האָבן מיר געגומען אויף פּאָ־לידנאָווי 20 אַ קליין צימערל אויפן פערטן שטאָק. דאָרט האָט מער ווי צוויי בעטן מיט אַ טישל נישט געקענט אַריין, אָבער מיין פרוי האָט אַלע מאָל געקענט מאַכן פון דער קלענסטער וווינונג אַ פּאַלאַצל. ווען אירע און מיי־נע עלטערן זענען אַרויפגעקומען צו אונז, האָבן זיי געהאַט גרויס נחת. עס האָט געשמעקט אין יעדן ווינקעלע. אָבער מיין טאַטע איז פון אייך זאַך נישט געווען צופרידן: מיין פרוי האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טישל אַ פיגור מיט אַ שפּיגל. דערויף האָט דער טאַטע געזאָגט צו איר: „יענטעלע! אויב דו ווילסט, אַז דיין שווער זאָל צו דיר אַרויפקומען, זאָלסטו די פּאַסקודסטווע אַרויסוואַרפן. דאָס טאָר נישט שטיין אין קיין יידיש הויז!" מיין פרוי האָט דאָס טויִסע באַזייטיקט, כדי מיין טאַטע זאָל קענען צו אונז אַרויפקומען.

## עס קומען פאַר מיר שווערע איבערלעבונגען.

ווען איך בין געקומען פון דייטשלאַנד, האָב איך געהאָפט צו קריגן אַר־בעט און לעבן אַ באַשיידן גליקלעך פאַמיליע־לעבן. איבערוואַרטן עטלעכע יאָר ביז די זשאַנדאַרמעריע וועט פאַרגעסן אָן מיר, דאַן וועל איך זיך ווי־דער באַהעפטן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט דעם „בונד". די פרוי מיינע, וואָס האָט שטענדיק געאַרבעט, האָט איצט נישט געקענט טראַכטן וועגן דעם, ווייל זי האָט זיך געגרייט צו ווערן אַ מאַמע. איך אַליין אָבער קריג נישט קיין אַרבעט. איין מאָל גיט מען מיר צו וויסן, אַז אויף זאַ־כאָדניע גאַס געפינט זיך אַ טעקסטיל־פאַבריקל. דער אייגנטימער איז אַ ביאַליסטאָקער ייִד, הייסט פּאָרעצקי, און ער דאַרף האָבן וועבער. דער טעקסטיל־אַרבעטער איז דאַן איבערהויפּט געשטאַנען אויף אַ נידעריקן מצב און זיינע פאַרדינסטן קעגן אַנדערע פאַכן אין דער זעלבער שטאָט זענען געווען זייער נידעריק. ביי פּאָרעצקין האָט מען נאָך ווייניקער פאַרדינט. פונ־דעסטוועגן בין איך אַרויף צו דער אַרבעט. איך האָב אָנגעהויבן צו אַר־בעטן און בין געווען צופרידן. אָבער וואָס לענגער איך האָב געאַרבעט, אַלץ שטאַרקער האָב איך געפילט דאָס גיהנום, וואָס דער דאָזיקער פּאָרעצקי האָט געשאַפן אין זיין פאַבריקל. נישט בלויז צוליב זיין נייגונג צו עקספּלואַטירן די אַרבעטער, נאָר ער האָט זיך אויפגעפירט חוצפּהדיק, ווי אַ גראָביאַן און סאַדיסט. ער האָט מיט זיין רעדן צו די אַרבעטער זיי דערנידעריקט, גע־צאַפּט זייער בלוט, בעסער געזאָגט — אונזער בלוט. ער האָט מיט זיין באַ־ליידיקנדיקער שפּראַך אַזוי מיך דענערווירט, אַז די מאַשין האָט אַריינגע־כאַפּט און מיר איינגעשניטן דריי פינגער. עפּעס אַ נס איז געשען, וואָס איך האָב נישט פאַרלוירן די דריי פינגער. עס איז נישט געווען אין מיין טבע, איך זאָל שווייגן, ווען מען באַליידיקט מיך. אָבער פאַר מיינע אויגן איי־געשטאַנען מיין פרוי מיט דעם ניי־געבוירן מיידעלע, האָב איך אַלץ שווייגנ־דיק אַראָפּגעשלונגען. ביינאַכט פלעג איך ליגן אין בעט און נאָך אַמאָל אי־בערלעבן דאָס אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט בייטאָג אין פאַבריק. איך

פלעג באַנעצן דאָס קישן מיט טרערן. אָבער פאַר דער פרוי האָב איך געמאַכט א גוטע מינע. יעדער מאָל, ווען איך פלעג אַוועק צו דער אַרבעט, האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק ווי איך וואָלט גיין צום טאַנץ, אַזוי פריילעך און מונטער פלעג איך אַוועק פון שטוב. אָבער איך האָב געהאַט א ביטער מזל. די פאַבריק האָט זיך פאַרמאַכט און איך בין געבליבן אָן אַרבעט. און דאָס האָט געהייסן בלייבן אָן עסן. זי האָט געגערט א קינד און מיר האָבן ביידע איבערגעלעבט מיט צוואַנציק קאָפּיקעס דעם טאָג. און דאָס זענען געווע' געבאָרגטע. דאָס קינד, שוין א מיידעלע פון צען חדשים, שיין ווי די זון אין הימל, איז קראַנק געוואָרן אויף דיזענטעריע. מיר האָבן גערופן א דאָק־טאָר דעמאָלט, ווען מ'האָט אים שוין באַדאַרפט האָבן דריי מאָל. אַרויסגע־נומען א רעצעפּט פון אַפּטייק איז אונז אָנגעקומען זייער שווער, ממש מיט גרינע ווערעם. געוויס האָבן די עלטערן צו ביסלעך געהאָלפן. דער צער איז געווען אומבאַשרייבלעך. איין טאָג, ווען דאָס קינד אונזערס איז שוין געלעגן אין גסיסה, איך האָב עס געהאַלטן אויף מיינע הענט, די אויגעלעך ביים קינד זענען געלאָפן אהין און צוריק. מיט אַמאָל האָט עס די אויגעלעך אָנ־געשטעלט אויף מיר און זיי זענען געווען עפּעס גרעסער ווי געוויינטלעך. און די דאָזיקע אויגן האָבן צו מיר גערעדט: „טאַטע, ראַטעווע מיך!"...

אין דעם מאָמענט קומט אַריין א חבר פון מיין פּאַרטיי, פון „בונד", און גיט מיר איבער א בריוול פון אונזער ליבן חבר בראָניסלאַוו גראָסער, ווו ער שרייבט: „חבר אפרים־אליעזר, קומט, איך וויל אייך זען. איך האָב דעם חבר געזאָגט מיט א געבראָכענער שטים: „זאָג גראָסערן דאָס, וואָס דו האָסט דאָ געזען". אין עטלעכע שעה אַרום האָט אונזער ליב טעכטערל אויסגעהויכט די נשמה. עס איז שווער דאָס איבערצוגעבן. מען דאַרף האָבן א פעדער פון א דיכטער צו באַשרייבן דאָס, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. ווען עס איז געקומען די נאַכט און מען האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָב איך אַריבערגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ, ווייל איך האָב געזען ווי דער מלאך־המות, וואָס האָט פון אונז אַוועקגערויבט דאָס טייערסטע, דאָס בעס־טע, דאָס שענסטע, פאָכעט אַרום מיט זיינע שוואַרצע פליגלען. מיר האָבן געלעבט אין גרויס צער, אָבער מען האָט דאָך געלעבט, האָט מען געמוזט זוכן אַרבעט.

איין מאָל קומט צו אונז אונזערע א גוטע פריינדין, א האַרציקע חברטע. זי איז געווען אָן אַקושערקע און זי האָט אַלע מאָל באַדינט מיין פרוי, געווען אויך אָן איבערגעגעבענע בונדיסטקע, מינקע נאָוואַ איז געווען איר נאָמען. זי זאָגט צו מיר: „חבר אפרים־אליעזר, איך האָב א גוטן

פריינד, זיי זענען דריי ברידער, האָבן זיי אַ טעקסטיל־פאַבריק אונטער דער פירמע „געברידער לערנער". זיי זענען ביאַליסטאָקער. איך האָט מיט זיי גע־רעדט און זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן דיך נעמען צו דער אַרבעט."

איך בין באַלד אַוועק אין פאַבריק. זיי האָבן אַריינגערופן דעם שטול־מייסטער און אים געזאָגט, אַז ער זאָל צוגרייטן צוויי וועב־שטולן, פאַר מיר. די פאַבריק האָט זיך געפונען אויף קאַראַלאַ גאַס. דאָס איז געווען אַ גאַס פון פאַבריקן. אָנגעהויבן האָט מען אַרבעטן אין די פאַבריקן זיבן אין דער פרי און געענדיקט האָט מען זעקס אין אָוונט. פון צוועלף ביז איינס איז געווען מיטאָג. צו מאָרגנס זיבן אין דער פרי בין איך שוין געווען אין פאַב־ריק און דער שטול־מייסטער שטעלט מיך אַוועק ביי צוויי שטולן. די פאַב־ריק איז געווען אַ גרויסע. עס האָבן דאָרט געאַרבעט ביי דריי הונדערט אַר־בעטער, צום גרעסטן טייל פרויען. ווייל עס איז געווען אַ ביליקער אַרטיקל, איז דער אַרבעטס־לוין געווען אַ נידעריקער. איך האָב געלאָזט מיינע שטולן אין גאַנג און געאַרבעט ווי אַלע. איך בין געווען איין ייד אין דער פאַבריק. אַכט אַזייגער שטעלן זיך אָפּ אַלע וועב־שטולן; פרעג איך ביי אַן אַרבעטער לעבן מיר, צי מאַכט מען דאָ אַן איבעררייס אויף פרישטיק? ענטפערט ער מיר, אַז ער אַרבעט דאָ דעם ערשטן טאָג און ער ווייסט אויך נישט. פרעג איך אַ צווייטן אַרבעטער, וואָס באַדייט דאָס אָפּשטעלן די אַרבעט? ענטפערט ער מיר, אַז עס איז אַ שטרייק. איך פרעג אים: „וואָס באַדייט דער שטרייק?" ענטפערט ער מיר: „מיר ווילן נישט, אַז יידן זאָלן דאָ אַרבעטן". אַז איך האָב דאָס דערהערט, בין איך אַוועק צו מיינע וועב־שטולן און געלאָזט זיי אין גאַנג. אַלע שטולן זענען געשטאַנען שטיל, בלויז מיינע צוויי שטולן האָבן געקלאַפּט. עס קומען צו צוויי אַרבעטער און פרעגן ביי מיר, פאַרוואָס איך אַרבעט. מיין ענטפער איז געווען, אַז איך קען נישט מיטשטרייקן, אויב מען פאַרווערט דאָ יידן צו אַרבעטן. אין עטלעכע מינוט אַרום זע איך, ווי אַלע לאָזן זיך צו דער קאַנטאָר (אָפיס) פון פאַבריק. דאָרט איז נאָר געווען דער דירעקטאָר. זיי דערקלערן אים, אַז זיי וועלן נישט צוטרעטן צו דער אַרבעט ביז מען וועט נישט צוריק אַוועקשיקן דעם יידן, וואָס האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן. דער פאַבריק־דירעקטאָר בעט זיי, זיי זאָלן אָנהייבן צו אַרבעטן, און ווען דער הער לערנער וועט קומען, זאָלן זיי דעמאָלט מיט אים רעדן. זייער ענטפער איז געווען, אַז זיי וועלן צו דער אַרבעט נישט צוטרעטן. עלף אַזייגער זענען די איינגנטימער פון פאַבריק געקומען. דאָס זענען געווען דריי ברידער, יונגע און ענערגישע בחורים, ביאַליסטאָקער יידן. ווי נאָר די איינג־טימער זענען געקומען, האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן אַריינצושיטן אין קאַנ־

טאָר אַלע אַרבעטער. איך האָב דעמאָלט אויך אָפּגעשטעלט די אַרבעט און אַריינגעגאַנגען מיט אַלע, כדי צו הערן און זען מיט די אויגן, וואָס דאָרט וועט פּאַסירן. באַלד האָט איין אַרבעטער זיך געווענדט צו די בעלי־בתים פון פאַבריק מיט פאָלגנדיקער דערקלערונג: „אַזוי ווי אין אונזער פאַבריק האָבן ביז היינטיקן טאָג קיין יידן נישט געאַרבעט, פאַרלאַנגען מיר, מען זאָל דעם יידן אַוועקשיקן פון דער אַרבעט״...

איינער פון די ברידער האָט דערויף געענטפערט מיט אַ גאַנץ רואיקן טאָן: „וואָס הייסט דאָס ביי אונז אין פאַבריק? די פאַבריק איז נישט אייער־רע, זי איז מיינע, און וועמען איך זאָל נעמען צו דער אַרבעט, קענט איר מיר נישט באַפעלן״...

אויף דעם האָבן אַ סך שטימען געענטפערט מיט אַמאָל: „עס האָבן ביז איצט נישט געאַרבעט קיין יידן און עס וועלן ווייטער נישט אַרבעטן, אין פאַ־לעסטינע וועסטו נעמען יידן״...

דאָ האָט שוין אַ צווייטער ברודער נישט אויסגעהאַלטן. ער איז אויפ־געשפּרונגען און געשריען: „אַז איר ווילט, קענט איר נישט אַרבעטן. איר קענט גיין״... דעמאָלט האָבן די אַרבעטער געפאָדערט, אַז מען זאָל איטלעכן פון זיי אויסצאָלן פאַר צוויי וואָכן געהאַלט. אין פּוילן איז דעמאָלט געווען אַ געזעץ, אַז אויב אַן אונטערנעמער זאָגט אָפּ אַן אַרבעטער, מוז ער אים דאָס מעלדן מיט צוויי וואָכן פריער, אויב נישט מוז ער אים באַצאָלן דאָס געהאַלט פאַר צוויי וואָכן.

דערויף האָבן די בעלי־בתים געענטפערט: „מיר זאָגן אייך נישט אָפּ, איר ווילט דאָך אַליין נישט אַרבעטן. איר קענט אַריינגעבן די ביכלעך, וועלן מיר זיי אייך שטעמפּלען און צו די צוויי וואָכן קענט איר גיין.

דאָ האָבן אַלע אַרבעטער, טאַקע אַלע ביזן לעצטן, אַריינגעטראָגן די ביכ־לעך צו שטעמפּלען און זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. אָבער ווי איך בין אַזוי געשטאַנען ביי די שטולן, האָב איך פּלוצלינג דערפילט, אַז עפּעס פאַלט פון הינטן אויף מיין קאָפּ. עס פאַלן אויף מיר זאַכן, וואָס פיזיש האָבן זיי מיר נישט ווי געטאָן, אָבער מאָראַליש מיך באַליידיקט. איך האָב זיך איינ־געקוקט, פון וואַנען דאָס קומט, און מיין חשד איז געפאַלן אויף אַ יונגן שייגעץ, וואָס האָט נישט ווייט הינטער מיר געאַרבעט. בין איך צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט קלאָר און שאַרף: „אויב איך וועל זיך נאָך איבערצייגן, אַז דו וואַרפסט אויף מיר פאַרשידענע אָפּפאַלן, וועל איך דיר דעם קאָפּ שפּאַלטן. אין אָוונט בין איך אַהיים געקומען אַ דענערווירטער און אויפגע־רעגטער. מיין פרוי האָט באַלד אין מיר דערקענט, אַז עפּעס איז פאָרגעקור־

מען. איך האָב איר דערציילט, און דערציילנדיק האָב איך דאָס שטאַרקער איבערגעלעבט ווי בייטאָג, ווען איך האָב דאָס צוגעהערט און צוגעזען. מיין פרוי האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן ביי מיר: „גיי נישט צו דער אַרבעט, פאַרגעס נישט, אַז דו האָסט צו טאָן מיט גויים, זיי קענען דיר געבן הינטן־אַרום מיט אַ פלאַש איבערן קאָפּ, מיט אַ מעסער אין זייט. עס איז דאָך פינסטער, ווען דו גייסט צו דער אַרבעט, און יידן גייען דאָרט איינצלנע און גויים — אין די טויזנטער. פריער־שפּעטער וועסטו קריגן אַן אַנדער אַרבעט"... אויף דעם האָב איך געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין. „איך וועל זיך פון דער אַרבעט נישט אָפּזאָגן. ס'גייט מיר נישט אין דער אַרבעט. דו ווייסט דאָך, אַז מיר זענען שוין געווויינט צו הונגערן. דאָ גייט מיר נישט אין מיין כבוד, נאָר אין מיין יידישן כבוד. זיי פאַרלאַנגען נישט, מען זאָל אפרים־אליעזרן אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט. זיי פאַרלאַנגען, מען זאָל דעם יידן אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט".

און איך בין ווייטער געגאַנגען צו דער אַרבעט.

פיזיש האָבן זיי מיך נישט גערירט. ווען מען האָט געגעסן מיטאָג, זענען די אַרבעטער אין פוילן נישט געגאַנגען אין קאַפעטעריעס, נאָר מען האָט מיטגענומען ברויט מיט קאַווע. ווינטער האָט מען געגעסן אין זאַל פון פאַבריק און זומער אויפן הויף. אַז זיי האָבן מיך דערזען, האָב איך זיי געקענט הערן בילן ווי פון הינט. אַן אַנדערער האָט אַ בורטשע געטאָן: „דער זשיד גייט", אַ דריטער האָט אַנדערע זידל־ווערטער געוואָרפן. אָבער ווען די צוויי וואָכן האָבן זיך געענדיקט, זענען אַלע אַרבעטער שטומערהייט געבליבן ביי דער אַרבעט. דעמאָלט האָבן שוין אויך אויפגעהערט די זידלערייען. אין משך פון אַ באַשטימטער צייט האָבן זיך די אַרבעטער געביטן. עס זענען אַוועק אַלטע און נייע זענען געקומען. איינציקווייז און לאַנגזאַם האָבן זיי איינגעשטעלט מיט מיר אַ געוויסע פאַרבינדונג.

אַזוי בין איך שוין דאָרט געבליבן אַרבעטן.

## אַ ווענדונג צו מיר איך זאָל ווידער ווערן אַקטיוו.

סוף 1913 אָדער אָנהייב 1914 זענען געקומען צו מיר אין דער וווינונג צוויי חברים — אברהם שמויש און לעאָן שוואַרצמאַן, זיי זענען פּאַקטיש אין יענער צייט געווען די פירער פון „בונד" אין לאָדזש, און האָבן מיר פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל ווערן ווידער אַקטיוו אין דער באַוועגונג. עס פילט זיך אַ געוויסע אויפלעבונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, דעריבער וויל דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" מאָביליזירן אַלע כוחות, וואָס קענען מיטהעלפן אין דער אַרבעט. און אַזוי ווי מיר קענען אייך — האָבן זיי געזאָגט — ווילן מיר, אַז איר זאָלט אָננעמען אונזער פאָרשלאָג. איר האָט זיך שוין גענוג אויסגערוט, דריי יאָר ווי איר זענט פון דער ווייטנס פון אונזער באַוועגונג, איז גענוג. איך האָב זיך באַמיט זיי אויפקלערן, אַז דאָס איז אַ סכנה פאַר מיר און אויך פאַר דער באַוועגונג, ווייל איך גלויב לחלוטין ניט, אַז די לאָדזשער זשאַנדאַרמעריע האָט שוין פאַרגעסן אָן מיר. אָבער אַזוי ווי איך האָב געפילט די גאַנצע צייט, אַז נישט אַרבעטנדיק אין דער באַוועגונג וועל איך אַנטמוטיקט און עס הייבט מיר אָן פעלן זאַפטיקייט, יום־טובדיקייט — האָב איך געענטפערט די חברים, אַז דערווייל זאָלן זיי נישט דריקן אויף מיר — אָבער איך זאָג צו, אַז ווען זיי וועלן דאַרפן מיין הילף בין איך גרייט צו העלפן.

זיי זענען אַוועק צופרידן און אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז יעדער אָנהייב וועט זיין ביי מיר דער ערשטער טריט אויף צו ווערן סיסטעמאַטיש אַקטיוו.

עס איז פאַרביי אַ קורצע צייט און דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט מיך געבעטן אַרויסטרעטן אויף אַ פּרויען־מיטינג געווידמעט ספּעציעל דעם פּרויען־טאָג. דאָס איז פאָרגעקומען, לויט ווי מיר דוכט זיך, אין פעברואַר 1914. דער מיטינג איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל אויף אָלגינסקי גאַס. איך מוז זאָגן דעם אמת, אַז איך בין געווען איבעראַשט פון דער אויפנאַמע, וואָס איך האָב דאָרט באַקומען. ווען דער פאָרזיצער

האָט געמאָלדן, אַז איצט האָט דאָס וואָרט אונזער אַלעמענס באַקאַנטער חבר [illegible] אליעזר — האָט דער גאַנצער זאַל אויסערגעווייַנטלעך אַפּלאָ־דירט, און אין דעם מאָמענט האָב איך געטראַכט צו זיך אַליין פאַרוואָס קומט עס מיר. פאַקטיש בין איך דאָך געווען גאַנצע דריי יאָר אָן אַ זייט פון דער באַוועגונג און גראָד אין די שווערסטע ביטערסטע צייטן פון „בונד”. אָבער אַזוי איז עס געווען.

מאַטעריעל איז אונז שוין געגאַנגען בעסער. איך האָב געאַרבעט ביי די געברידער לערנער. די פאַבריק האָט זיך איבערגעצויגן פון קאַראָלאַ גאַס אויף נאָוואָ־צעגעלניאַנע, אַזוי אַז איך האָב געהאַט צו גיין צו דער אַרבעט בלויז 5 מינוט וועג. די פרוי מיינע האָט אויך געאַרבעט. מיר האָבן גענו־מען אַ דירה פון צוויי צימערן אויף זאַקאָנטנע 35.

אָבער באַלד האָב איך דערפילט, אַז עס רוקט זיך ווידער אָן פאַר מיר אַ שלעכטע צייט. עפּעס האָב איך באַמערקט, אַז מען גייט מיר נאָך. איך פלעג 7 פרי גיין צו דער אַרבעט און יעדן אין דער פרי פלעג איך באַמערקן אַקעגנאַיבער מיין טויער ווי עס שטייט אַ קריסט און וואַרט. אַז איך בין אַרויס פון טויער און געגאַנגען צו מיין פאַבריק האָט ער פון דער צווייַ־טער זייט מיך באַגלייט ביז דעם פאַבריק־טויער. זעקס פאַרנאַכט האָט ער ווידער געוואַרט פאַרן טויער פון פאַבריק און מיר נאָכגעגאַנגען ביז מיין היים. אַזוי איז געווען יעדן טאָג.

סוף אַפּריל אין מיטן דער נאַכט איז אַריינגעקומען צו מיר אַ כאַפּטע פּאָליציי און דער זעלבער שפּיאָן, וואָס האָט מיך אָפּגעוואַרט, איז מיט זיי מיטגעקומען. מען האָט מיך אָפּגעפירט אין פּאָליציי־באַצירק אויף ראַד־ווינסקע גאַס. אין דער פרי האָט מען מיך אַריינגעפירט אין קאַנצעלאַ־ריע, מיר אָנגעטאָן קייטעלעך אויף די הענט, קעגן וואָס איך האָב פּראָ־טעסטירט. אָבער מיין פּראָטעסט האָט גאָרנישט געהאָלפן. אַ פּאָליציאַנט האָט מיך אַוועקגעפירט אין טורמע אויף מילטשע גאַס. אַזוי ווי איך בין געווען מיט קייטעלעך אויף די הענט — האָב איך געבעטן דעם פּאָליציאַנט — ער זאָל נעמען אַ דראָזשקע פאַר וועלכער איך וועל באַצאָלן. אַרויסקו־מענדיק פון טויער פון פּאָליציי־צירקל האָט מיין ווייבל שוין געוואַרט. זי איז געוואָרן נאָך מער דערשראָקן ווען זי האָט דערזען, אַז אַ פּאָליציאַנט זעצט זיך מיט מיר אויף אַ דראָזשקע. אָבער איך האָב באַוויזן אָראָפּצו־שרייען פון דער דראָזשקע: שרעק זיך נישט, מען פירט מיך אין טורמע אויף מילטשע.

מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צעל, וואָס איז באַשטאַנען פון

צוויי צימערן, דאָרט זענען געזעסן ביז 30 פּאָליטישע אַרעסטירטע, צווישן זיי צוויי בונדיסטן: מלך קאַץ און אברהם זינגערמאַן. זינגערמאַנען האָב איך נאָענט געקענט, אָבער מלך קאַץ נאָר פון דער ווייטנס. איך האָב זיך מיט די צוויי בחורים זייער גוט אײַנגעלעבט. מלך קאַץ איז געווען די צאַרטקייט אַליין. ווען איך וואָלט אַזאַ בחור געטראָפן אין אַ חסידיש שטיבל וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס איז אַ באַהאַלטענער צדיק. עס האָט פון אים געשפּרודלט מיט גוטסקייט, האַרציקייט, ערלעכקייט און מענטשלעכקייט. אברהם זינגערמאַן, ווידער, איז געווען ממש אַ קאַנאַריק, זײַן שטימעלע איז געווען אַזוי זיס, אַזוי האַרציק. ווען עס איז געוואָרן פאַרנאַכט — האָבן מיר זיך אַלע דרײַ אויסגעזעצט אויף דער ערד און זינגערמאַן האָט געזונגען אַרבעטער- און ליבע-לידער, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט האָפענונגען פון אַ נײַער שיינער וועלט, ווו יעדער מענטש וועט זיך פילן גליקלעך. עס איז עפּעס געוואָרן אַזוי זיס אויף דער נשמה.

אָבער אין דער זיסקייט איז אַרײַנגעקומען אַ ביטערער טראָפּן. די פּאָליאַקן, וואָס זענען דאָרט געווען, ס.ד. און פּ.פּ.ס., האָבן אָפטמאָל נישט פאַרטראָגן אונזער פירונג. צו יענער צייט זענען שוין אין צעל געזעסן זעקס בונדיסטן — האָבן מיר טיילמאָל דיסקוטירט אַ פראַגע. און יידן זענען אַביסל אַנדערש, זיי זענען הייסער, קאָכיקער, די טענער ביי אַ דיסקוסיע ווערן אַביסל העכער אאַז"וו. איין מאָל ביי אַזאַ דיסקוסיע קומט צו איינער פון די פּאָליאַקן, אַ ס.ד., און זאָגט צו אונז: — רעדט שטילער, דאָ איז נישט קיין מאַרק! דאָס איז געווען ווי מיט אַ שפּיז אין מײַן האַרץ. די פּראַזע — דאָ איז נישט קיין מאַרק — איז אַן אויסגעדראָשן אַנטיסעמיטישע, ווייל דאָס האָט געדאַרפט באַדייטן, אַז יידן זענען מאַרק-מענטשן. מיר האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם אויסדרוק און ער האָט זיך פאַרענטפערט. אָבער אַ ווייטיק אין האַרצן איז געבליבן.

לאַנג בין איך אין דער צעל נישט געזעסן. מען האָט מיך אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער צעל, ווו ס'זענען געזעסן בלויז יידן. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען בונדיסטן. צווישן די, וואָס זענען געזעסן מיט מיר אין צעל זענען געווען — דוד כאַלאָדענקאָ און אונזער חבר טיומינס אַ שוואָגער. איך האָב דאָרט כאַלאָדענקאָן באַקענט און מיר זענען געבליבן גוטע און נאָענטע חברים ביז צום אויסברוך פונם וועלט-קריג. ווי לאַנג איך בין דאָס מאָל געזעסן געדענק איך נישט. איך געדענק אפילו נישט וויפל פאַרהערן איך האָב געהאַט. מײַן ווײַבל האָט געאַרבעט און יעדע וואָך פלעגט זי קומען זיך מיט מיר זען. ווען איך בין באַפרייט געוואָרן

האָב איך צוריק באַקומען אַרבעט אין דער זעלביקער פֿאַבריק.

אין אויגוסט 1914 איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די פֿאַבריקן האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּצושטעלן. אין נאָוועמבער האָב די דייטשן פֿאַרנומען לאָדזש און זיי זענען באַלד פֿון רוסישן מיליטער אַרויסגעטריבן געוואָרן. דעם 6־טן דעצעמבער זענען זיי צוריק אַריין. דעמאָלט האָב איך און מיין פֿרוי פֿאַרלוירן די אַרבעט. פֿון דעם, וואָס מיין פֿרוי האָט אָנגע־וווירן די אַרבעט בין איך געווען צופֿרידן. זי האָט זיך געגרייט צו ווערן אַ מאַמע. אָבער מיר זענען דאָך געבליבן אָן פּרנסה — האָב איך זיך גע־מאָלדן צו די דייטשן וועגן אַרבעט. זיי האָבן מיך גענומען צו שוואַרצער אַרבעט. איך האָב געאַרבעט אויף דער אייזנבאַן — ביים ריייניקן די קלאָ־זעטן. שפּעטער האָב זיי מיך געשיקט צו אַנדערער אַרבעט: אויסצולאָדעוון קוילן פֿון די וואַגאָנען. ווען מען האָט מיך געפֿירט איבער דער שטאָט מיט אַ גאַנצער פּאַרטיע צו דער אַרבעט און איך האָב געטראָגן אַ בעזים, שפּע־טער אַ שפּאַדעל — און אַז דורכגייער האָבן מיך געזען אין דעם הולך — האָבן זיי אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. די מענטשן האָבן געמיינט, אַז איך שעם זיך. אים האָב אָבער דעם קאָפּ אויפגעהויבן און געזאָגט „גוט־מאָרגן" צו איטלעכן וועמען איך האָב געקענט.

אין דעצעמבער 1914 קומט צו מיר אַ חבר פֿון לאָדזשער קאָמיטעט פֿון „בונד" און בעט מיך אינם נאָמען פֿונם קאָמיטעט: היות ווי דעם 19־טן דעצעמבער קומט פֿאָר אַן אָוונט געווידמעט דעם 2־טן יאָרצייט נאָך חבר בראָניסלאַוו גראָסער, זאָל איך קומען און זיין איינער פֿון די רעדנער. איך האָב די איינלאַדונג זייער גערן אָנגענומען, ווייל איך האָב געפֿילט צו גראָסערן אַ באַזונדערע באַציאונג. איך האָב געוווּסט, אַז ער שטאַמט פֿון אַן אַסימילירטער פֿאַמיליע און דאָך האָט ער געהאַט אַ גרויס יידיש האַרץ. אָבער פּונקט ווען איך דאַרף גיין אויפֿן אָוונט זאָגט מיר מיין ווייבל:
— אפרים, איך פֿיל מיך עפּעס היינט אַזוי, אַז איך וויל זאָלסט רופֿן די אַקושערקע. האָב איך איר געזאָגט, אַז איך גיי זי רופֿן. אָבער פֿריער בין איך צוגעגאַנגען צום אָוונט געווידמעט גראָסערן. דאָס איז געווען אין דער וווינונג פֿון חבר אברהם שמויש, געבעטן מען זאָל מיר געבן דאָס ערשטע וואָרט, אָפּגערעדט, און גלייך פֿון דאָרט אַוועק ברענגען די אַקושערקע. דאָס איז געווען אונזערע אַ חברטע, איבערגעגעבן צו אונזער הויז מיט דער גאַנצער נשמה אירער. זי איז גלייך מיט מיר געגאַנגען, אָבער זי האָט גע־זאָגט, אַז ס'וועט נאָך דויערן. דאָך, אַוועק פֿון אונז איז זי שוין נישט.



אפרים־אליעזר און יענטע זעלמאַנאָוויטש

# דור הולך ודור באָ.

דעם 20־סטן דעצעמבער 1914 בין איך אַוועק צו מיינע און אירע עלטערן און זיי דערציילט, אַז מיין פרוי האָט שוין ווייען פון נעכטן אָוונט. די אַקושערקע האָט ביי אונז גענעכטיקט. זי זאָגט, היינט וועט דאָס געשען און אַלץ גייט נאָרמאַל. אָבער דאָס מזל האָט געוואָלט, אַז מיין מאַמע און די שוויגער האָבן זיך פונקט נישט געפילט אַמבעסטן. מיין פאָטער איז באַלד געקומען, געזעסן אַביסל און געווונטשן, עס זאָל קומען אין אַ מזלדיקער שעה. מיין שווער איז אַוועק זאָגן תהילים. ווען איך בין אַהיים געקומען, זאָגט מיר די אַקושערקע, עס גייט שווערלעך, אָבער איר זאָלט זיך נישט שרעקן — אַלץ גייט נאָרמאַל. מיין פרוי האָט געהאַט גרויסע ווייען, און איך האָב זיך געפילט אומבאַהאָלפן. וואָלט איך געווען פרום, וואָלט איך אויך געזאָגט תהילים. איך האָב געשפּאַנט איבערן שטוב און געדאַנקען זענען געלאָפן. עס האָבן נישט געפעלט קיין פינצטערע געדאַנקען. אָבער איך האָב זיך באַמיט זיי צו פאַרטרייבן. די מינוטן האָבן זיך געצויגן, ווי טעג גאַנצע.

פיר אַזייגער ביינאַכט האָט די אַקושערקע אָנגעזאָגט מיט גרויס פרייד, אַז אַ ייִנגל איז געקומען אויף דער וועלט. אונזערע אויגן — מיינע און מיין פרויס — האָבן געשיינט מיט גליק. אַרום 6 איז געקומען מיין שווער. מ'האָט זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב און דאַן זאָגט דער שווער: „אפרים־אליעזר, איך בין איצט דאָ און די אַקושערקע איז דאָ, גיי אַראָפּ צו דיין טאַטן. ער איז עפּעס פלוצלונג קראַנק געוואָרן, וועסט זען וואָס ער מאַכט און וועסט אים דערציילן, אַז ביי דיר איז אַ זון געבוירן געוואָרן".

איך בין באַלד אַוועק צו מיינע עלטערן אין הויז. די שטוב איז צוגערוימט, עס איז ריין, שיין. די מאַמע זיצט און זאָגט תהילים. פרעג איך: „ווו איז דער טאַטע אַזוי פרי?" ענטפערט זי מיר, אַז ער איז נישט געקומען אַהיים. עס איז היינט „זאת־חנוכה", איז געווען אַ סעודהלע אין שטיבל. זאָג איך צו מיין מאַמען מיט אַן אומרואיקן טאָן: „קום, מיר וועלן

גיין זען, ווו דער טאַטע איז", און איך דערצייל איר, וואָס מיין שוועסטער האָט מיר געזאָגט.

דאָס קאָזשעניצער שטיבל האָט זיך געפונען אויף סאַלנע גאַס 5 און מיין עלטערער ברודער האָט געוווינט אויף דער זעלבער גאַס נומער 8. זאָג איך צו דער מאַמען: „דו גיי ארויף צו לייבושן, און איך וועל אריינגיין אין שטיבל".

איך קום אריין אין שטיבל, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן: דער טאַטע ליגט אַ טויטער איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך, צו קאָפּנס ברענען צוויי ליכט. דאָס ערשטע געפיל, וואָס איז אין מיר געבוירן געוואָרן שטייענדיק איינגעבויגן איבער מיין ליבן טאַטן, איז געווען אים דערציילן, אַז ביי מיר איז געבוירן געוואָרן אַ זון, אָבער דאָ האָט זיך ביי מיר אָנגעהויבן אַן אינערלעכע מלחמה. איך בין שוין דעמאָלט געווען אַן אַקטיווער טוער אין „בונד", אַ נישט־רעליגיעזער מענטש, וואָס האָט צו מיר גערעדט: אפרים! דו ווייסט, אַז דיין טאַטע איז געשטאָרבן, ער הערט נישט מער, ער וועט דיר נישט ענטפערן. און אַן אַנדער געפיל האָט געמאָנט: זאָג. דו האָסט דאָך דיין טאַטן אַזוי ליב, דערצייל אים... פון מינוט צו מינוט איז דער געפיל געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער און איך בין געווען גרייט דעם געפיל מיינעם צו פאָלגן, אָבער ווען קיינער וועט נישט זיין. יידן זענען אָבער דעם גאַנצן טאָג נעגאַנגען אריין און ארויס און דאָס שטיבל איז געווען פול מיט מענטשן.

שפּעט אין אָוונט בין איך נעגאַנגען אהיים. די לויה איז ערשט פאַרנעקומען אַ מאָרגנס. אַזוי ווי מיין פרוי איז ערשט געווען דעם ערשטן טאָג אין קימפעט, האָב איך געמוזט בלייבן אין דער היים. אָבער אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן. דער ווילן צו דערציילן דעם טאַטן פון אונזער גליק איז אַלץ מער געוואַקסן, און פאַרטאָג בין איך ווידער אַוועק אין שטיבל. אפשר וועט זיך טרעפן אַ מאָמענט, ווען דער טאַטע וועט בלייבן אַליין. אָבער יידן זענען יאָ געווען. איך האָב אָנגעהויבן צו פילן אַ פרעסונג ביים הארצן. איך בין געווען איבערצייגט: זאָג איך נישט מיין טאַטן, אַז ביי מיר איז געבוירן געוואָרן אַ זון, וועל איך אויך באַקומען אַ הארץ־אַטאַקע.

די לויה האָט זיך אָנגעהויבן. עס זענען געווים מיטגעגאַנגען אַ טויזנט מאַן. און ווען מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם טאַטנס קערפּער אין קבר אריין, האָב איך געפילט, אַז דאָס איז דער איינציקער לעצטער מאָמענט אים מבשר צו זיין די בשורה, און איך האָב זיך אריבערגעבויגן צום קבר און אריינ־

געשריגן: „טאַטע, עס איז ביי אונז אַ זון געבוירן געוואָרן, לאַנג לעבן זאָל ער. דור הולך ודור בא!"

מיין זון הייסט טאַקע נאָך מיין טאַטן — חיים־מאָטל.

## איך האָב ליב מיין שווער, אָבער איך שרעק זיך פאַר אים.

די דייטשן האָבן זיך באַזעצט אין לאָדזש, און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי פילן זיך ווי בעלי־בתים ביי אונז אין לאַנד. דער הונ־גער איז אָבער געוואָרן גרעסער, פאַרשטייט זיך, ביי דער אַרבעטנדיקער און אָרעמער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך דערנערט מיט אַ טעלער זופּ פון די ביליקע קיכן, וואָס זענען אויפגע־שטעלט געוואָרן פון פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. וואָס שייך דעם רייכן שיכט באַפעלקערונג, איז פאַר אים אויך דעמאָלט געווען פון אַלעם גוטן. פאַר די גבירים זענען געווען פול געפּאַקטע בעקערייען. די יאַטקעס זענען געווען פול מיט אַלערליי פליישן. קוילן אויף צו באַהייצן האָבן זיי גע־קראָגן וויפל זיי האָבן נאָר געדאַרפט. דער אַרבעטס־מענטש איז געוואָרן אויסגעריסן. דער הונגער האָט אַרויסגעשריגן פון יעדער אַרבעטער־שטוב, און די קינדער פון די פאַראָרעמטע פאָלקס־מאַסן זענען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און קעלט.

דער „בונד" האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו עפענען ביי די פּאַרייען קיכן אויף אַרויסצוגעבן ביליקע מיטיקן — דער אַרבעטער זאָל נישט דאַרפן באַליידיקט ווערן פון די הערן און דאַמען, וואָס האָבן געעפנט ביליקע קיכן פאַר אָרעמע לייט. וואָס שייך מיר פּערזענלעך, איז כאָטש איך האָב דעמאָלט געאַרבעט פאַר די דייטשן, האָבן מיר שטאַרק אונטערגעהונגערט, און דאָס קינד אונזערס, וואָס איז ערשט געבוירן געוואָרן, האָט שוין גע־פילט דעם טעם פון קעלט. מיר האָבן געציטערט, עס זאָל נישט פאַרפרוירן ווערן. נישט זעענדיק קיין אויסוועג, האָבן מיר באַשלאָסן צו האַלטן דאָס קינד ביי דער פרוים עלטערן. זיי האָבן נאָך געהאַט ליגן אַביסל קוילן צו באַהייצן די שטוב. איך האָב אָנגעהויבן צו ווערן אַקטיוו ביים אויפשטעלן די בונדישע קיכן.

איין מאָל ווען איך בין געווען אויף אַ זיצונג, קומט מען צולויפן פון מיינע שוויגער־עלטערן און מען זאָגט מיר: „אפרים־אליעזר, קום שוין

אהיים, מאַטעלע איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן". איך בין געלאָפן צום דאָק־טאָר טשערניש, וועמען מען האָט גערופן אין לאָדזש דער באַלוטער דאָק־טאָר, ווייל ער האָט געוווינט אין באַלוט, מען האָט אָבער געהאַלטן פון אים. ער קומט אַריין, באַטראַכט דאָס קינד און זאָגט, אַז עס איז שווער קראַנק. פאַרשריבן אַ רעצעפּט און געהייסן, מען זאָל ביי אים וואַכן אַ גאַנצע נאַכט, ווייל עס האָט אַ פאַרשטאָפּונג אין די רערן פון די לונגען. מען מוז זאָרגן, אַז דאָס קינד זאָל וויינען. „טוט אַלץ: שלאָגט אים, קנייפּט אים, שטעכט אים אַפילו מיט שפּילקעס אויב איר וועט זען, אַז עס וויינט נישט".

די אויפגאַבע צו וואַכן איבערן קינד האָב איך גענומען אויף זיך. אַזוי בין איך געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און געטאָן אַלץ, אַז דאָס קינד זאָל וויי־נען. אָבער אָנשטאָט אים, האָב איך געוויינט. קיינער זאָל נישט זען. דאָס איז געווען פרייטיק ביינאַכט. אין דער פרי האָט דאָס קינד אָנגעהויבן צו וויי־נען און אונז איז געוואָרן לייכטער. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דעם קינד ווערט בעסער. איך בין שוין אַ גאַנצן שבת נישט אַרויס פון שטוב.

שבת־צו־נאַכטס. איך בין געווען שרעקלעך מיד פון אַ גאַנצער נאַכט זיצן ביים קינד און פון איבערלעבן אַזאַ שווערע נאַכט, האָב איך זיך צו־געלייגט און בין אַנטשלאָפן געוואָרן. פּלוצלונג הער איך געשרייען. אַלע שטייען אַרום מיין קינד און מיין שווער זאָגט, אַז דאָס קינד ליגט אין גסיסה און הייסט אָנצינדן ליכט. איך פרעג ביי קיינעם נישט, לויף און ברענג דעם דאָקטאָר. איך בין געקומען מיט אים. ער נעמט דאָס קינד, לייגט עס אַוועק אויפן טיש, באַטראַכט עס און זאָגט: קיין לייט איז עס נישט, אָבער עס קען נאָך ווערן. ער האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט און דעם קינד איז בעסער געוואָרן.

איך האָב מיין שווער ליב געהאַט. ער איז געווען אַ קלוגער און ווילער ייד, אָבער פון דעם פאַל אָן, ווען ער האָט געהייסן אָנצינדן ליכט, האָב איך זיך שטאַרק געשראָקן, ווען מיין שווער פלעגט קומען, ווען עמעצער איז קראַנק געוואָרן ביי מיר אין שטוב.

## איך ווער אַרעסטירט פון די דייטשן אין יאָר 1916.

אונטער דעם נאָמען פון דער געזעלשאַפט „האַרפע" האָבן מיר אין לאָדזש געפירט די קולטור־אַרבעט און טיילווייז אויך הילפס־אַרבעט. די הילפס־אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר האָבן אינם דאָזיקן לאָקאַל, וואָס האָט זיך געפונען אויף וואָלטשאַנסקי 23 און איז געווען זייער א באַקוועמער און רחבותדיקער, — איינגעאָרדנט א רעסטאָראַן און א טיי־האַלע. איך בין דעמאָלט געווען דער פאַרוואַלטער פון דער דאָזיקער אינסטי־טוציע. דאָרט האָבן מיר אויך געפירט א קולטור־טעטיקייט. מיר האָבן גע־האַט א ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון אונזער יונג־פאַרשטאָרבענעם בראָ־ניסלאַוו גראָסער. דאָרט פלעגן מיר איינאָרדענען פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס, אָוונטן, ליטעראַרישע אונטערנעמונגען. מיט איין וואָרט — מיר האָבן גע־פירט א פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט.

אויף דער יידישער גאַס האָט זיך דעמאָלט, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, געפירט א פיבערהאַפטע קולטור־באַוועגונג. די רירעוודיקסטע אַרבעט ביי אונז אין לאָדזש האָבן געפירט די קולטור־אינסטיטוציעס, וועל־כע זענען געווען אונטער דער אָנפירונג פון „בונד". מיר האָבן אויף א באַ־שטימטן שבת גערופן א מאַסן־פאַרזאַמלונג אויף וועלכע איך בין באַ־שטימט געוואָרן צו רעפערירן אויף דער טעמע „די פּערספּעקטיוון פון דער יידישער קולטור". נאָכן רעפעראַט האָט געדאַרפט זיין א דיסקוסיע. גראָ־האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז מיין פרוי איז קראַנק געוואָרן אויף דער בלינד־דאַרם (בלינדע קישקע) און מיר איז שווער געווען אָוועקצוגיין פון שטוב. זי האָט געזען מיין אומרואיקייט און האָט צו מיר געזאָגט: — „אפרים־אליעזר, עס איז דאָך נישט מעגלעך, אַז דו זאָלסט נישט גיין. דעריבער שטעל אַוועק דאָס בעטל מיטן קינד ביי מיין בעט. (מאָטל איז דעמאָלט אַלט געווען א יאָר מיט א האַלב) און ווען די פאָרלעזונג וועט זיך ענ־דיקן, קום באַלד צוגיין".

איך בין אַוועק.

דער זאַל איז געווען געפּאַקט, און אַזוי ווי איך הייב אָן צו רעפערירן לאָזט זיך אַריין אַ גאַנצע כאַפּטע דייטשישע פּאָליציי. אין זייער שפּיץ איז געגאַנגען דער דייטשישער בעל־הבית איבער דער שטאָט לאָדוש — זיין נאָמען איז געווען באַרטש. ער איז אַרויף אויף דער טריבונע און פאַרלאַנגט פונם פּרעזידיום גלייך פאַנאַנדערצעלאָזן די פאַרזאַמלונג. אָבער דער פאָרזיצער פון דער פאַרלעזונג (אויב דער זכרון נאַרט מיך נישט אָפּ, איז דאָס געווען חבר נעמצאָוו), האָט געענטפערט דעם דייטש: — „איך וועל די פאַרזאַמלונג נישט פונאַנדערלאָזן. אויב דו ווילסט, לאָז דו זי פונאַנדער!"... און טאַקע באַלד איז דער דייטש צוגעקומען צום פּולט, וווּ איך בין געשטאַנען און געגעבן אַ געשריי — „די פאַרזאַמלטע זאָלן גלייך פאַרלאָזן דעם זאַל!"

די דייטשע פּאָליציי האָט, פאַרשטייט זיך, באַלד „צוגעהאָלפן" די מענטשן זיך וואָס שנעלער פונאַנדערצוגיין, און דעם פּרעזידיום האָט באַרטש פאַראָרדנט צו בלייבן. איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען ביים פּולט און זיך צו אַלץ צוגעקוקט. דאָ איז באַרטש צו מיר צוגעקומען און מיר געזאָגט, אַז אויך איך דאַרף פאַרלאָזן דעם זאַל. איך האָב געענטפערט, אַז איך געהער צום פּרעזידיום.

מיין דאָזיקער שריט איז, ווי עס ווייזט אויס, נישט געווען די ערשטע נאַאיוויטעט פון מיין זייט. האָב איך דאָך געקוקט אויף דייטשלאַנד ווי אויף אַ דעמאָקראַטיש לאַנד. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד איז שטאַרק און איך האָב געטראַכט, אַז קיין בייז וועט דאָ נישט געשען. האָבן מיר געוואַרט. און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מען האָט אונז טאַקע אַרעסטירט און אָפּגעשיקט אין טורמע אויף טאַרגאָווע גאַס. אַרעסטירט זענען מיר געוואָרן אַכט חברים. אָבער, לײדער, געדענק איך שוין היינט נישט אַלעמענס נעמען, נאָר די וואָס איך געדענק — וועל איך פאַרצייכענען: נעמצאָוו, געפינט זיך היינט אין די פאַראייניקטע־שטאַטן. אַלבאָוו איז געשטאָרבן אין 1921 אָדער 1922, ער האָט געהאַט אַן איין און איינציקע טאָכטער, איז זי אומגעקומען צוזאַמען מיט דער מוטער אין וואַרשעווער געטאָ. איטשע־מאיר וועקסלער, אומגעקומען אין דער וואַרשעווער געטאָ מיט דער פרוי און צוויי טעכטער. צוויי פון זיינע טעכטער זענען לעבן געבליבן און געפינען זיך היינט אין אויסטראַליע. איינע פון זיי, פאַליע וועקסלער, איז געווען די פרוי פון חבר קירשנצווייג. ווייטער איז צווישן די אַרעסטירטע געווען חבר משה ווינער, וועלכער איז אומגעקומען מיט דער פרוי אין לאָדזשער געטאָ. זיינעביידע זין — בונעם און פּינטשע ווינער זענען לעבן געבליבן

און געפינען זיך היינט אין אויסטראַליע — און איך. וואָס איך האָב געפילט ווען מיר זענען אַרויס אין גאַס אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטער פאָליציי און דערצו האָב איך נאָך איבערגעלאָזט אין שטוב אַ קראַנקע פרוי מיט דעם קינד לעבן איר — איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. איך האָב געזוכט מיט די אויגן וועמען איך זאָל געבן די שליסלען פון מיין וווינונג, אַז עס זאָל ווער אַרויפגיין. אין דעם מאָמענט איז צו מיר צוגעלאָפן מיין שוועגערין הינדע, וואָס איז שוין צוליב מיינע בונדישע זינד צוויי מאָל געזעסן אין די צאַרישע תפיסות. זי האָט שנעל צו מיר אַ זאָג געטאָן: גיב מיר די שליסלען פון דיין וווינונג, ווייל יענטע וועט נישט קענען אַראָפגיין פון בעט מיר עפענען. איך האָב איר געגעבן די שליסל און אביסל לייכטער אָפגעאָטעמט.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין תפיסה האָט מען אונז אַלעמען אַריינגעלאָזט אין איין צעל. פון דעם זענען מיר געווען צופרידן. ביי אונז אין צעל איז געווען אַ 9־טער אַרעסטאַנט, אַ קרימינעלער. ער האָט געדאַרפט האַלטן ריין דעם שטאָק, ווו מיר זענען געזעסן.

דאָס זיצן איז געווען זייער ביטער. עסן האָבן מיר געקראָגן דריי מאָל אַ טאָג. אין דער פרי שוואַרצע קאַווע מיט אַ דין שטיקעלע ברויט. אויף מיטיק אַ זופ וואָס איז געווען בלויז וואַסער, ווו עס זענען אַרומגעשווומען עטלעכע שטיקלעך מייערן. ביז מען האָט אונז געבראַכט דעם זופ האָט אונז באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס, די קניען האָבן זיך אונטערגעבראָכן. דאָס איז אַלץ געווען פאַר הונגער. אין אָוונט האָבן מיר באַקומען אַ מעל־זופ. אַזוי האָט עס בלויז געהייסן. אין אמתן איז דאָס ווידער געווען אביסל געקאָכטע וואַסער פאַרווייסט מיט אביסל מעל. שפּ[illegible] האָט [illegible] פירט איין מאָל אין טאָג. מיר זענען געגאַנגען אין אַ קרייז. אין מיטן איז געשטאַנען אַ דייטשער יונקער מיט אַ שמיץ־רוט אין האַנט און האָט געשריען: די מיצע (היטל) אַרונטער! די מיצע אויפזעצן!... ווער עס האָט דאָס אַזוי שנעל נישט באַוויזן צו מאַכן נאָך דעם טאַקט, דער האָט געקראָגן מיט דער שמיץ־רוט אַ שמיר, ווו ער האָט געטראָפן — איבערן קאָפ, איבערן פנים... אַזאַ שפאַציר איבערן הויף האָבן מיר געהאַט יעדן טאָג. ביינאַכט האָבן מיר געטאָן דעם מענטשלעכן געברויך אין דער צעל... מען האָט אַריינגעשטעלט אַ בלעכענעם עמער, אָבער אין דער פרי האָבן מיר דאָס געמוזט אַוועקטראָגן אויף אַ ליידיקן פלאַץ קעגנאיבער דער טורמע. אַ טורמע־וועכטער האָט אויף אונז אַכטונג געגעבן. האָבן מיר ביי אים געבעטן

עפּעס אַ שמאַטע צו רייניקן דעם צימער און דער ענטפער איז געווען: מיט די הענט מאַכט עס!

דאָ האָב איך ערשט געזען דאָס וואָס עס הען באַווייזן אַן עבט „קאָל־טור־פּאָלק"...

אָבער מיך האָט באַאומרואיקט דאָס וואָס איך האָב איבערגעלאָזט מיין פרוי אַ קראַנקע און מיין זונדל מאָטעלע איז אויך נישט געווען פון די גרויסע העלדן. האָב איך זיצנדיק אין צעל כסדר געטראַכט וועגן זיי. איך בין אַלעמאָל געווען אַן אומרואיקער מענטש. אַז איך בין געזעסן אין טורמע האָב איך וועגן קיין זאַך נישט געקלערט, נאָר שטענדיק האָט מיין פאַנטאַזיע געזען ביטערע בילדער. און היינט האָב איך געהאַט אַ באַזונדערן גרונד דערצו — האָב איך נישט געקענט איינזיצן אַ מינוט, נאָר געשפּאַנט איבער דער טורמע־קאַמער אַהין און צוריק, אַזוי ווי איך וואָלט פון וועמען געטריבן געוואָרן. דער קרימינעלער אַרעסטאַנט זאָגט צו מיר איין מאָל: — „זעלמאַנאָוויטש, דו שפּאַנסט אַזוי איבערן טאָג מיילנווייז. דו טראָגסט די שיך, עס וועט זיך שווער אָפּרופן אויפן געזונט פון דיינע פיס. איך וועל דיר אויפנייען אַ פּאָר לאַפּטשעס פון סחורה"... געזאָגט און געטאָן. באַלד האָט ער מיר איבערגעגעבן די לאַפּטשעס. איך האָב זיי אָנגעטאָן און ווייטער געשפּאַנט איבער דער קאַמער. אָבער אין מיטן האַסטיקן שפּאַנען גיב איך זיך אַ זעץ־אַוועק, טו צוריק אויס די לאַפּטשעס און טו אָן די שיך און שפּאַן ווייטער. אַלע האָבן אויף מיר געקוקט מיט מאָדנע אויגן. זיי האָבן ווייזט אויס באַמערקט אין מיין אויסזען, אַז עפּעס איז פאָרגעקומען. נאָך אַביסל צייט האָבן זיי מיך געפרעגט: „חבר אפרים־אליעזר, דערציייל אונז, עפּעס האָסטו איבערגעלעבט אין מאָמענט ווען דו האָסט אויסגעטאָן די לאַפּטשעס"... איך האָב זיך שטאַרק פאַרשעמט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געזאָגט: — „איך בין מיט אייך אָפנהאַרציק. אפשר בין איך צופיל נערוועז, אָבער אַזוי איז עס. ווען איך האָב געשפּאַנט איבערן טורמע־קאַמער אָנגעטאָן אין די לאַפּטשעס האָב איך נישט געהערט מיינע טריט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך גיי אין זאָקן. און דאָ האָט מיין פאַנטאַזיע דאָס צונויפגעבונדן מיט שבעה — דעריבער האָב איך זיי האַסטיק אַראָפּגעוואָרפן"... אָבער איך האָב געבעטן די חברים מיט מיר נישט פירן קיין געשפּרעכן וועגן דעם.

קיין זעאונגען האָט מען בכלל אין טורמע נישט געגעבן. אָבער חבר אַל־באָוס מאַמע האָט זיך באַקענט מיט איינעם פון די טורמע־וועכטער, האָט

זי ... געבעטן, אַז זי וויל עפּעס אַריינגעבן פאַר איר זון. האָט דער טורמע־וועכטער איר געזאָגט, אַז ער היט ביינאַכט. דעריבער זאָל זי אויסבאַקן קיכלעך דינע און קליינע, ער זאָל זיי קענען אַריינגעבן דורך דעם שפּאַלט פון דער טיר. און אַזוי איז טאַקע געווען. אָבער דאָס האָט אַפילו נישט געקלעקט פאַר איין מענטשן צו שטילן דעם הונגער. דאָ זיצן נאָענטע חברים. קיינעם נישט געבן האָט ער נישט געקענט. האָט ער געגעבן צוויי חברים — נעמצאָוון און אפרים־אליעזרן. זענען די איבעריקע חברים געוואָרן ברוגז אויף אים.

מיין פרוי האָט נישט גערוט. געגאַנגען צום טורמע־נאַטשאַלניק. מיט אים גערעדט. דערקלערט אים, אַז זי איז קראַנק אויף דער בלינדער קישקע. זי דאַרף זיך לאָזן אָפּערירן, וויל זי פאַרן גיין אין שפּיטאָל זען זיך מיט מיר. האָט ער ענדלעך באַוויליקט און איר געגעבן אַ זעאונג מיט מיר.

איך האָב זיך יענער צייט געפילט קראַנק. עס קומט אַריין אומגעריכט דער נאַטשאַלניק פון טורמע און זאָגט מיר, דיין פרוי איז צו דיר געקומען. זי איז קראַנק — וויל זי דיך זען פאַרן שטאַרבן... איך האָב אין דעם אויגנבליק געמיינט, אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען. איך האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין באַגריף, וואָס עס הייסט דייטשער סאַדיזם.

ווען איך בין אַריין אין צימער, וווּ מיין פרוי האָט שוין געוואַרט אויף מיר — האָט זיך מיין פרוי דערשראָקן פאַר מיין אויסזען, אָבער איך האָב איר געזאָגט: „זאָרג זיך נישט פאַר מיין אויסזען. איך זיץ אין טורמע, דיך געלאָזט אַ קראַנקע אין שטוב. אונזער מאַטעלע איז אויך נישט קיין גרויסער העלד. פאַרשטייסטו דאָך ווי שווער איך לעב דאָס אַלץ איבער. אָבער וואָס מאַכסטו דו?"...

און איך דערצייל איר, וואָס דער נאַטשאַלניק האָט מיר געזאָגט. הייבט מיין פרוי אויף אירע קלוגע אויגן, נעמט מיין האַנט אין אירע, און זאָגט: — „אפרים, דו ווייסט דאָך, אַז קיינער קריגט נישט קיין זעאונג. עס איז נישט געווען קיין אויסוועג. האָב איך דאָס געמוזט באַנוצן ווי אַ מיטל ווייך צו מאַכן דאָס שטיינערנע דייטשישע האַרץ. וואָלט איך פאַרגעזען, אַז ער באַזיצט אַזאַ סאַדיזם און וועט דיר אַזאַ זאַג טאָן — וואָלט איך קיין זעאונג נישט געבעטן. אָבער איך קען דיר זאָגן, אַז איך פיל זיך שוין געזונט, אונזער מאַטעלע וואַקסט אַ פיין יינגעלע. איך האָב איצט בלויז איין געבעט, דו זאָלסט וואָס שנעלער באַפרייט ווערן".

מיר האָבן צו לאַנג נישט געקענט רעדן. איינער פון די טורמע־וועכ־

## עפּיזאָדן פון מיין לעבן

טער איז געשטאַנען דערביי. ווען ער האָט געמאָלדן, אַז די זעאונג האָט זיך געענדיקט, האָבן מיר זיך האַרציק געזעגנט. ווען איך בין צוריק אַריין אין צעל, האָבן מיר געזאָגט די חברים, וואָס איך בין מיט זיי אינאיינעם געזעסן, אַז איך האָב באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען. עפּעס דאָס פּנים איז געוואָרן לויטערער, פריער איז עס געווען מיט אַ כמאַרע פאַרצויגן.

צו די צוויי חדשים זענען מיר אַלע באַפרייט געוואָרן.

# איך ווער באַצייכנט ווי אַ פאָלקס-רעדנער.

די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־
מלחמה 1914־1918 האָט אויסגערויבט די לאָדזשער פאַרמעגנס, אַרויסגע־
פירט די פאַרטיקע סחורה, טיילן פון מאַשינען אָדער גאַנצע מאַשינען, אַלץ
וואָס פאַר זיי איז געווען נוצלעך. די באַפעלקערונג האָט מען געצוואונגען צו־
צושטעלן מעש און קופּער, וואָס איז נייטיק תאַר דער דייטשער מלחמה־
אינדוסטריע. האָבן זיך די היימישע פאַבריקן אָפּגעשטעלט. דער הונגער ביי
די אַרבעטער און אָרעמע מאַסן איז געווען אומגעהייער. דער קלאַסן־אונ־
טערשייד איז אין יענעם מאָמענט געווען פיל בולטער ווי אין נאָרמאַלע
צייטן. די געוועלבער פון עסנוואַרג זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט סחורה. אין
די בעקערייען האָט מען געקענט באַקומען פון שענסטן און בעסטן, און די
יאַטקעס זענען פול געווען מיט די טייערסטע פליישן, גענז, קאַטשקעס און
אינדיקעס. די אַרבעטער־מאַסע, האַנטווערקער און גלאַט אָרעמע לייט האָבן
נישט געהאַט פאַר וואָס צו קויפן. האָט מען געהונגערט אין די דאָזיקע היי־
זער. די קינדער זענען געגאַנגען נאַקעט און באָרוועס, זיי זענען געשוואָלן
געוואָרן פון הונגער און קעלט. די שטערבלעכקייט איז געוואַקסן פון טאָג
צו טאָג, באַזונדערס ביי יידן. די פּאָליאַקן האָבן דאָס רוב געהאַט משפחות
אויפן לאַנד — איז אַ טייל געפאָרן אַהין — די יידן זענען געווען אויס־
געשלאָסן פון אַזאַ שאַנס. און אויב דאָס אַלץ איז נאָך געווען ווייניק איז
צו דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע נאָך צוגעקומען אַ גאַנצע ריי פּאָלי־
טישע רדיפות. די באַפעלקערונג אין פּוילן האָט געפירט אַ קאַמף קעגן דער
דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, אָבער דער אַוואַנגאַרד פונם קאַמף איז געווען
דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט. האָט זיך טאַקע געבילדעט אַ צווישן־
פּאַרטייאישער ראַט אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטראָטן די פּ.פּ.ס.־לע־
וויצע (לינקע פּ.פּ.ס.), ס.ד.ק.פּ.ל. (די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון
קרוין פּוילן און ליטע), און דער „בונד".
דער דאָזיקער צווישן־פּאַרטייאישער ראַט האָט געהאַט אַ פאָרשטייער

אין בירגער־קאָמיטעט, וואָס איז געווען אַ סוראָגאַט פון אַ געוויילטן שטאָט־ראַט.

דער פּאָרזיצער איז געווען איגנאַצי גראַלאַג, אַ מיטגליד פון דער פּ.פּ.ס.־לעוויצע. אין רעזולטאַט פון דעם העפטיקן קאַמף קעגן אויסרויבן די שטאָט און קעגן די פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען — האָבן די דייטשן זיך געפילט גע־צווונגען אַדורכצופירן וואַלן צום שטאָט־ראַט. אָבער זיי האָבן געשאַפן אַזאַ וואַל־אָרדינאַציע, וואָס זאָל זיי פולשטענדיק זיכערן, אַז דער שטאָט־ראַט וועט זיין נישט קיין קעמפערישער. דאָס איז געווען אַ קוריאַלע סיסטעם. זיי האָבן צעטיילט די באַפעלקערונג אויף זעקס גרופּעס, אָדער זעקס קוריעס ווי מען האָט דאָס גערופן. יעדע קוריע האָט געקראָגן אַ גלייכע צאָל ראַטמענער. דער שטאָט־ראַט האָט געדאַרפט באַשטיין פון 60 אויסגעוויילטע ראַטמענער. יעדע גרופּע האָט באַקומען 10 ראַטמענער. פאָלגנדיקער ביישפּיל וועט קלאָר מאַכן די ביטערקייט פון די דייטשע מאַכט־האָבער, וואָס האָבן באַשטימט די סיסטעם פון דער וואַל־אָרדינאַציע: עס איז געווען באַשטימט אַ באַזונ־דערע קוריע פאַר אינטעליגענץ: דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשענערן און אַ באַזונדערע קוריע פאַר אַרבעטער און האַנטווערקער. איטלעכן איז באַ־וווסט, אַז לאָדזש איז אַן אינדוסטריע־שטאָט. אַרבעטער און האַנטווערקער האָבן זיך אין לאָדזש געציילט צען מאָל אַזוי פיל ווי די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ. האָבן די אַרבעטער און האַנטווערקער געקראָגן אַ גלייכע צאָל ראַטמענער ווי דאָס ביסל פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ.

אָבער די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זענען געגאַנגען צו די וואַלן, ווייל פאַר איטלעכן באַוווסטזיניקן סאָציאַליסט איז געווען קלאָר אַז ביי אַ וואַל־קאַמפּאַניע האָבן מיר די מעגלעכקייט צו טרעפן זיך מיט די ברייטע פאָלקס־מאַסן וועמענס אינטערעסן מיר פאַרטיידיקן. דער „בונד" האָט דעם 16־טן דעצעמבער געשאַפן אַ וואַל־קאָמיטעט. די וואַלן זענען געווען באַשטימט. אויב דער זכרון נאַרט מיך נישט, אויף דאָנערשטיק דעם 18־טן יאַנואַר, 1917.

דער בונדישער וואַל־קאָמיטעט האָט געטאָן אַ גוואַלדיקע פאַרצווייגטע אַגיטאַציע־אַרבעט אַרום די וואַלן. דער צענטער אין וואַרשע האָט אונז זייער פיל אַרויסגעהאָלפן. זיי האָבן אונז באַזאָרגט מיט רעדנער. עס זענען געקומען צו אונז חבר פּסחסאָן, מעדעם, זיבערט. מיר האָבן אַליין אויך גע־האַט גלענצנדיקע רעדנער: ליכטענשטיין, פּאָזנאַנסקי, שוואַרצמאַן, ריוולין, פּאָלאַק, בוימגאַרטן, מאָרגנטאַלער.

אין פאַרלויף פון איין חודש האָבן מיר דורכגעפירט 40 מיטינגען און

פאַרזאַמלונגען, אין וועלכע עס האָבן אָנטיילגענומען צווישן 20 און 25 טויזנט צוהערער. אויף אַ ריי מיטינגען האָבן מיר געמוזט שליסן די טירן, ווייל די זאַלן האָבן נישט געקענט אַריינעמען מער מענטשן. אַזוי איז דאָס געווען אין גרויסן טעאַטער אויף קאָנסטאַנטינער 16. דער טעאַטער האָט אַריינגענומען 2 טויזנט מענטשן, אָבער מער ווי נאָך אַמאָל אַזוי פיל איז געבליבן אין דרויסן. דאָרט איז אַרויסגעטראָטן וולאַדימיר מעדעם. די, וואָס זענען געבליבן אין דרויסן, זענען אַרויסגעקומען מיט אַ פאָדערונג, אַז מע־דעם זאָל אַרויסקומען אויפן באַלקאָן און רעדן צו זיי. אַזוי איז עס טאַקע געווען. דער ענטוזיאַזם, מיט וועלכן די 4 אָדער 5 טויזנט־קעפּיקע מאַסע האָט אויפגענומען מעדעמען, איז מיר שווער צו באַשרייבן.

איך בין אין דער וואַל־קאַמפּאַניע אַרויסגערוקט געוואָרן ווי אַ פאָלקס־רעדנער. עס איז געווען אינטערעסאַנט צו אָבסערווירן ווען עס איז פאָרגע־קומען אַ מיטינג אין „פּלאַראַ", אין דעם קינאָ־טעאַטער אין באַלוט. דער זאָל פלעגט זיין איבערגעפּאַקט, און איך בין געשטאַנען אויף דער טריבונע און געדעדט — פלעג איך באַמערקן ווי עלטערע וועבער, שניידער, וואָס פאַרן מיטינג, ווען איך האָב זיי באַטראַכט, זענען די אויגן ביי זיי געווען מאַטע, אויסגעלאָשענע, דאָס פּנים בלוי און אָפּגעצערט — אָבער ווען איך האָב אָנגעהויבן רעדן וועגן די צוויי קלאַסן אין אונזער געזעלשאַפט, דאָס רייכקייט, זאַטקייט, צופרידנקייט פון איין זייט, נויט, הונגער און קעלט פון דער אַנדער זייט — האָבן די באַקן באַקומען פאַרב, אין די אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ פייערל, די דאַרע אָפּגעצערטע הענט האָבן זיך אין פויסטן געביילט. דאָס איז איבעריקנס צו באַמערקן אויף יעדן מיטינג און אין יעדן טייל שטאָט. איך האָב אויך גערעדט וועגן דעם ווי לאָדזש — דאָס פּראָ־לעטאַרישע לאָדזש, איז אָרעם אין נאַטור־שיינקייט, באַזונדערס די אַרבע־טער־קוואַרטאַלן, אַז עס איז דאָרט נישט צו זען קיין בוים, קיין גרעזעלע, מען וווינט אין חושכדיקע דירות, 6 און 8 פּערזאָן אין איין צימער. וואַקסן די קינדער שוואַך און קראַנק. זיי באַקומען טובערקולאָז און אַ גרויסער טייל שטאַרבט יונגערהייט.

עס איז אַ קוריאָז אָבער ס'האָט אַ שטיק אמת אין זיך: די דייטשן האָבן באַשלאָסן אַראָפּצונעמען דעם מאַרק אין דער אַלטער שטאָט און דאָרט פאַרפלאַנצןביימער. האָבן די יידישע מאַסן, וואָס האָבן געוווינט אין יע־נער געגנט אָנגערופן דעם פּלאַץ מיט די ביימער — אפרים־אליעזרס גאָרטן. דאָס איז געווען ווי אַ באַלוינונג פאַר מיין פּראָטעסטירן, וואָס אין יענעם

צענטער פון דלות און אָרעמקייט געפינט זיך נישט קיין איין ביימל און גרעזעלע.

איך האָב געהאַט נאָך איין טעמע אויף יענע מיטינגען: וועגן נאַציאָנאַלן כבוד און נאַציאָנאַלן שטאָלץ, וואָס די ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן לאָזן נישט צרוּיס פון זייערע מיילער. ווען איך האָב אַנטקעגנגעשטעלט די זעלבסט־שוץ — געשאַפן פון „בונד", קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע זענען געפירט געוואָרן פון די צאַרישע דינער — אַנטקעגן די ציוניסטישע און אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס הכנעהדיק געבויגענע אין דרייען האָבן זיי אַנטקעגנגעטראָגן ספרי־תורהס פאַר די דאָזיקע צאַרישע בלוט־הינט, וואָס אונטער זייער אָנפירונג האָט מען געקוילעט הונדערטער יידן — האָב איך דעמאָלט געפילט, אַז איך צינד אָן דעם זאַל. דאָס איז נישט געווען נאָר מיין איינדרוק. אויף איינער פון די זיצונגען פונם בונדישן וואַל־קאָמיטעט אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט זיבערט, פּסחזאָן, מעדעם א״אַ (פּאָרזיצער איז געווען דער חבר בוימגאַרטן, געפינט זיך היינט אין ניו־יאָרק) — האָט מעדעם זיך אויסגעדריקט: מיר זענען אַלע גוטע רעדנער, אָבער מיר האָבן נאָך נישט געפונען די שפּראַך מיט וועלכער מען זאָל רעדן צום פאָלק, אַן אויסנאַם אין דער הינזיכט איז צווישן אונז דער חבר אפרים־אליעזר.

אַזוי האָט ווייזט אויס אָפּגעשאַצט דער גאַנצער וואַל־קאָמיטעט. מיר האָבן אַדורכגעפירט ביז 40 פאַרזאַמלונגען און מיטינגען אויף 25 פון זיי בין איך באַשטימט געוואָרן אַלס רעדנער. אפילו אויף אַזעלכע מיטינגען ווו מיר האָבן געהאַט פאַר רעדנער מעדעמען, זיבערטן, פּסחזאָן, ליכטענשטיין — אויך אויף אַזעלכע מיטינגען האָט דער וואַל־קאָמיטעט מיך באַשטימט.

אָט אַזוי בין איך ביי דער וואַל־קאַמפּאַניע דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון אַ פאָלקס־רעדנער.

# מיין אַרעסט אין 1920.

אין מאָנאַט יוני פון 1920 האָט די פּוילישע רעגירונג געמאַכט אַן איבערפאַל אויף אַ גאַנצער ריי אינסטיטוציעס, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון „בונד".

די איבערפאַלן קומען פאָר אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, קולטור־אינסטיטוציעס א"אַ. ווען עס איז געמאַכט געוואָרן דער איבערפאַל אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין זענען אַראָפּגעקומען די בונדישע ראַטמענער פון לאָדזשער שטאָט־ראַט די חברים בוימגאַרטן און פּאָזנאַנסקי. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם הויפּט־שעף פון דער פּאָליציי, געזאָגט ווער זיי זענען און געבעטן מען זאָל זיי דערלויבן צו זיין ביי דער רעוויזיע, וואָס די פּאָליציי האָט דאָרט דורכגעפירט. אינם ערשטן מאָמענט האָבן זיי דערלויבט, אָבער באַלד האָבן זיי חרטה באַקומען און דערקלערט, אַז אינם לאָקאַל קענען זיך געפינען נאָר מיטגלידער פונם טעקסטיל־פאַריין און געבעטן די ראַטמענער פון לאָדזשער שטאָט־ראַט צו פאַרלאָזן דעם לאָקאַל. זיי האָבן פּראָטעסטירט און פאַרלאָזט דעם לאָקאַל. ביי די רעוויזיעס אין די אינסטיטוציעס האָט די פּאָליציי נישט געהאַט קיין איינהייטלעכע טאַקטיק. אין איין אָרט, ווען זיי האָבן געפונען ביי אַ מיטגליד פון פאַריין אויסער דער מיטגלידס־קאַרטע פון פאַריין אויך אַ מיטגלידס־קאַרטע פון „בונד", האָט מען אים די קאַרטע צוריקגעגעבן און פריי געלאָזט. אין אַ צווייטן אָרט — האָט מען אין אַזאַ פאַל פאַרהאַלטן, שפּעטער פון אַרעסט־הויז באַפרייט. גלייכצייטיק האָט מען אויך דורכגעפירט רעוויזיעס ביי איינצלנע חברים: מילמאַן, חפץ, הערשקאָוויטש, פּיפּיקאָוו און אַנדערע.

ביים סוף פונם זעלבן חודש איז אויך ביי מיר פאָרגעקומען אַ רעוויזיע, אָבער זיי האָבן מיר נישט געטראָפן אין שטוב. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן ביי דעם פּאָרפּאָלק בוכהאַלטערס. זי איז געווען די שוועסטער פון אונזער חבר וואַרגאַן. זי האָט דעמאָלט געוווינט אויף אַ זומער־וווינונג אין העלענוווע, נישט ווייט פון לאָדזש; איך האָב מיט זיך מיטגענומען דעם

איינציקן זון מיינעם אין יענער צייט, מיין ליבן מאָטעלע. אַזוי בין איך גע־ווען באַהאַלטן עטלעכע וואָכן. און אַז מען האָט מיך מער נישט געזוכט האָב איך זיך צוריקגעקערט אַהיים. געאַרבעט האָב איך אין יענער צייט ווי אַ קאַסירער אין איינעם פון די קאָאָפּעראַטעוו־געוועלבער, וואָס מיר האָבן אין לאָדזש געהאַט.

אין איינעם אַ טאָג פון חודש אָקטאָבער איז פּאָליציי באַפאַלן דאָס קאָאָפּעראַטיוו־געוועלב און דורכגעפירט אַ רעוויזיע. אין יענעם געוועלב האָט געאַרבעט יעקב ווארגאַן אַלס פאַרקויפער, פּיניע נוטקעוויטש אַלס בוכהאַל־טער און איך אַלס קאַסיר. איך בין דאַן געזעסן אין אַ באַזונדער צימערל, ווו די קונים פלעגן צוקומען צום פענצטערל און מיר באַצאָלן פאַר די געקויפּ־טע פּראָדוקטן. די פּאָליציי איז פּלוצלונג אַריין אין מיין צימערל, אָנגעה־הויבן זוכן אין די שופלאָדן און דער זשאַנדאַרם האָט נישט אַראָפּגענו־מען פון מיר זיינע אויגן. ווען זיי האָבן די רעוויזיע געענדיקט — האָבן זיי אונז געהייסן פאַרלאָזן דאָס געוועלב און דעם קאָאָפּעראַטיוו פאַרזיגלט. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער היים בין איך געקומען פריער ווי געוויינטלעך. פרעגט מיך מיין פרוי: „אפרים, וואָס איז עפּעס אַזוי פרי"? דערציייל איך וועגן דער רעוויזיע און ווי דער זשאַנדאַרם האָט מיך אָבסערווירט, אַזוי אַז איך בין כמעט זיכער, אַז מען וועט נאָך היינט קומען צו מיר.

איך האָב אָנגעהויבן אַליין צו מאַכן אַ רעוויזיע ביי זיך און גאָרנישט געפונען.

9 אַזייגער מען קלאַפּט אין טיר. איך עפן די טיר און עס לאָזן זיך אַריין פּאָליציי, אַ זשאַנדאַרם, אַ שפּיצל און דער הויז־וועכטער (סטרוזש). איך שריי אַריין צו מיין פרוי, אַז זיי זענען שוין דאָ. זיי האָבן ראשית געמאַכט אַ רעוויזיע און באַלד ווי זיי עפענען דעם ערשטן שאַפלאָד פון דער שאַנק — נעמען זיי אַרויס אַ בריוו מיטן שטעמפּל פון קאָמיטעט פון זדונסקאַ־וואָליע, אין וועלכן זיי בעטן מיר, ביים פאָרזיצער פון ראַיאָן־קאָמיטעט, אַז איך זאָל זיי צושיקן דעם חבר אברהם וועלוול יאַסנע אויף אַ פאַרלעזונג. ווען זיי האָבן פאַרענדיקט די רעוויזיע, האָבן זיי מיר גע־הייסן מיטגיין.

דאָ קומט פאָר אַ טשיקאַווער עפּיזאָד: דער הויז־וועכטער, אַ גוטמוטי־קער מענטש, אַ קליינער מיט אַ גרויסער באָרד, זיין נאָמען איז געווען סילוויאַן, אַ ווייסרוס — הייבט אָן זידלען די פּאָליציי. „נאָך וועמען יאָגט

איר זיך? זעלמאַנאָוויטש איז דער פיינסטער לאָקאַטאָר אין דעם הויז. ער האָט מיט קיינעם נישט קיין יאָ און קיין ניין. ערלעכע, שטילע מענטשן זענען די משפּחה זעלמאַנאָוויטש. היינט יאָגט איר זיך נאָך אים, מאָרגן וועט מען זיך יאָגן נאָך אייך"...

פּאָליציי איז געוואָרן אויפגערעגט פון דעם סטוזשס מענה־לשון און האָט אים אויך מיטגענומען. אָבער ביים טויער פון הויז האָט ער זיך אָוועקגעלייגט און נישט געוואָלט גיין. אָבער איך האָב אים געטרייסט, אַז מען וועט זיכער אים באַלד באַפרייען און ער איז מיטגעגאַנגען. מען האָט אונז אַוועקגעפירט אין דער דעפענסיווע, און צומאָרגנס, באַלד אין דער פרי, האָבן צוויי פּאָליציאַנטן מיך אַוועקגעפירט צום באַנהויף און מיט א שנעלצוג מיך אָפּגעפירט קיין וואַרשע.

פון באַן האָט מען מיך געבראַכט גלייך אין דער וואַרשעווער דעפענסיווע. דאָרט האָט מיך אַ ציווילער באַאַמטער אויסגעפרעגט. די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט מיך געפרעגט, איז געווען פונם פּראָטאָקאָל פון דער רעוויזיע: — אַז זיי זענען אריין צו מיר אין וווינונג האָב איך געזאָגט צו מיין פרוי, אַז זיי זענען שוין דאָ — הייסט דאָס, אַז דו האָסט זיך געריכט, אַז מען קומט צו דיר.

אויף דעם האָב איך געענטפערט: „בעת דער רעוויזיע אין קאָאָפּעראַטיוו־געוועלב האָט דער זשאַנדאַרם אַזוי דורכדרינגלעך מיך אָבסערווירט, אַז איך האָב געזאָגט מיין פרוי, איך מיין אַז מען וועט צו מיר קומען". די צווייטע זאַך, וואָס מען האָט מיך געפרעגט, פאַרוואָס אין דער צייט ווען מען האָט דורכגעפירט די רעוויזיע בין איך געווען זייער בלאַס. אויף דעם האָב איך געענטפערט: „איך האָב נישט געקוקט אין שפּיגל, דעריבער ווייס איך נישט וועגן דעם". דריטנס, האָט דער אויספאָרשער מיר געזאָגט, אַז זיי איז באַקאַנט, אַז איך בין געווען באַטייליקט אין אַ בונדישן צוזאַמענפאָר און איך האָב דאָרט אריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, דער בונד זאָל זיך אָנשליסן אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אויף דעם האָב איך געענטפערט, אַז היות איך האָב זיך נישט באַטייליקט אין קיין בונדישן צוזאַמענפאָר, האָב איך נישט געקענט אריינטראָגן קיין פאָרשלאָגן.

זיי האָבן מיך געהאַלטן צוויי טעג אין דעפענסיווע און מיך איבערגעשיקט פון דאָרט אין מאָקאָטאָווער טורמע. דאָרט מען מען מיך אריינגעלאָזט אין אַ צעל ווו איך בין געווען איינער אַליין.

טרויעריק אויף דער נשמה איז מיר געווען. וואָס עס פלעגט זיך

איבערחזרן יעדעס מאָל ווען מען האָט מיך ארעסטירט — האָט זיך אויך דאָס מאָל איבערגעחזרט. ווען איך בין געווען אויף דער פריי, האָב איך נישט געטראַכט פון דער משפחה 24 שעה אין מעת־לעת. אָבער ווי נאָר איך בין געוואָרן אַרעסטירט אַזוי האָב איך שוין געהאַט פאַר די אויגן מיין משפחה. געווען בין איך אין קאַמער אַליין. טויט שטיל אַרום, האָב איך געברומט אַ ניגון. געשפּאַנט איבער דער צעל און דאָס ברומען איז געוואָרן העכער. עס שליסט זיך פּלוצלונג אויף די טיר און דער וועכטער זאָגט צו מיר: — „דאָ איז אַ טורמע, דאָ זינגט מען נישט". איך האָב גע־שפּאַנט אַהין און צוריק און געשוויגן און די פאַנטאַזיע האָט געטאָן אירס. זי האָט פאַר מיר נישט געמאָלט קיין פריילעכע בילדער.

אָבער אַזוי שפּאַנענדיק איבער דער צעל הין און צוריק הער איך מען שליסט אויף די טיר און עס באַווייזט זיך די אומפאַרגעסלעכע געשטאַלט פון אונזער ליבן חבר הענריק ערליך. ער גיט מיר אַ פּעקל מיט גוטע זאַכן: פרוכטן, שאָקאָלאַד א"א און ער דערציילט מיר, אַז ער מיט אַ גאַנ־צער גרופּע וואַרשעווער חברים ווערן היינט באַפרייט.

דער גרוס און באַזוך איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע איבערראַשונג און האָט אויף אַ געוויסער צייט איבערגעריסן מיין ביטערע, טראַגישע שטימונג. געבליבן אין טורמע איז דעמאָלט אונזער חבר יעקב וואַקס (איצט אין אויסטראַליע). מיט אים האָב איך זיך יעדן טאָג געטראָפן אויפן שפּאַציר. אַזוי בין איך דאָרט אין מאָקאָטאָווער טורמע אָפּגעזעסן צוויי חדשים.

באַפרייט געוואָרן בין איך דעם 21־סטן דעצעמבער און האָב געהאַלטן פאַר מיין חוב די ערשטע זאַך צו פאָרן צום חבר ערליך. מיר האָבן זיך געפרייט און איך זאָג אים, אַז איך פאָר באַלד אַהיים. ערליך זאָגט צו מיר: „וואָס מוזט דו דווקא פאָרן אין אָוונט, שלאָף איבער ביי אונז אין הויז. מאָרגן פרי, דו וועסט זיך אַביסל אויסרוען און אַ היים פאָרן". דערצייל איך אים די סיבה, וואָס צוליב איר מוז איך באַלד פאָרן אַהיים: „מיין מאַטל האָט היינט זיין געבורטסטאָג און עס איז ביי אונז געוואָרן אַ מנהג, אַז יעדעס יאָר זאָל דעם טאָג זיין יום־טוב אין שטוב. און איך שטעל זיך נישט פאָר, אַז מיין אַרעסט זאָל קענען מבטל מאַכן דעם דאָזיקן מנהג".

מיר האָבן זיך געזעגנט און איך בין אָפּגעפאָרן אַהיים.

באַשרייבן די שמחה אין דער היים איז איבעריק. אָבער איך זאָג צו מיין פרוי: „ווייסט, אַז היינט איז דער געבורטסטאָג פון אונזער מאָטע־

לען”. אויף דעם ענטפערט מיר מיין פרוי: „אפרים! מיט צוויי טעג צוריק, דאָס הייסט דעם 19־טן דעצעמבער אין אָוונט, קומט אַרויף חבר ישראל ליכטענשטיין מיט אַ גרופּע חברים און פריינד, ברענגען מיט זיך ווייַן, בראָנפן און פאַרשידענע זיסקייטן און פּראַווען מאָטעלעס געבורטסטאָג. איך זאָג זיי, דער געבורטסטאָג פאַלט אויס דעם 21־סטן, זאָגט מיר ליכטענשטיין: ’יענטעלע, איך געדענק בעסער פאַר אייך!’ אַזוי האָט מען געטרונקען, געגעסן, געזונגען און, פאַרשטייט זיך, אויך אויסגעטרונקען פאַר דיין באַלדיקער באַפרייאונג”. איך האָב זיך אויך נאָכגעפרעגט וועגן אונזער הויז־וועכטער סילוויאַן. האָט מיין פרוי מיר דערציילט, אַז זיי האָבן אים געהאַלטן דריי טעג. קיין עסן האָט ער נישט געקראָגן, אָבער קלעפּ האָבן זיי אים געגעבן.

# ערשטער מאַי 1923 אין לאָדזש.

אן „ערשטער־מאַי־קאָמיטעט", אין באשטאַנד פון פאָרשטייער פון פּ.פּ.ס., דייטשע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, „בונד" און לינקע פּועלי־ציון, האָט אין פאַרלויף פון א חודש צייט געמאַכט אַלע צוגרייטונגען צום ערשטן מאַי. דער צענטראַלער זאַמל־פּונקט איז געווען אויף „וואָדני רינעק" (שייבּלערס מארק). פון דאָרט האָט די דעמאָנסטראַציע ארויסמאַרשירט. דער אָנהייב פון דער דעמאָנסטראַציע איז באַשטימט געווען אויף פּונקט 10 אזייגער אין דער פרי. שוין פון 7 אזייגער זענען די ארבעטער־לאָקאַלן אָנגעפילט געוואָרן מיט טויזנטער ארבעטער און ארבעטערינס. די לאָקאַלן האָבן זיך געפונען אין פארשידענע טיילן פון שטאָט: אין צענטער שטאָט, אין באַלוט, ראַדאַגאָשטש, גייערס ראַיאָן, זובארטס א"אַ. דער „בונד" האָט זיך געזאַמלט אויף פּאָלודניאָווא 20. מען האָט זיך אויסגעשטעלט אין רייען. די עלטערע ארבעטער, מיטגלידער פון די פאַריינען, פון דער פּאַרטיי און אירע סימפּאַטיקער זענען געגאַנגען די ערשטע מיט די פענער פון די פאַריינען. שפּעטער האָט זיך אויסגעשטעלט די יוגנט, מיטגלידער פון די יוגנט־סעקציעס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און מיטגלידער פונם יוגנט־בונד „צוקונפט". די יוגנט האָט געטראָגן בלויע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן. ארום איז געווען פול מיט מיליץ, וועלכע האָט אויך געטראָגן בלויע בלוזעס מיט רויטע קראַוואַטן. די מיליץ איז געווען אויף אָפּצוהיטן די דעמאָנסטראַציע פון פארשידענע פּראָוואָקאַציעס און אויך פון כוליגאַנישע אָנפאַלן, וואָס האָבן שטענדיק געלויערט אויף סאָציאַליסטישע דעמאָנסטראַציעס. אַן אָרקעסטער איז געגאַנגען פאָרויס און אזוי האָט מען מאַרשירט פון באַלוט צום „וואָדני־רינעק". אויף דעם „וואָדני־רינעק" האָט פאַרמאַכט די דעמאָנסטראַציע דער בשותפותדיקער מאַי־קאָמיטעט.

די ערשטע זענען געגאַנגען די פּ.פּ.ס. און אַלע אירע אָפּטיילונגען מיט זייער יוגנט, די צווייטע — די דייטשע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די דריטע — דער „בונד" און יוגנט־בונד „צוקונפט" מיט די פאַריינס־מיטגלי־

דער, די פּערטע — די פּועלי־ציון. יעדער טייל פון דער דעמאָנסטראַציע איז באַוואַכט געוואָרן פון איר אייגענער מיליץ, אָבער גלייכצייטיק איז געווען אַ הויפּט־אָנפירונג פאַר דער גאַנצער מיליץ. יעדער טייל פון דער דעמאָנסטראַציע האָט געטראָגן אירע פענער מיט אירע טראַנספּאַרענטן, אָבער נאָר מיט אַזעלכע לאָזונגען, וואָס דער צענטראַלער ערשטער־מײַ־קאָמיטעט האָט אויסגעאַרבעט. פון מינוט צו מינוט איז די דעמאָנסטראַציע געוואַקסן אַלץ גרעסער און גרעסער אַזוי, אַז זי האָט דערגרייכט ביז 30 טויזנט אָנטײלנעמער, לויט ווי פּעסימיסטן האָבן געשאַצט, און ביז 50 טויזנט לויט ווי אָפּטימיסטן האָבן געשאַצט. צענדליקער רויטע זיידענע פענער האָבן געפלאַטערט איבער די קעפּ פון די דעמאָנסטראַנטן און הונדערטער טראַנספּאַראַנטן זענען געטראָגן געוואָרן.

פונקט 10 אַזייגער האָט אַ שאָל געטאָן אַן אָרקעסטער אַלס צייכן, אַז דער צוג רירט זיך פון אָרט. די זון האָט געשיקט אירע שטראַלן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די צענדליקער גאָלדענע און זילבערנע קנעפּלעך, וואָס זענען געזעסן אויפן שפּיץ פון די שטעקנס אויף וועלכע די רויטע זיידענע פענער זענען געווען אַרויפגעצויגן. די זון־שטראַלן האָבן זיך אויך צונויפגעגאָסן מיט די הייליקע גליענדיקע פייערן, וואָס האָבן געפינקלט אין די אויגן פון די מאַרשירנדיקע דעמאָנסטראַנטן.

די אָרקעסטערס האָבן געשפּילט. די כאָרן האָבן געזונגען. מען האָט געוואָרפן אויסרופן — אַ קללה דער אַלטער וועלט פון אונטערדריקונג, פּיין און נויט. און אַ רוף פאַר אַ נייער וועלט, אַן אויסגעלייזטע, אַ באַפרייטע, גליק און גלייכהייט פאַר אַלע אונטערדריקטע און פאַרשקלאַפטע, פאַר אַלע מענטשן פון דער וועלט. יעדערער פון די מאַרשירנדיקע האָט זיך געפילט באַגייסטערט און דערהויבן, וואָס ער איז אַ טייל פון דער גרויסער פרייהייטס־אַרמיי.

און פּלוצלונג — ווי מיר מאַרשירן אַזוי אין אַ געהויבענער גוטער שטימונג אויף גלאַוונע גאַס, ווען די בונדישע דעמאָנסטראַציע האָט זיך שוין געפונען צווישן שענקעוויטשער און פּעטריקאָווער גאַסן — רייט אַריין אַ מחנה רייטער און פוסגייער־פּאָליציי און מאַכט אַ שחיטה אויף די מאַרשירנדיקע. צוזאַמען מיט דער פּאָליציי האָבן אויך געאַרבעט שפּיצלס מיט רעוואָלווערן אין די הענט און ס׳האָבן זיך מיט זיי פאַרייניקט כוליגאַנישע גרופּעס, וואָס האָבן זיך געגרייט, אָדער וועלכע מען האָט צוגעגרייט צום בלוטיקן שפּיל. די פּאָליציי איז באַפאַלן די דעמאָנסטראַציע

פון צוויי זייטן: פון שענקעוויטשער און פּעטריקאָווער גאַסן און די בונדישע דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך געפונען אין אַ פּאַסטקע. עס זענען דעמאָלט געווען הונדערט פאַרווונדעטע בונדיסטן און הונדערטער זענען צעבלוטיקטע, צעקיילטע און צעביילטע געשלעפּט געוואָרן אין די פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן, ווו דאָרט זענען זיי אויך נישט געשוינט געוואָרן.

יעדן ערשטן מאַי האָט דער „בונד" אויך איינגעאָרדנט אינם שענסטן זאַל פון שטאָט, אין פילאַרמאָניע, אַן אַקאַדעמיע געווידמעט דעם ערשטן מאַי. צו פירן די אַקאַדעמיע איז איבערגעגעבן געוואָרן מיר. פּונקט דריי אַזייגער האָב איך געהייסן עפענען דעם זאַל, וועקזעצן פאַרקויפן בילעטן און חברים האָבן אָנגעהויבן קומען פון אַלע זייטן. פּלוצלונג קומט צולויפן אַ חבר מיט אַ בריוול צו מיר. דאָס בריוול איז אונטערגעשריבן פונם פאָר־זיצער פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" חבר בוימגאַרטן און פון חבר ישראל ליכטענשטיין. זיי שרייבן, אַז לויט זייער מיינונג דאַרף מען די אַקאַדעמיע אָפּרופן, ווייל הונדערטער חברים ליגן צעשלאָגענע אין די פּאָ־ליציי־קאָמיסאַריאַטן און נאָך גרעסער איז די צאָל פאַרווונדעטע אין דער היים. איך האָב זיי צוריקגעשריבן, אַז איך האָב אַ באַשלוס פון קאָמיטעט און אַזוי ווי איך בין קעגן דעם, אַז די אַקאַדעמיע זאָל אָפּגערופן ווערן און מען לאָזט שוין אריין די מאַסע אין זאַל — בעט איך זיי גלייך קומען צו גיין.

דער זאַל פון פילאַרמאָניע קען אַריינגעמען מער ווי פופצן הונדערט מענטשן. יעדעס יאָר גייען הונדערטער מענטשן אַוועק צוריק, ווייל דער זאַל האָט מער קיין ערטער נישט, אָבער דאָס מאָל זענען געקומען נישט מער ווי ביי פינף אָדער זעקס הונדערט. די שטימונג אויף דער אַקאַדעמיע איז אָבער געווען זייער אַ פעסטע, עס האָט געשפּרודלט מיט צאָרן און האַס קעגן די הענקער, וואָס האָבן געמאַכט אַזאַ בלוט־באָד. חבר חיים לייב פּאָזנאַנסקי איז אויף דער דעמאָנסטראַציע מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן, דער גאַנצער קאָפּ איז ביי אים געווען פאַרבאַנדאַזשירט. ער איז אָבער געקומען צו דער אַקאַדעמיע מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. ווען מען האָט אים גערופן צום וואָרט האָט דער גאַנצער עולם זיך אויפגעשטעלט און שטורמיש אַפּלאָדירט. דאָס איז אויך געווען דער צאָרנדיקער אויסדרוק פון פּראָטעסט.

אַזוי האָבן מיר געפייערט דעם ערשטן מאַי 1923, אין לאָדזש.

# איך בין אויף אַ פאַרזאַמלונג פון נאַכט-וועכטער

אין לאָדזש, ווי אין אַלע גרעסערע שטעט אין פּוילן, האָבן די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען געהאַט אַ קולטור־אַמט אָדער צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די אויפגאַבע פון דעם אָרגאַן איז געווען צו שטיין אויף דער וואַך פון די פאַריינען, אַז זייער פּראָפעסיאָנעלע טעטיקייט זאָל זיין אין הסכם מיט די אינטערעסן פון די אַרבעטער, און גלייכצייטיק אויך מיטהעלפן אין שווערע מינוטן פון זיינע קאַמפן. די צענטראַל־ביוראָ האָט אויך מיטגעהאָלפן פירן ־ די קולטור־אַרבעט. זיין אויפגאַבע איז אויך געווען צו שאַפן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין די פאַכן, וועלכע זענען נאָך נישט אָרגאַניזירט.

יאַנואַר 1928 האָט די צענטראַל־ביוראָ באַשלאָסן, אויף אַ ווענדונג פון עטלעכע נאַכט-וועכטער, צו אָרגאַניזירן אַ פאַריין פון נאַכט-וועכטער. דאָס איז געווען אַ פאַך, וואָס האָט אַרומגענומען עטלעכע הונדערט אַרבעטער. די צענטראַל־ביוראָ האָט מיך באַשטימט ווי זיין פאָרשטייער אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון די נאַכט-וועכטער.

וואָס האָבן די נאַכט-וועכטער געהיט?

לאָדזש איז געווען אַ שטאָט פון פאַבריקן, האַנדל און אינדוסטריע. עס זענען געווען הייזער אין וועלכע קיין לאָקאַטאָרן האָבן נישט געוווינט, דאָרט האָבן זיך געפונען נאָר געשעפטן. ניין ביינאַכט, ווען די געשעפטן האָבן זיך געשלאָסן, האָבן זיי אָנגעשטעלט אַ נאַכט-וועכטער, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו היטן דאָס הויז. באַצאָלט האָט דער נאַכט-וועכטער באַ־קומען פון די געשעפטס־איינגנטימער נאָך דער גרויס פונם געשעפט, בעסער געזאָגט לויט זיין איינזען. דער לוין, וואָס די נאַכט-וועכטער פלעגן באַקו־מען פונם פאַבריקאַנט און געשעפטס־איינגנטימער איז געווען אַ הונגער־לוין. היטן די געביידע האָט מען געמוזט פון 9 אַזייגער אָוונט ביז 8 אין דער פרי. דערפאַר האָט מען באַקומען 15, 20 אָדער העכסטנס 25 גילדן אַ וואָך. דער נאַכט-וועכטער האָט דאָס געמוזט אַליין אויפמאָנען.

עס קומט פאָר די ערשטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. מען ווײַלט אויס אַ פאָרזיצער און דער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע גיט אָפּ דעם באַריכט. איינער פון די נאַכט־וועכטער באַקומט אַ וואָרט. עס שטעלט זיך אויף אַ ייִד מיט אַ לאַנגער נישט צעקעמטער באָרד, אַן אויסגעדאַרט בלאַס פּנים און פאַרכמורעטע אויגן. דער רעדנער דערציילט: — „איך בין אַ נאַכט־וועכטער און זיץ אין „מײַן" טויער פון 9 אָוונט ביז 8 אין דער פרי און היט דאָס פאַרמעגן פון אביסל רײַכע ייִדן, וועלכע שלאָפן זיך אין דער זעל־בער צייט אין וואַרעמע שטיבער אויף ווייכע געלעגערס און איך טראַכט דעמאָלט: ווי גוט וואָלט געווען זיך איצט אָוועקצולייגן אויף אַזאַ ווייך גע־לעגער. און וואָס באַקום איך פאַר אַזאַ היטן — 15 גילדן אַ וואָך. מיר האָבן נישט קיין איין נאַכט מנוחה; אפילו פרייטיק בײַנאַכט, ווען די רײַכע ייִדן זיצן אין זייערע שיינע שטיבער ביי די רײַך־געדעקטע טישן מיט שבת־דיקע מאכלים און האָבן הנאה — מוז איך היטן זייערע פאַרמעגנס מיט אַ שעה פריער ווי יעדן טאָג"...

אַזוי האָט איינער נאָך דעם צווייטן אויף דער פאַרזאַמלונג זיך אָראָפּ־גערעדט פון האַרצן וועגן זייער אַרבעט, פאַרדינסטן אאַז"וו.

נאָך דעם האָט דער פאָרזיצער מיר, ווי דעם פאָרשטייער פון קולטור־אַמט געגעבן דאָס וואָרט. און איך האָב אַן:

— גייענדיק צו אייער פאַרזאַמלונג האָב איך געטראַכט, אַז איך וועל דאָ האָבן אַ פאַרזאַמלונג פון פיזיש געזונטע מענער, הויכע מיט שטאַרקע מוסקולן, ווײַל כדי צו היטן דאָס פאַרמעגן פון די, וואָס האָבן עס באַקו־מען דורך גנבה און גזילה מוז מען זיין שטאַרק ווי אייזן און טאַקע זיך קענען באַנוצן מיט געווער. צום סוף זע איך פאַר זיך אויסגעדאַרטע ייִדן מיט אויסגעלאָשענע אויגן. אָבער מיר נעמען אייך אַזוי ווי איר זענט. איר מוזט שאַפן אַ פאַריין, וואָס זאָל אין אייך אַרײַנבלאָזן אַ לעבעדיקן אָטעם, איר מוזט אויסגלייכן אייערע רוקנס און מער נישט דערלויבן צו טרעטן אויף אייך. די צענטראַל־ביוראָ, דער „בונד", וועט וואַכן איבער אייך ווי אַ געטרייער וועכטער. דער „בונד" איז דאָך דער געטרייסטער וועכטער פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, וואָס היט אים ערלעך שוין דרײַ צענדליק יאָר.

די נאַכט־וועכטער האָבן שפּעטער דערציילט, אַז אפרים־אליעזר מיט זיין רעדע האָט אונז אַרײַנגעגעבן אַן אמתן רוח־חיים.

# ערשטער מאַי 1936.

לאָדזש איז געווען די איינציקע שטאָט פֿון גאַנץ פּוילן, וואָס דאָ זענען פֿאָרגעקומען איינהייטלעכע דעמאָנסטראַציעס פֿון אַרבעטער־קלאַס. יעדעס יאָר פֿאַרן ערשטן מאַי פֿלעגן פֿאָרקומען קאָנפֿערענצן פֿון פּ.פּ.ס., „בונד" און דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע. אויף יעדער אַזאַ קאָנפֿערענץ האָט „בונד" געהאַלטן פֿאַר זיין חוב פֿאָרצושלאָגן, אַז מען זאָל אויך אַרייננעמען אינם אַלגעמיינעם צוג די קאָמוניסטן, נישט ווי אַ פּאַרטיי — נאָר זיי זאָלן זיין פֿאַרטראָטן דורך זייערע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, נאָר מיטן באַדינג, אַז זיי זאָלן נישט טראָגן קיין קאָמוניסטישע פֿענער. דער דאָזיקער תּנאַי איז געווען נויטווענדיק, ווייל די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן איז געווען אומלעגאַל. די קאָמוניסטן האָבן זיך אָבער יעדעס מאָל אָפּגעזאָגט. זיי קענען נאָר דעמאָנסטרירן אין אַ געמיינזאַמען צוג אונטער אייגענע פֿענער. מיר האָבן אויך געהאַט יעדעס יאָר אַ צווייטן פֿאָרשלאַג: די פּועלי־ציון זאָלן אַריינגענומען ווערן אין אַלגעמיינעם צוג נאָר דאַן, ווען זיי וועלן פֿאַרזיכערן, אַז עס וועלן דורך זיי נישט געטראָגן ווערן קיין ציוניסטישע טראַנספּאַרענטן. דאָס איז פֿון אונדז מאָטיווירט געווען דערמיט, וואָס בכלל איז דאָס אַ שעדלעכער לאָזונג פֿאַר די יידישע מאַסן, אָבער באַזונדערס שעדלעך איז דאָס אין פּוילן, ווייל די גאַנצע אַנטיסעמיטישע באַוועגונג האָט דעמאָלט געהאַט דעם לאָזונג „זשידזשי דאָ פּאַלעסטינע" („יידן גייט קיין פּאַלעסטינע").

אין יאָר 1936 איז פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג. דער סעקרעטאַר פֿון דער לאָדזשער פּ.פּ.ס.־ישער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ יונגער צאַפּלדיקער בחור מיט אַ סך ענערגיע, וואַכאָוויטש, און ער האָט אויף דער קאָנפֿערענץ פֿאָרגעשלאָגן, אַז דאָס יאָר זאָל דווקא געמאַכט ווערן אַן איינהייטלעכע דעמאָנסטראַציע וזאַמען מיט די קאָמוניסטן. אויך דאָס מאָל זאָלן נישט געטראָגן ווערן קיין קאָמוניסטישע פֿענער, אָבער די ערשטע־מאַי דעמאָנסטראַציע זאָל דורכגעפֿירט ווערן מיט אַזאַ גרויסן פֿאַרנעם און איינִיקייט, אַז זיי,

די קאָמוניסטן, זאָלן איינשטימען זיך צו באַטייליקן אין דעם פאַראייניקטן מאַי־צוג. וואַכאָוויטש האָט אויך פאַרגעליינגט, אַז אינם מאַי־צוג זאָלן געטראָגן ווערן, אויסער די פּאַרטיי־פענער און פאַרשידענע לאָזונגען (סלאָגאַנס), אויך די בילדער פון די אָנגעזעענסטע פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און צווישן זיי אויך לענינס בילד. דאָס האָט געדאַרפט דינען פאַר די קאָמוניסטן ווי זייערס אַ פאָן.

אַלע וואַכאָוויטשעס פאָרשלאָגן זענען אָנגענומען געוואָרן.

די קאָמוניסטן האָבן איינגעשטימט און געגעבן זייער פאַרזיכערונג, אַז קיין קאָמוניסטישע פאָן וועט נישט אויפגעהויבן ווערן.

די מאַי־דעמאָנסטראַציע איז טאַקע צוגעגרייט געוואָרן מיט גרויס אימפעט. פאַרזאַמלונגען, מאַסוווקעס ווי אויך פאַרזאַמלונגען אין די פאַבריקן זענען אַדורכגעפירט געוואָרן אין די הונדערטער. נאָענט פאַרן ערשטן מאַי זענען פאַרשפּרייט געוואָרן הונדערטער טויזנטער אויפרופן, אויך די נאַטור האָט געשפּילט דעם לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט אין דער האַנט אַיין. דעם ערשטן מאַי 7 אַזייגער אין דער פרי איז שוין געווען אַ גוואַלדיקע באַוועגונג אין די גאַסן. פון אַלע עקן שטאָט האָבן זיך געצויגן גאַנצע פאַבריקן אַרבעטער מיט רויטע פענער, די דזשעלניצעס (ראַיאָנען) מיט זייערע פענער און אָרקעסטערס, דער „בונד" האָט מאַרשירט פון באַלוט, שטאָט, שייבלער־ײַן גייער־ראַיאָן מיט זייערע פענער. דאָרט האָט אויך מאַרשירט די „צוקונפט", „מאָרגנשטערן", „יאַף" און די עלטערע מיטגלידער פון „סקיף" (קינדער־אָרגאַניזאַציע). אין יעדן ווינקל האָט זיך געפילט אַ יום־טובדיקע שטימונג. געזאַמלט האָט מען זיך אויף „וואָדני־רינעק". דער מאַרשרוט פון דער דעמאָנסטראַציע איז באַשטימט געווען ווי אַלע מאָל: שייבלערס מאַרק, גלוווּנע גאַס, פּיעטריקאָווסקע, קאָנסטאַנטינער וואַלד, וווּ עס געפינען זיך די ברידער־קברים פון דער רעוואָלוציע פון 1905. יעדעס יאָר האָבן די געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציעס דערגרייכט אַ צאָל פון קרוב 50 טויזנט אָנטייל־נעמער, אָבער דאָס יאָר האָט מען געשאַצט פון 80 ביז 100 טויזנט אָנטייל־נעמער. די גאַסן זענען פאַרהילכט געוואָרן פון די לאָזונגען, די אָרקעסטערס האָבן געשפּילט דעם גאַנצן וועג רעוואָלוציאָנערע מאַרשן. די כאָרן האָבן געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. צווישן די כאָרן און די אָרקעסטערס האָבן פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט דער כאָר און אָרקעסטער פון דער „קולטור־ליגע", וואָס איז געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון „בונד". עס איז געווען נישט נאָר אַן אויסערגעוויינטלעכער יום־טוב; מען האָט געדאַרפט

בלויז אַ קוק געבן אין די אויגן פון די מאַרשירער כדי צו זען יענעם הייליקן יום־טובדיקן פייער. ווען דער גרויסער צוג איז אָנגעקומען צום פּלאַץ „וואָלנאָשטשי" (פרייהייטס־פּלאַץ) איז איין טייל פון דער דעמאָנסטראַציע אָפּגעשטעלט געוואָרן. דאָס איז געווען דער קאָמוניסטישער טייל. מען האָט פאַרלאַנגט פון די דעמאָנסטראַנטן אַראָפּצונעמען לענינס בילד. דער מאַי־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן זיי זאָלן זיך אונטערגעבן דעם באַפעל פון דער פּאָליציי, כדי די דעמאָנסטראַציע זאָל נישט געשטערט ווערן. זיי (די קאָמוניסטן) האָבן דעם באַשלוס פון מאַי־קאָמיטעט אויסגעפירט. ווי אַלע מאָל זענען ביי די ברידער־קברים אויפגעשטעלט געוואָרן טריבונעס, פאַר יעדער ריכטונג, ווו עס זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס פון די פּאַרטיי־פירער. קיין פּאָליציי האָט אויף דעם פּלאַץ, ווי אויך אויף דעם גאַנצן וועג נישט געפעלט. אָבער דאָס, וואָס אין דעם יאָר איז פאָרגעקומען האָט לאָדזש נאָך נישט געזען. די קאָמוניסטן זענען נישט געווען בכוח איינצוהאַלטן זייער פּאַרטייאישן יצר־הרע און נישט קוקנדיק אויף זייער צוזאָג נישט אויפצוהייבן קיין קאָמוניסטישע פאָן — איז דאָך צום סוף פון די רעדעס אויף אַ באַשטימט אָרט אויפגעהויבן געוואָרן אַ קאָמוניסטישע פאָן.

פּאָליציי האָט זיך באַלד געלאָזט לויפן איבער אַלע ווינקעלעך כאַפּן דעם דעמאָנסטראַנט מיט דער פאָן; דאָס האָט זיך אָבער זיי נישט איינגעגעבן. די פּאַרטיי־מאַסע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט ממש געקריצט מיט די ציין קעגן דער האַנדלונג פון די קאָמוניסטן. זיי האָבן דאָך געקענט ברענגען דערצו, אַז די גרויסע דעמאָנסטראַציע זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ בלוט־באָד. די מאַכט־אָרגאַנען זענען געווען צופרידן פון דעם אַקט. אָנהייב 1937 האָט דער לאָדזשער וואָיעוואָדע מיטגעטיילט די קאָמיטעטן פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַז די וואָיעוואָדסטווע וועט מער נישט דערלויבן קיין געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציעס. די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין לאָדזש קענען אָרגאַניזירן דעמאָנסטראַציעס אין טאָג פון ערשטן מאַי, אָבער יעדע פּאַרטיי באַזונדער, אויף אַ באַזונדערן שטח. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע מהומה צווישן די אַרבעטער־מאַסן און באַזונדערס צווישן די יידישע אַרבעטער. מיר האָבן דערפילט, אַז אין דעם באַשלוס ליגט אַן אַנטיסעמיטישער ציל, ווייל מיר האָבן אַלע מאָל גוט געוווסט, אַז אויב די מאַכט־אָרגאַנען קריצן מיט די ציין אויף דער קלאַסן־באַוועגונג האָבן זיי אַ באַזונדערע שנאה צום אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער־קלאַס. זענען דאָך די מאַכט־אָרגאַנען געווינטשט געווען, אַז יידן זאָלן זיך בוקן און

בויגן פאַרן פּריץ. אויבן האָב איך באַשריבן דעם פאַל אין 1923, ווען מען איז אָנגעפאַלן אויפן בונדישן טייל פונם אַלגעמיינעם פּראָלעטאַרישן ערשטן־מאַי־צוג און בלוטיק צעשלאָגן הונדערטער בונדישע דעמאָנסטראַנטן. די פּאָליציי האָט זיך יעדן ערשטן מאַי צוגעקוקט גאַנץ גלייכגילטיק ווי גרופּעס כוליגאַנישע אַנטיסעמיטן אויף די טראָטואַרן האָבן געוואָרפן זידל־ווערטער קעגן אונזערע מאַרשירנדיקע רייען. איצט וועט זי מאַכן פאַר די כוליגאַנעס אַ גרינגן וועג צו באַפאַלן אונזער באַזונדערן יידישן צוג.

דער „בונד" האָט דאַן גענומען די איניציאַטיוו און געפאָדערט ס'זאָל באַלד גערופן ווערן אַ קאָנפערענץ פון פאַרשטייער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין לאָדזש צו באַטראַכטן און רעאַגירן אויפן באַשלוס פון וואָיעוואָדע. אַזאַ קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען. די קאָנפערענץ האָט אויסגעטיילט אַ דעלעגאַציע פון פאַרשטייער פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, — וואָס זאָל גיין צום וואָיעוואָדע כדי צו פּראָטעסטירן קעגן דעם באַשלוס (פון פאַרבאָטן געמיינזאַמע ערשטע מאַי אַרויסטרעטונגען). די דעלעגאַציע האָט פּראָטעסטירט און געפאָדערט פון וואָיעוואָדע, ער זאָל בטל מאַכן דעם באַשלוס. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן.

דער וואָיעוואָדע איז געבליבן ביי זיין באַשלוס. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָט דער וואָיעוואָדע פאָרגעשלאָגן, אַז ער קען דערלויבן אַן איינהייטלעכע דעמאָנסטראַציע אָבער אונטערן באַדינג, אַז די פענער זאָלן זיין בלויז פון איין פּאַרטיי. די דעלעגאַציע איז אויף דעם נישט איינגעגאַנגען. די פאַרטייען האָבן געהאַט ווייטערדיקע קאָנפערענצן צו באַטראַכטן, וואָס ווייטער צו טאָן.

די בונדישע פאַרשטייער האָבן געהאַלטן, מען זאָל ווי אין אַלע יאָרן אָרגאַניזירן אַ געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציע און די פּאַרטייען זאָלן טראָגן זייערע פענער, איגנאָרירנדיק די מעלדונג פון וואָיעוואָדע. די פּ.פּ.ס. האָבן פאָרגעשלאָגן אָרגאַניזירן אַ געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציע אונטער די פענער פון די פּ.פּ.ס., אָבער גלייכצייטיק אַרויסגעבן אַ געמיינזאַמען קאָמוניקאַט צו די אַרבעטער און זיי אויפקלערן פאַרוואָס די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און דער „בונד" דעמאָנסטרירן נישט אונטער זייערע אייגענע פענער. די דייטשן זענען אויף דעם מסכים געווען. די פאַרשטייער פון „בונד" האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן אַן די פענער פון „בונד" נישט דעמאָנסטרירן. און דער „בונד" האָט אָנגעגעבן אַ מעלדונג דעם סטאַראָסטווע, אַז מיר האָבן באַשטימט אַן ערשטע מאַי דעמאָנסטראַציע אויף

10 אזייגער אין דער פרי, אַז מיר זאַמלען זיך אויף „וואָדני־רינעק” און אַז מיר וועלן מאַרשירן איבער גלוונע, פּיעטריקאָווער, ביזן קאָנסטאַנטינער וואַלד; מיר וועלן אויפלייזן די דעמאָנסטראַציע ביי די ברידער־קברים פון 1905.

דער סטאַראָסטע האָט גערופן אַ פאָרשטייער פון „בונד” און דער־קלערט, אַז ער דערלויבט אונז אַ מאַי־צוג אָבער דעם אָנגעוויזענעם מאַרש־רוט קען ער אונז נישט דערלויבן, ווייל דאָרט גייט די פּ.פּ.ס.. ער שלאָגט אונז פאָר, אַז מיר זאָלן זיך זאַמלען ביים ראָג פון נאַדווייִנסקי און קאָס־טיושקאָ גאַסן — און דערביי פרעגט ער ביי אונז ווו מיר וועלן אויפלייזן דעם מאַי־צוג. מיר האָבן מסכים געווען זיך דאָרט צו זאַמלען און מאַרשירן ביז דזשעלנע און אויפלייזן די דעמאָנסטראַציע פאַר דעם פילהאַרמאָניע־זאַל. דאָרט אין זאַל וועלן מיר גלייך דורכפירן אַ מאַי־אַקאַדעמיע. אָבער אַזוי ווי אין דער דעמאָנסטראַציע האָבן זיך באַטייליקט ביי אַ 5 טויזנט אַר־בעטער און דער פילהאַרמאָניע־זאַל האָט געקענט אַריינגעמען מאַקסימום 2 טויזנט — איז געוואָרן אַ גוואַלדיקער געדראַנג אין זאַל אַריין מצד די דע־מאָנסטראַנטן. די דעמאָנסטרירנדיקע מאַסע איז זיך נישט פונאַנדערגעגאַנ־גען. דאָ האָט פּאָליציי אויסגענוצט דעם מאָמענט און האָט צעשלאָגן צענד־ליקער דעמאָנסטראַנטן.

ווען די אַקאַדעמיע אין פילהאַרמאָניע איז פאָרגעקומען, בין איך געווען איינער פון די רעדנער און פון מיין מויל איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער גליענדיקער פּראָטעסט פון די לאָדזשער יידישע אַרבעטער קעגן דעם וויל־קירלעכן באַשלוס פון וואָיעוואָדע. איך האָב זיך באַנוצט מיט שאַרפע ווער־טער צו באַשולדיקן די פאַראָרדנונג פון וואָיעוואָדע און דערקלערט קאַטע־גאָריש, אַז דער ציל פונם באַשלוס איז געווען — צו קענען גרינג פּראָוואָ־צירן אַ כוליגאַנישן אַנטיסעמיטישן אָנפאַל אויף דער בונדישער דעמאָנס־טראַציע. דער מיטינג האָט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און פאַרשיידע־נע אויסרופן און לאָזונגען קעגן דער מאַכט געשטיצט און אונטערגעהאַלטן דעם פּראָטעסט.

ווען די אַקאַדעמיע האָט זיך געשלאָסן — איז צו מיר צוגעקומען אַ געהיים־אַגענט און געבעטן איך זאָל אַריינגיין מיט אים אין אָפיס פון פיל־האַרמאָניע־זאַל. דאָרט האָבן זיך געפונען ביי אַ צען געהיים־אַגענטן און איינער פון זיי, געוויס מיט אַ העכערן ראַנג, זאָגט צו מיר אַזוי:

— הערט זיך איין פאַן זעלמאַנאָוויטש, איר רעדט אונז אַלע מאָל אויף

מיט אייערע רעדעס, אָבער היינט האָט איר איבערגעשטיגן יעדן אייערן אַרויסטריט אין זידלען און גרינגשעצן די מאַכט־אָרגאַנען פון דער פּוילי־שער רעגירונג. מיר וואָרענען אייך, נעמט אין אַכט, אַז איר ציט איבער דאָס שטריקל און עס וועט פּלאַצן. מיר וועלן אויף ווייטער אַזעלכע רעדעס נישט דולדן".

איך האָב אויסגעהערט זיין וואָרנונג און געשוויגן.

עס האָט אָבער נישט געדויערט קיין חודש ווי איך האָב באַקומען אַן „איינלאַדונג" צו קומען אין דער דעפּענסיווע. דאָרט איז געזעסן אַ העכע־רער באַאַמטער, וואָס האָט מיך אויפגענומען. ער האָט באַלד אַריינגערופן אַן אַגענט און געפרעגט ביי אים: „וואָס האָט זעלמאַנאָוויטש גערעדט אויף דער בונדישער ערשטער מאַי אַקאַדעמיע אין פילהאַרמאָניע?" יענער האָט געענטפערט, אַז בכלל איז דאָס געווען אַ רעדע פול מיט שנאה צו די רע־גירונג־אָרגאַנען און איסער דעם האָט ער געזאָגט, אַז „עס איז נישט ווייט די צייט, ווען מען וועט זיך מיט די היינט אָפּרעכענען". ווען ער, זעלמאַ־



דער שפּיץ פון בונדישן מאַי־צוג אין לאָדזש

נאָוויטש האָט דאָס געזאָגט — דערציילט ווייטער דער אַגענט — האָט ער מיט די פינגער געטייטלט אויף אונז אַגענטן פון דער מאַכט...

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיינע רייד געליקנט און דערקלערט, אַז אַזעלכע רייד קענען נישט אַרויס פון מויל פון אַ בונדיסט. מיר קענען קריטיקירן דעם רעזשים, אָבער נישט מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך קיין איינציקע מענטשן.

זיי האָבן מיך דאָרט אָפּגעהאַלטן (אין דעפּענסיווע) גאַנצע צוויי שעה. די צוויי שעה האָבן זיך ביי מיר געצויגן ווי צוויי יאָר. עס זענען פאַר מיר אַדורכגעגאַנגען ביז 50 געהיים־אַגענטן און איטלעכער האָט איבערגעחזרט, וואָס דער ערשטער האָט געזאָגט. יעדערער פון זיי האָט זיך געשטעלט הינטער מיר און געזאָגט, אַז די מאַכט איז צו מילד צו דער סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישער באַנדע", „ווען מען גיט מיר די מאַכט — וואָלט איך אַזוי ווי ער זיצט דאָ אַריינגעשאָסן אַ קויל אין זיין קאָפּ און וואָלט גליקלעך געווען צו זען ווי זיין געהירן צעגיסט זיך דאָ אויף דער פּאָדלאָגע"...

אין דער דאָזיקער אַטמאָספער האָט זיך מיר כסדר געדאַכט, אַז ווער פון זיי שיסט מיר טאַקע אַריין אַ קויל אין קאָפּ.

ווען איך בין פון דאָרט אַרויס האָט זיך מיר אַלץ געדוכט, אַז מען גייט מיר נאָך און מען שיסט אין מיר... אָבער, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, די גאַנצע זאַך איז בלויז אַ פאַרשפּיל בכדי מיך אָוועקצושיקן קיין קאַרטוז־בערעזע.

# מיין באַטייליקונג אויף די קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן פון „בונד" אין פוילן.

איך שרייב נישט קיין געשיכטע פון „בונד", איך וויל בלויז באַשרייבן עטלעכע עפּיזאָדן.

די ערשטע קאָנפערענץ פון פוילישן „בונד" איז פאָרגעקומען אין 1917, אין לובלין. די דאָזיקע קאָנפערענץ האָט אָרגאַניזירט דער חבר יוזעף (נח) און אַדורכגעפירט האָט ער זי לויט אַלע כּללים פון קאָנספּיראַציע. די קאָנפערענץ האָט געדאַרפט זיין זייער אַן ערנסטע. עס זענען אויף דער קאָנפערענץ געשטאַנען נייע פאַר אונז און זייער וויכטיקע פראַגן — וועגן פוילן, וועגן שולן, ווי אויך נייע אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן. פאַרטראָטן זענען געווען 11 שטעט מיט 26 דעלעגאַטן מיט שטים־רעכט און 2 — מיט באַראַטונגס־רעכט. לאָדזש איז געווען פאַרטראָטן מיט 4 דעלעגאַטן, איינער פון די 4 בין איך געווען. קריג איך אַ בריוול, אַז איך דאַרף פאָרן מיט דעם און דעם צוג, ער גייט אָפּ די און די שעה, אָנקומען קיין לובלין קומט ער אָן אין דער און דער צייט, דאָרט וועט אויף מיר וואַרטן אַ פריינד. דער חבר, וואָס מען האָט געשיקט צום באַן מיך אָפּוואַרטן, האָט געזאָגט, אַז אים דאַכט זיך, אַז ער קען דעם חבר אפרים פון לאָדזש. פונדעסטוועגן האָט יוזעף אים אָנגעגעבן סימנים. אפרים זעלמאַנאָוויטש — האָט ער אים געזאָגט — טראָגט אַ קליין בערדל און טראָגט אַ צעדרייטן קאַפּעלוש. אָבער אַזוי ווי איך בין דאָס ערשטע מאָל געפאָרן אויף אַ בונדישער קאָנפערענץ, און דאָס איז פאַר מיר געווען אַ שטיקל יום־טוב, האָב איך זיך געקויפט אַ נייעם קאַפּעלוש און דער חבר האָט מיך צוליב מיין נייעם הוט נישט דערקענט. מיר איז אויסגעקומען זייער לאַנג צו וואַרטן ביים וואָקזאַל, ביז עס איז געשיקט געוואָרן אַ חבר, וואָס מען איז געווען זיכער, אַז ער קען מיך. איך האָב זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ און אַהיים געפאָרן זייער אַ צופרידענער.

אין יאָר 1920, פון 22־סטן ביז דעם 24־סטן אַפּריל, האָב איך זיך באַטייליקט אין דער 4־טער קאָנפערענץ פון „בונד", וואָס איז פאָרגעקומען אין קראָקע. אין דער זעלבער צייט איז דאָרט פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון דער זשעט פּ. ס. די צוויי קאָנפערענצן האָבן באַשלאָסן זיך צו פאַרייניקן. און דערנאָך איז פאָרגעקומען דער פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר. די לינקע האָבן מיך געשיקט אין פּרעזידיום. דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ יום־טובדיקער, ס'זענען אָבער געווען שווערע צייטן. דער פּרינציפּן־קאַמף איז שוין אין יענער צייט געווען אַ שאַרפער. ווען מען האָט געדאַרפט שליסן דעם ערשטן פאַרייניקונגס־צוזאַמענפאָר, האָט חבר יוזעף פאָרגעשלאָגן, אַז מעדעם זאָל שליסן דעם צוזאַמענפאָר. מעדעם האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט און האָט פאָרגעשלאָגן, אַז דעם איצטיקן צוזאַמענפאָר זאָל שליסן חבר אפרים. אַלע אין פּרעזידיום האָבן מסכים געווען דערצו. פאַר מיר איז דאָס געווען אַן איבעראַשונג. איך זיץ אַרומגערינגלט מיט אַזוינע אויסגעפּרוווטע אינטעליגענטן פון „בונד", גלענצנדיקע רעדנער און מיר טוט מען אָן אַזאַ גרויסן כּבוד. איך האָב געשלאָסן דעם צוזאַמענפאָר און אַ גרויסער טייל פון די דעלעגאַטן האָט מיר געדריקט די האַנט און געזאָגט: „חבר אפרים, ביי אַזעלכע שווערע אידעאָלאָגישע קאַמפן איז דיין רעדע געווען אַ מייסטערווערק". איך בין אַוועק פון דעם צוזאַמענפאָר אין אַ געהויבענער שטימונג און דער גלויבן אין זיך איז געוואַקסן.

פון 22־סטן ביזן 25־סטן דעצעמבער 1921 איז פאָרגעקומען אין דאַנציק דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון „בונד". דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגעוואָרפן אויף אונז אַ מורא, צי ס'וועט נישט פאָרקומען קיין שפּאַלטונג אין „בונד". איין חבר, אַ מיטגליד פון „בונד", איז שוין גלייכצייטיק געזעסן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון זיי באַקומען געלט אויף דורכצופירן אַ שפּאַלטונג ביי אונז. מען האָט דאָס באַצייטנס אַנטדעקט. מ'האָט דעם חבר גערופן און אים געזאָגט, וואָס מען וואַרפט אים פאָר און ער האָט זיך טאַקע מודה געווען. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אים גלייך אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי.

אויף דעם צוזאַמענפאָר זענען אויך געווען זעקס דעלעגאַטן פון די אַזוי גערופענע „קאָמבונדיסטן". איינער איז געווען פון לאָדזש. ווען די „קאָמבונדיסטן" זענען געפאָרן צום צוזאַמענפאָר, האָבן זיי באַקומען אינסטרוקציעס, אַז צו דעם רעפעראַט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע, וואָס דער חבר ה. ערליך האָט באַדאַרפט האַלטן, זאָלן זיי פאַרלאַנגען אַ קאָ־רעפע־

ראַט. דעם פּאָסיקסטן קאָ־רעפּערענט פון זייערע זעקס דעלעגאַטן האָבן זיי אויסגעקליבן דעם לאָדזשער דעלעגאַט. ווען די „קאָמבונדיסטן" האָבן אים געמאכט דעם פֿאָרשלאָג, האָט ער זיי געזאָגט: „וואָס מיינט איר, איך בין אַראָפּ פון זינען? וואָס הייסט דאָס, איך וועל האַלטן אַ קאָ־רעפּעראַט קעגן ערליכן? האָט איר דען געטראַכט, ווען איר האָט מיר געמאַכט דעם פֿאָרשלאָג?" זיי האָבן זיך געבייזערט אויף אים און געזאָגט: „וואָס אונזער פראַקציע באַשטימט, מוז מען אויספירן. עס עקזיסטירט נישט ביי אונז אַזאַ וואָרט, אַז מען קען נישט". ס'האָט זיי אָבער גאָרנישט געהאָלפן. דער לאָדזשער „קאָמבונדיסט" האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. זיי זענען טאַקע געבליבן אָן אַ קאָ־רעפּעראַט. דער לאָדזשער „קאָמבונדיסט" איז איינגיכן צוריקגעקומען צום „בונד" און ער האָט מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע.

קיין שום שפּאַלטונג איז אויפן צוזאַמענפאָר נישט פאָרגעקומען. די שרעק אונזערע איז געווען אַן אומזיסטע. די אַקטיווע טוער אונזערע, וואָס זענען פריער אַוועק פונם „בונד", האָבן זיך אין אַ קורצער צייט אַרום אומגעקערט צו דער פּאַרטיי.

נאָך אַ קוריאָז וויל איך דערציילן. באַלד נאָך דעם צוזאַמענפאָר האָט מען מיך אָנגעהויבן צו קיבעצן, אַז איך בין געפאָרן צום צוזאַמענפאָר אַ לינקער און אַהיים בין איך געקומען אַ רעכטער. וואָס איז מיט מיר פאָרגעקומען? האָט מען מיך געפרעגט. מיין איבערגיין פון דער לינקער ריכטונג צום צענטער אין „בונד" איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגן פּראָצעס פון איבערטראַכטן. אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט זעקס חדשים פאַרן צווייטן צוזאַמענפאָר פון „בונד", בשעת איך בין געזעסן אין מאָקאָטאָווער טורמע (פון 21־סטן אָקטאָבער ביזן 21־סטן דעצעמבער 1920). דאָרט האָב איך נאָך אַמאָל איבערגעלייענט די געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און וואָס פאַר אַ טעראָר איין גרופּע האָט אָנגעווענדעט בנוגע דער צווייטער. פאַרשטייט זיך, מיט די בעסטע כוונות פאַר דער רעוואָלוציע. גערירט בין איך געוואָרן ווען איך האָב געלייענט ווי אַזוי מען האָט געפירט ראָבעספּיערן צו דער גיליאָטינע. ביי דעם ערשטן באַריר פון דעם מעסער אויף זיין האַלדז, טוט ער ציטער. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס מעסער האָט נישט גוט געאַרבעט. דאָס צווייטע מאָל האָט דאָס מעסער שוין געאַרבעט ווי עס באַדאַרף צו זיין. דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן צווישן די פיר ווענט פון מיין טורמע־צעל, צי מען מעג, צוליב דעם שענסטן ציל

אפילו, זיך באַניצן מיט אזא שרעקלעכן טעראָר? מען האָט שוין דעמאָלט אויך געקענט זען, אַז די רוסישע רעוואָלוציע לאָזט זיך אויף אַזוינע וועגן, האָט זיך ביי מיר מיין פריערדיקע איינשטעלונג א וואַקל געטאָן, אָבער נאָך נישט געבראָכן געוואָרן. איך האָב ביי זיך געטראַכט, אפשר איז דאָס א רעזולטאַט פון מיין זיין אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט, ווירקט דאָס דערפאַר אַזוי אויף מיר. און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינערלעכער קאַמף אין מיר און בהדרגה האָב איך זיך דערווייטערט פון דער לינקער ריכטונג און זיך דערנענטערט צו די אַזוי גערופענע רעכטע. ווי מיר דאַכט זיך, בין איך פונדעסטוועגן געבליבן א רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט, אָבער א קעגנער פון טעראָר אין די אַרבעטער־רייען. איין זאַך קען איך דאָ פעסט־שטעלן — דער „בונד" אין פוילן איז געווען די דעמאָקראַטישסטע פּאַרטיי אין אַרבעטער־לאַגער. כדי דאָס צו באַווייזן, וועל איך נאָך באַשרייבן איין פּאַרטיי־באַראַטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1936. אויפן סדר־היום ביים צ. ק. פון „בונד" איז געשטאַנען די פראַגע וועגן באַטייליקן זיך אין די קהילות. נאָך א לענגערער און גרינדלעכער דיסקוסיע האָט דער צ. ק. מיט א גרויסער מערהייט באַשלאָסן, אַז דער „בונד" נעמט נישט קיין אָנטייל אין די קהילות. די מינדערהייט — איך האָב געהערט צו דער מינדערהייט — האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל דורכפירן א דיסקוסיע צווישן די מיט־גלידער אין די גרויסע שטעט. דערוויי־ל האָט חבר ערליך אָנגעשריבן א גרויס אַרטיקל אויף דעם גרונט פון באַשלוס פון צ. ק., אַז דער „בונד" דאַרף נישט גיין אין די קהילות. די דיסקוסיע איז דורכגעפירט געוואָרן, ווי די מינדערהייט האָט פאַרלאַנגט, נאָך דער דיסקוסיע האָבן מיר געפאָדערט א זיצונג פון פּאַרטיי־ראַט מיט איינגעלאַדענע פאַרשטייער פון די שטעט, וווּ די דיסקוסיע איז דורכגעפירט געוואָרן. אַזא פּאַרטיי־ראַט איז טאַקע גע־רופן געוואָרן. נאָך א גרינטלעכער דיסקוסיע זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן צוויי פאָרשלאָגן: איינער פון צ. ק. אַז דער „בונד" באַטייליקט זיך נישט אין די קהילות, און דער צווייטער פון דער מינדערהייט, אַז דער „בונד" באַטייליקט זיך יאָ אין דער קהילה. דער פּאַרטיי־ראַט האָט מיט א גרויסער מערהייט אָנגענומען די רעזאָלוציע פון דער מינדערהייט. דער פּאַרטיי־ראַט, ווי באַוווּסט, איז געווען בלויז א באַראַטנדיקע קערפּערשאַפט ביים צ. ק. מען האָט זיך געקענט רעכענען מיט די אָנגענומענע באַשלוסן אָדער גאָר־נישט רעכענען זיך מיט זיי. דער צ. ק. האָט גערופן אַזיצונג און דאָרט איז דער באַשלוס פון דעם פּאַרטיי־ראַט באַשטעטיקט געוואָרן. די פריערדיקע

מערהייט, וואָס איז געווען קעגן דער באַטייליקונג אין די קהילות, האָט זיך דאָס מאָל אָפּגעהאַלטן פון שטימען. דאָס איז אַ באַווייז פון אַ דעמאָקראַ־טישער איינשטעלונג פון „בונד", וואָס איך האָב דאָס נישט באַמערקט ביי קיין שום אַנדערער פּאַרטיי.

## אַ מתּנה פון דער יוגנט און דער פּאַרטיי.

עס איז איבעריק צו דערציילן וועגן מיין שטאַרקן חשק צו באַטייליקן זיך אין אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענטרעפן. ס'איז אפילו דערגאַנגען ביי מיר ביז אַ גרויסער בענקשאַפט אַליין צו זיין אַ באַטייליקטער אין אַזוינע צוזאַמענפאָרן. און פּלוצלונג ווער איך באַגליקט מיט אַ מאַנדאַט פאַר צוויי אַזעלכע צוזאַמענטרעפן.

אין יולי 1931 איז פאָרגעקומען אַן אַלוועלטלעכער צוזאַמענטרעף פון ספּאָרטלער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין דעם זעלבן חודש, מיט 8 טעג שפּעטער, איז פאָרגעקומען דער 4־טער קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. ביידע זענען פאָרגעקומען אין ווין. קריג איך אַ מיטטיילונג פון צ. ק., אַז איך פאָר אין דער דעלעגאַציע פון „בונד" צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, און אַ צווייטע פרייעלעכע ידיעה פון „מאָרגנשטערן": „איר, חבר אפרים, האָט זיך פאַרדינט ביים „מאָרגנשטערן" און באַזונדערס ביים יוגנט־בונד „צוקונפט", אַז איר זאָלט זיין מיט אונז אויף דער ספּאָרט־אָלימפּיאַדע, וואָס קומט פאָר אין ווין. פאַר אונז וועט דאָס זיין אַ כבוד און פאַר אייך אַ גרויס פאַרגעניגן". פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב מיט גרויס שמחה אָנגענומען די ביידע פאָרשלאָגן.

פון פּוילן זענען געפאָרן צו דער אָלימפּיאַדע נאָענט צו טויזנט ספּאָרטלער, צווישן זיי 300 פון „מאָרגנשטערן", פון לאָדזש אַליין זענען געפאָרן אַ 75 חברים, דריי וואַגאָנען זענען געווען פאַר אונז יידן רעזערווירט. אחוץ די יידישע ספּאָרטלער האָבן פאַרנומען וואַגאָנען אויך ספּאָרטלער פון אַנדערע פעלקער: פּוילישע ספּאָרטלער — אונטער דער ווירקונג פון פּ.פּ.ס., דייטשע ספּאָרטלער — אונטער דער ווירקונג פון דער דייטשער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און „מאָרגנשטערן" אונטער דער ווירקונג פון „בונד". באַלד וואַרפט זיך מיר אין די אויגן אַ בילד, וואָס האָט פאַר מיר כאַראַקטעריזירט די נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן. פּ.פּ.ס.ישע ספּאָרטלער האָבן אַ סך פלעשער מיט אַלקאָהאָל ליידיק געמאַכט, מען האָט געהערט פון צייט צו

צייט אַ זינג געבן, אָבער אין אַלגעמיין איז געווען שטיל. די דייטשן האָבן אויך געטרונקען, אָבער ביי זיי האָט געהערשט אַן אַבסאָלוטע שטילקייט. ביים „מאָרגנשטערן" האָט מען גאָרנישט געטרונקען, אָבער פריילעך איז געווען דעם גאַנצן וועג. מען האָט געזונגען אָן אויפהער. דאָס געזאַנג האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן צוג. איך האָב אין יענע שעהן געטראַכט, מיט וואָס קען זיך דערקלערן אַזאַ אונטערשייד אין דער אויפפירונג. וועגן די דייטשן און פּאָליאַקן האָב איך נישט געפונען קיין ענטפער, אָבער ביי אונזער יידישער יוגנט, האָב איך געטראַכט, זענען דאָ צוויי סיבות, וואָס גיבן כוח אַזוי פריילעך צו זיין, נישט טרינקענדיק קיין בראָנפן. ראשית, האָט דער יידישער יוגנטלעכער געפילט אַ דאָפּלטן גלות: איינעם ביי זיך אין דער היים צווישן די יידן גופא, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אין 1931 איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס שוין געווען אַ יש, דאָך האָט נאָך יעדער יוגנטלעכער געליטן שבעה־מדורי־גיהנום. דעם צווייטן גלות האָט מען געליטן אינאיינעם מיטן גאַנצן יידישן פאָלק — פון אַנטיסעמיטיזם, אַ געוויסע צאָל פּאָליאַקן האָבן נישט באַהאַלטן די פיינטשאַפט צו יידן. און דאָ זענען אונזערע יוגנטלעכע אַרויס אויף אַ קורצער צייט פון זייער אייגענער סביבה, וואָס האָט שטאַרק געדריקט דעם ווילן פון דעם יוגנטלעכן צו זיין פריי. ערשט איצט האָט דער יונגער חבר צעשפּרייט זיינע יונגע פליגלען. האָט מען זיך אין וואַגאָן צעזונגען ווי די קאַנאַריזעס, וואָס באַפרייען זיך פון אַ שטייג. זיי האָט אויך פאַרכאַפּט דער געדאַנק, ווי מען וועט זיך טרעפן מיט די יוגנטלעכע פון פאַרשידענע לענדער און פעלקער, וואָס זייער ציל איז אַ באַפרייטע וועלט, וווּ יעדער מענטש אָן אונטערשייד פון ראַסע, קאָליר און שפּראַך וועט זיין פריי און אַלע וועלן האָבן איין ציל און אַלע וועלן גלייך געניסן פון דעם, וואָס מאַכט דאָס לעבן שענער און דערהויבענער. די דאָזיקע וויזיע האָט דעם יידישן יוגנטלעכן אָנגעצונדן מיט פייער און זיין פרייד איז געווען זייער גרויס.

ווען מען איז אָנגעקומען קיין ווין, האָט אונדז די האָפענונג נישט גענאַרט. די ווינער אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן אומבאַגרענעצטע פריינדלעכקייט און חברשאַפט. זיי האָבן אונדז באַגעגנט [illegible] רויטע פענער און מיט אַן אָרקעסטער. מען האָט זיך געפרייט, זיך געקושט מיט מענטשן, וואָס מען האָט קיינמאָל נישט געזען אַפילו. אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פון ווינער חברים האָט איינגעאָרדנט די צענדליקער טויזנטער שפּאַרטלער. מיך האָט מען געשיקט ווינען צו אַ דרוקער־אַרבעטער, אַ מענטש פון [illegible]

אַ יאָר 70, אַ סאָציאַליסט אַלע זיינע יאָרן. ער האָט געהאַט אַן איינציקע טאָכטער מיט אַ קינד, האָט מען מיר אָפּגעגעבן איר צימער. אפילו עסן האָט מען מיך נישט געלאָזט ערגעץ אַנדערש. פון אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס האָב איך געקראָגן אַ צימער אין אַ האָטעל. ווען איך האָב אָבער זיך געוואָלט אַריבערקלייבן, האָב איך געזען, אַז די גאַנצע משפחה פון דעם דרוקער לײדט דערפון, פאַרוואָס איך גיי אַוועק. זיי האָבן זיך צו מיר צוגעבונדן, ווי איך וואָלט אַריינגעוואַקסן אין דער משפחה. איך בין טאַקע ווייטער ביי זיי געבליבן ביז איך האָב באַדאַרפט פאָרן אַהיים. די גאַנצע משפחה האָט מיך באַגלייט, און ווען איך האָב זיך מיט זיי געזעגנט, האָבן זיך ביי דעם אַלטן סאָציאַליסט געשטעלט טרערן אין די אויגן.

ס׳האָבן זיך געפונען אין ווין ספּאָרטלער פון 23 לענדער. פאַרשטייט זיך, אַז די גרעסטע צאָל ספּאָרטלער זענען געקומען פון די לענדער, וווּ ס׳זענען געווען שטאַרקע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען. פון דייטשלאַנד, למשל, זענען געקומען 25 טויזנט ספּאָרטלער. עס זענען פאָרגעקומען פאַרשידענע פאַרמעסטונגען. אָבער די פאַרמעסטונגען זענען נישט געווען קיין געיעג נאָך כבוד. זיי האָט פאַראייניקט איין ציל — די צוקונפט פון אַרבעטס־מענטש, דער סאָציאַליסטישער וועלט־סדר. בכלל האָט דער פּראָלעטאַרישער צווייג פון ספּאָרט בעיקר געזאָרגט פאַר דער פיזישער אַנטוויקלונג פון יונגן אַרבעטער. און דאָס, וואָס די ספּאָרטלער האָבן געוויזן אין ווין, איז נישט געווען עפּעס אַזוינס כדי צו באַרימען זיך מיט אַ „סטאַר״. דאָס ערשטע, וואָס די ספּאָרטלער האָבן דורכגעפירט, איז געווען אַ מאַרש איבער די ווינער גאַסן. עס זענען געגאַנגען אין באַזונדערע גרופּעס לענדער און פעלקער. אין פּוילישן טייל פון צוג, למשל, זענען געגאַנגען באַזונדער ספּאָרטלער פון דריי פעלקער: פּוילישע, דייטשע און יידישע. יעדע גרופּע איז געגאַנגען מיט אירע פאָנען און אויפשריפטן אויף איר שפּראַך. אינם צוג האָבן זיך אויך באַטייליקט די ספּאָרטלער פון ארץ־ישראל. די גאַסן פון ווין האָבן געיובלט. די ספּאָרטלער זענען באַגעגנט געוואָרן פון די הונדערטער טויזנטער אַרבעטער מיט אַ געוואַלדיקן ענטוזיאַזם. דער שענסטער טאָג פון דער אָלימפּיאַדע איז געווען די פאָרשטעלונג אויף דעם ווינער ספּאָרט־סטאַדיום. דאָרט זענען געווען נאָענט צו הונדערט טויזנט באַזוכער. צווישן די באַזוכער האָבן זיך געפונען אַלע דעלעגאַטן פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, וואָס האָט זיך געדאַרפט באַלד אָנהייבן. ס׳איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־שפּיל, וווּ ס׳האָבן אָנטיילגענומען 4,000 ספּאָרט־

לער. די שפּיל האָט פאַרגעשטעלט די געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. מען האָט אין בילדער באַוויזן די ערשטע אַגיטאַציע פאַרן סאָציאַליסטישן געדאַנק, וואָס ווערט ברוטאַל דערשטיקט פון די קאַפּיטאַליסטישע הערשער און זייערע געדונגענע מיטהעלפער — די פּאָליציי און מיליטער. מען האָט אויך געוויזן אין בילדער די מלחמה פון 1914־1918, ווי אַזוי מען צווינגט איין טייל אַרבעטער אָנצופאַלן אויף אַ צווייטן טייל. מען פירט אַ מלחמה, וואָס די אַרבעטער האָבן נישט קיין שום אינטערעס אין איר. מען האָט אויך געוויזן, ווי די מלחמה פאַרענדיקט זיך און די סאָציאַליסטן אין פאַרשידענע לענדער ציען אַרויף די רויטע סאָציאַליסטישע פאָן. דערווייל פאַלט שוין צו די נאַכט. ווי נאָר די פאָן ווערט אַרויפגעצויגן, באַווייזן זיך די ספּאָרט־גרופּן פון די 23 לענדער מיט ברענענדיקע פאַקעלן אין די הענט. יעדער לאַנד און יעדער גרופּע טראָגט פאַרשידענע ספּאָרט־קאָסטיומען. דער גאַנצער סטאַדיום־פּלאַץ איז העל באַלויכטן פון די ברענענדיקע פאַקעלן און די ספּאָרטלער — די יונגע מיידלעך און בחורים — זענען אַלע אָנגעטאָן אין פאַרשידענע פאַרביקע קאָסטיומען. דער פּלאַץ האָט אויסגעזען ווי אַ באַוועגלעכער רעגנבויגן. מחנה נאָך מחנה לאָזט זיך דערנאָך אַרויס אין גאַס אַריין, מען מאַרשירט איבער די הויפּטגאַסן פון שטאָט. געגאַנגען איז מען אונטערן לאָזונג: קיינמאָל מער קיין מלחמה. די גאַסן האָבן געהילכט פון געזאַנג פון פּראָלעטאַרישע לידער. די גאַנצע ווינער באַפעלקערונג איז אַרויס אין גאַס און עס האָט זיך געגאָסן אַ שטראָם פון ליבע פון דער באַפעלקערונג צו די ספּאָרטלער און פון דעם ספּאָרטלער — צוריק צו דער באַפעלקערונג.

ס׳זענען אויך געקומען די פאָרשטייער פון וועלט־פּראָלעטאַריאַט צו באַגריסן די ספּאָרטלער. פאַר דעם הויז, ווו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס האָט זיך באַלד געדאַרפט אָנהייבן, זענען אויף אַ צוגעגרייטער טריבונע געזעסן עטלעכע הונדערט דעלעגאַטן און די ספּאָרטלער — לאַנד נאָך לאַנד — האָבן פאַרביי דעפילירט פאַר דער טריבונע. יעדער גרופּע איז אויפגענומען געוואָרן פון דעם סאָציאַליסטישן קאָנגרעס מיט גרויס ענטוזיאַזם. ווען די בונדישע דעלעגאַציע פון סאָציאַליסטישן קאָנגרעס האָט דערזען די 300 ספּאָרטלער אונזערע אונטער דער פאָן פון „מאָרגנשטערן", האָבן אונזערע אויגן העלער אויפגעלייכט. מיר האָבן — אַזוי האָט זיך מיר דעמאָלט אויסגעדאַכט — שטאַרקער אַפּלאָדירט, מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן פאַר פרייד, וואָס אונזער

יוגנט פילט, אַז זי איז נישט בלויז גייסטיק פאַרבונדן מיט דעם אַרבעטער־קלאַס פון דער וועלט, נאָר אַז מיר גייען האַנט אין האַנט מיט די אַלע, וואָס קעמפן פאַר אַ נייער און בעסערער וועלט.

אין יענע טעג האָב איך געפילט, אַז אונזער לאָדזשער בונדישע יוגנט האָט געוווּסט, מיט וואָס זי קען מיר אָפּצאָלן פאַר מיין איבערגעגעבנקייט צו זייער אַרבעט און פאַר מיין אומבאַגרענעצטער ליבע צו זיי.

די דעלעגאַציע פון „בונד" אויף דעם 4־טן קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, איז באַשטאַנען פון די חברים: נח, ערליך, אַלטער, ליכטענשטיין, נאָוואָגרודסקי, שערער, אַנאַ ראָזענטאַל, ג. זיבערט, ה. פעסקין, ש. הערץ, אפרים זעלמאַנאָוויטש און ה. פּיזשיץ. איך קלייב זיך נישט צו באַשרייבן דעם קאָנגרעס. נאָר איניקע בילדלעך, וואָס זענען מיר פאַרבליבן אין זכרון, וויל איך דאָ ברענגען.

די דערעפענונג פון קאָנגרעס איז געווען אַ סך פייערלעכער, ווי די פריערדיקע. וועגן דעם האָבן דערציילט די דעלעגאַטן, וואָס זענען נישט דאָס ערשטע מאָל אויף די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן. דערצו איז געווען אַ וויכטיקע סיבה — **די ערשט פאַרענדיקטע אָלימפּיאַדע, ווו מען**



די בונדישע דעלעגאַציע צום קאָנגרעס פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין יולי 1931, אין ווין. — עס זיצן (פון רעכטס צו לינקס): פעסקין, א. ל. זעלמאַנאָוויטש, נח, אַנאַ ראָזענטאַל, ה. ערליך, י. ליכטענשטיין; עס שטייען (ערשטע רייע): ע. שערער, פּיזשיץ, וו. אַלטער, ג. זיבערט, צווייטע רייע: מ. אָרזשעך, ע נאָוואָגרודסקי, ש. הערץ.

האָט זיך ממש געבאָדן אין באַגייסטערטע האָפענונגען פאַרן זיג פון סאָ־ציאַליזם. סאָציאַליסטן האָבן קיינמאָל נישט געלעבט מיט דעם געדאַנק, אַז נאָך מיר מעג זיין אַ מבול. אונזער אומפאַרגעסלעכער חבר בייניש מיכאַ־לעוויטש האָט אַמאָל אויף אַ יובל־פייערונג פון יוגנט־בונד „צוקונפט״ גע־זאָגט, „אַז ווען מיר וועלן אַלט ווערן און די פאָן פון „בונד״ וועט אָנ־הייבן ציטערן אין אונזערע הענט, איז דעמאָלט וועט איר די פאָן איבער־נעמען אין אייערע הענט און זי אַריינפירן אין דער סאָציאַליסטישער וועלט״. פון אָט דעם געדאַנק האָבן געהאַלטן אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דעריבער איז די באַגייסטערונג געווען אַזוי גרויס, ווען מען האָט געזען אונזער יוגנט אין אַזאַ גרויסער צאָל.

מען טרעט צו אויפן קאָנגרעס צום טאָג־סדר. ביי דעם פּונקט „פּאָלי־טישע סיטואַציע״ נעמט דאָס וואָרט חבר ה. ערליך, דער פאָרשטייער פון „בונד״ אין פּוילן. שוין דאָס דערשיינען פון דער מאַיעסטעטישער פיגור פון חבר ערליך רופט אַרויס אַ נייגער ביים עולם. זיין רעדע האָט אָנגעצונדן דעם קאָנגרעס. רעדנדיק וועגן דער פּאָליטישער סיטואַציע אין דער וועלט, האָט ער זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער לאַגע אין דייטשלאַנד. נישט געקוקט דערויף, וואָס אין דייטשלאַנד — האָט חבר ערליך געזאָגט — גע־פינען זיך צוויי אַרבעטער־פּאַרטייען, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און די קאָמוניסטישע, לאָזן זיי ביידע וואַקסן די נאַציסטישע שלאַנג. אָנ־שטאָט דעם, אַז די ביידע פּאַרטייען זאָלן זאָרגן דערפאַר אָפּצוהאַקן דער שלאַנג דעם קאָפּ, האָבן די ס״ד געמאַכט קאָמפּראָמיסן און די קאָמוניסטן האָבן געהאַלטן פון דעם לאָזונג — וואָס ערגער איז בעסער. פריער וועט קומען דער נאַציזם, האָבן די קאָמוניסטן געטענהט, שפּעטער — דער קאָ־מוניזם. און חבר ערליך רופט אויס: מיט אַזאַ טאַקטיק וועט דער נאַציזם אָדער פאַשיזם אונז אָראָפּדרייען דעם קאָפּ.

ערליכס רעדע האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע דעלעגאַציע. עס באַקומט אַ וואָרט דער דעמאָלדיקער פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי חבר וועלס. ער האָט געדונערט מיט רוגזה צוליב ערליכס רעדע, בפרט האָט אים פאַרדראָסן די וואָרנונג, וואָס ערליך האָט געמאַכט, אַז אויב דער סאָציאַליסטישער פּראָ־לעטאַריאַט וועט נישט אָראָפּהאַקן דעם קאָפּ פון פאַשיזם־נאַציזם, וועלן זיי אונז דעם קאָפּ אָראָפּהאַקן. און וועלס האָט אויסגעשריען: „מיר טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דייטשלאַנד, מיר קענען אונזערע באַדינגונגען בע־

סער ווי יעדער פון אייך, וואָס קומט אַפילו פון אַ גרויס לאַנד מיט אַ גרויסער אַרבעטער־באַוועגונג, בפרט ווייסן מיר בעסער פאַר די, וואָס קומען פון אַ קליינער אַרבעטער־באַוועגונג". ווען איך האָב דעמאָלט באַטראַכט ביידע רעדנער — חבר ערליכן און חבר וועלסן — איז מיר געקומען אויפן געדאַנק דאָס יידישע וואָרט: הקול קול יעקב, והידים ידי עשו. ערליך איז געווען אַ שלאַנקער, אַ הויכער, געטראָגן אַ שפּיציק בערדל, האָט געהאַט אַ צאַרט איידל פּנים, קלוגע אויגן און זיין שפּראַך איז געווען אַ צויבערנדיקע. וועלס איז געווען אַ הויכער, אַ געזונטער, קרעפטיקער מענטש. עס איז געווען זומער־צייט, וועלס האָט נישט געטראָגן קיין רעקל, די אַרבל פון העמד פאַרשאַרט, די שטים איז אַ לייבן־שטים. אַז ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין פּולט און געגעבן אַ געשריי „ביי אונז וועט דער נאַציזם נישט זיגן", האָט זיך געקענט דעמאָלט דאַכטן, אַז ס'איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. ס'האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, אַז דער נאַציזם האָט געזיגט און פאַרניכטעט די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע באַוועגונגען.

אָט באַקומט דאָס וואָרט דער חבר אָטטאָ באַוער. ווי אַ שטורעם האָט זיך פּלוצים אַ באַוועג געגעבן דער גאַנצער זאַל. אַלע דעלעגאַטן זענען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער, ווען באַוער האָט געזאָלט אָנהייבן צו רעדן. געוויינלעך פּלעגט אַ טייל דעלעגאַטן זיצן אין די קאָרידאָרן און שמועסן. דאָס זעלבע האָט געטאָן אַ טייל געסט און קאָרעספּאָנדענטן. אָבער ווען באַוער איז אַרויף אויף דער טריבונע, זענען אַלע אין איין אויגנבליק אַריין אין זאַל. במשך פון צען מינוט האָט דער זאַל געשטורעמט פון אַפּלאָדיסמענטן. קיינער פון די דעלעגאַטן האָבן אַזאַ וואַרעמע אויפנאַמע מיט אַזוי פיל רעספּעקט נישט געהאַט.

דער בירגערמייסטער פון ווין, חבר קאַרל זייץ, האָט פאַרבעטן די דעלעגאַטן אין שטאָטראַט־זאַל, וווּ ער האָט באַגריסט די דעלעגאַטן. עס איז געווען אַ גרויסער נחת־רוח בלויז צו קוקן אויף דעם גרויען קאַרל זייץ. זיין מאַיעסטעטישע פיגור האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, זיינע בליקן האָבן ממש געגלעט, זיין שמייכל האָט אייך אַרומגענומען מיט אַזאַ חבר־שאַפט, וואָס מען באַגעגנט זייער זעלטן ביי מענטשן. זיין רעדע האָט זייץ אָנגעהויבן מיט די ווערטער, אַז דער ווינער שטאָטראַט וואָלט געדאַרפט די דעלעגאַטן פון 4־טן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, וואָס קומט פאָר אין ווין, בעסער אויפנעמען. אָבער די צייטן זענען שלעכטע, די קאַסע פון

ווינער שטאָטראַט איז ליידיק. וועט מען די געסט מכבד זיין נישט מיט קיין טייערע עסנס, אויך קיין משקה וועט מען נישט קריגן. דערפאַר אָבער וועט מען די דעלעגאַטן באַגעגענען מיט בלומען און מיט שיינער מוזיק. ווער אָבער ס'וועט זיין דורשטיק, איז פאַר אים צוגעגרייט וואַסער צום טרינקען. די דעלעגאַטן האָבן פאַרבראַכט אַן אָנגענעמענעם אָוונט.

פון ווין בין איך אַהיים געפאָרן מיט אַ סך איבערלעבונגען. מיין משפחה האָט דעמאָלט געלעבט אויף אַ זומער־ווינונג אויף טעאַדאָרן. דאָרט האָט זיך געפונען דער סקיף־לאַגער. די פאַרוואַלטונג פון לאַגער איז צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל אָפּגעבן אַ באַריכט פון דער אָלימפּיאַדע. קיין סך בעטן האָבן זיי מיך נישט גענדאַרפט. איך בין געווען אַזוי איבער־געפולט מיט איינדרוקן, אַז איך האָב געמוזט זיך אַליין אויסלאָדן. דערי־בער האָב איך מיט גרויס חשק אָנגענומען זייער איינלאַדונג. דער גאַנצער לאַגער האָט זיך אויסגעזעצט אין אַ ראָד. געווען זענען דאָס קינדער פון 10 ביז 14 יאָר. איך האָב זיך אויך אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבן זיי צו דערציילן. בשעת מעשה האָב איך נאָך אַמאָל און אפשר שטאַרקער איבער־געלעבט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געזען אין ווין. אין מיטן רעדן האָב איך זיך אויפגעשטעלט און שפּעטער אַביסל בין איך אַרויף אויף אַ פּיען פון אַ בוים און ווייטער גערעדט. מיר האָט זיך דעמאָלט געדאַכט, אַז איך הייב זיך אַלץ העכער און העכער און מיט מיר אינאיינעם — אַזוי האָט זיך מיר אויסגעוויזן — הייבן זיך אויף אויך די סקיפּיסטן. זיי זענען גע־זעסן פולשטענדיק רואיק מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און האָבן אויסגע־הערט מיט גרויס אינטערעס מיין באַריכט וועגן דער אָלימפּיאַדע.

אויב איך האָב שוין דערציילט וועגן צוויי מתנות, וויל איך שוין אויך דערציילן וועגן אַ דריטער מתנה, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט מיר געגעבן. דאָס איז געווען אין 1937 נאָך דעם ווי איך בין צוריקגעקומען פון קאַרטוז־בערעזע. איך קום צו אַ זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט. רופט מיך חבר נח אַריין אין אַ באַזונדער צימער און זאָגט מיר אַזוי: „חבר אפרים, אין אַמעריקע האָבן חברים איינגעשטעלט אַ וועטע־אַנען־פאָנד פאַר פּיאָנערן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, באַטראַכטן מיר דיך אויך ווי אַ פּיאָנער און דו וועסט קריגן יעדן חודש 20 דאָלאַר. איך האָב געפילט, אַז איך בין שטאַרק רויט געוואָרן. זאָג איך צום חבר נח, איך בין נישט קיין פּיאָנער, דער „בונד" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1897 און איך האָב זיך באַהאַפטן מיט דעם „בונד" אין 1902, איך בין

געקומען צו אַ פּאַרטיקער זאַך, געוויס העלף איך בויען דעם „בונד", אָבער פֿאַר אַ פּיאָנער פֿאַררעכן איך זיך נישט. חבר נח האָט מיר אויסגערעכנט אַ רייע חברים, וואָס וועלן קריגן די אונטערשטיצונג פֿון דעם פֿאָנד. זיי זענען — האָב איך זיך אָפּגערופֿן — טאַקע געווען פּיאָנערן. פֿאַרלאָז זיך אויף אונז צו זיין דער פּוסק. סוף כּל סוף האָב איך מסכּים געווען. איך האָב אָבער אים געבעטן, אַז קיינער זאָל וועגן דעם נישט וויסן, ווייל איך בין נישט קיין פּיאָנער און נאָך נישט אין די יאָרן. צי עס האָט טאַקע קיינער נישט געוווּסט, ווייס איך עד היום נישט. ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך געקראָגן אויסגעצאָלט פֿאַר די לעצטע פיר חדשים. דער פּיאָנערן־פֿאָנד האָט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן. אַזוי האָב איך גע־האַט גאַנצע דריי מתנות.

# איך ווער פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע-לאַגער קאַרטוז-בערעזע.

אָבער פריער ווי איך הייב אָן צו באַשרייבן דאָס, וואָס איך האָב אי־בערגעלעבט, מוז איך דערציילן, ווי אַזוי און דורך וועמען דער לאַגער איז געשאַפן געוואָרן.

דער לאַגער אין קאַרטוז-בערעזע איז געגרינדעט געוואָרן פון דער פוי־לישער רעאַקציאָנערער „אָזאָן"־רעגירונג. דער אינספּיראַטאָר צו שאַפן אַזאַ לאַגער איז געווען דער פּרעמיער־מיניסטער לעאָן קאָזלאָווסקי, אַ פאַרביסענער רעאַקציאָנער, וועלכער איז געווען אונטערן איינפלוס פון נאַציזם אין דייטשלאַנד.

דער טרויעריק-באַרימטער לאַגער האָט זיך געפונען 5 קילאָמעטער פון דעם שטעטל קאַרטוז-בערעזע. ווען מען איז אויסגעשטיגן פון באַן און געוואָלט אריין אין שטעטל, האָט מען געמוזט באַווייזן, אַז מען וווינט דאָרט, אָדער אָנווייזן צו וועמען מען פאָרט. דער דאָזיקער לאַגער איז גע־ווען די קרוין פון דער אַנטיסעמיטיש־פאַשיסטישער רעגירונגס־פּאָליטיק פון דער „סאַנאַציע".

ווען די רעגירונג האָט געשאַפן דעם לאַגער, האָט זי געמאָלדן פאַר דער עפנטלעכקייט, אַז דער לאַגער איז צוגעגרייט פאַר שעדלעכע עלעמענטן און פאַר ספּעקולאַנטן. מען האָט דערביי געגעבן אָנצוהערן, אַז מיט שעדלעכע עלעמענטן מיינט מען דעם רעכטן פליגל — נ.ד. און נאַראָדוצעס. די באַ־פעלקערונג האָט אָבער גאַנץ גוט געוווסט, אַז די „סאַנאַציע" פירט אַ פּאָ־ליטיק, וואָס שטימט גענוי מיטן פּראָגראַם פון דער נ. ד., און וואָס שייך ספּעקולאַנטן, איז געווען קלאָר, אַז דאָס מיינט מען יידן. און אַזוי איז טאַקע געווען. אין דער ערשטער צייט האָט מען אַרעסטירט אַ ביסל נ.ד., אָבער דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט. פון די ספּעקולאַנטן איז דער ווייט־גרעסטער טייל געווען יידן.

די יידן האָט מען אין לאַגער שטאַרק געפייניקט, די יידן וואָס זענען דאָרט געזעסן, זענען געווען האַנדלס־מענטשן אָדער פאַבריקאַנטן, און איי־נעם פון זיי האָט מען דאָרט פאַרפייניקט צום טויט. דאָס האָט אין יענער צייט אויפגערודערט נישט נאָר די יידישע האַנדלס־וועלט, נאָר אויך די לינקס־יידישע. דער אויפברויז אין דער געזעלשאַפטלעכער שטימונג האָט געווירקט, אַז מען האָט אויפגעהערט צו אַרעסטירן די אַזוי גערופענע ספעק־קולאַנטן און די, וואָס זענען דאָרט געזעסן, האָט מען איינציקווייז באַפרייט.

אָבער באַלד איז דער לאַגער פול געוואָרן מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע — קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן און אָפּאָזיציאָנערן פון די אוקראַינער און ווייסרוסן.

---

. . . דעם 13־טן יוני, 1937, צוויי אַזייגער ביינאַכט, מען קלאַפּט אין מיין טיר. עס באַווייזן זיך אַן אַגענט און אַ פּאָליציאַנט. קיינער פון מיין פאַמיליע איז ניטאָ אין הויז. די „געסט" שטעלן מיר די פראַגע: „זענט איר אפרים־אליעזר זעלמאַנאָוויטש?" איך ענטפער יאָ. איך פרעג „וואָס עפּעס אין מיטן נאַכט? בין איך דאָך אַ שטענדיקער איינוווינער פון לאָדזש, האָט מען דאָך מיך געקענט רופן בייטאָג". דער ענטפער פון דעם אַגענט איז געווען: ס'איז אַ דרינגענדיקע זאַך; איך מוז מיטגיין מיט זיי, און איך וועל באַלד צוריק אַהיים גיין. אויף דער גאַס האָט געוואַרט אַ מאָטאָ־ציקל, אין וועלכן דער אַגענט און איך האָבן זיך אַריינגעזעצט. ווי אַ וויכער האָבן מיר זיך געטראָגן איבער די לאָדזשער גאַסן צו דער דעפענ־סיווע (פּאָליטישע פּאָליציי). דאָרט ווער איך געהאַלטן אין קאַמער ביז פיר אַזייגער בייטאָג. דאַן פירט מען מיך אַריין אין קאַנצעלאַריע (אָפּיס), וווּ עס ווערט מיר געמעלדעט אַ פאַראָרדנונג פון לאָדזשער וואָיעוואָדע: היות ווי די טעטיקייט פון בירגער אפרים אליעזר זעלמאַנאָוויטש באַדראָט די רו פון דער באַפעלקערונג, באַשטים איך אים אַוועקצושיקן אין דעם איזאָלאַציע־לאַגער פון קאַרטוז־בערעזע.

איך בעט ביי דעם אַגענט, ער זאָל מיר דערלויבן אָנצוקלינגען מיין פרוי. שמייכלט ער ציניש און זאָגט: „איך ווילט זיך האָבן אַ דעמאָנסטראַ־ציע ביים אָפּפאָרן, אָבער אונז לוינט דאָס נישט".

עס עפנט זיך די טיר און מען פירט אַריין חיים בראַנד (מיעטעק) אַ טוער פון די לינקע פּועלי־ציון (ער געפינט זיך אויך איצט אין ניו־יאָרק). ער גייט אויך אַדורך די זעלבע פּראָצעדור. עס קומען אַריין צוויי

פּאָליציאַנטן און שמידן אונז צוזאַמען אין קייטן. חיים בראַנד זאָגט אין דעם אויגנבליק צו מיר: „חבר אפרים־אליעזר, דאָס גאַנצע לעבן האָבן מיר געקעמפט צווישן זיך, איצט האָבן זיי אונז צוזאַמענגעשמידט".

מען פירט אונז אַריין אין אַ פאַרמאַכטן אויטאָמאָביל, וואָס ברענגט אונז צום צוג, וואָס גייט קיין וואַרשע. ביים אַריינגיין אין וואַגאָן קלינגען מיר מיט די קייטן, כדי דאָס זאָל ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די רייזנדע.

געפאָרן זענען מיר אין אַ וואַגאָן מיט נאָך פּאַסאַזשירן. אָבער איך האָב געדאַרפט גיין אין קלאָזעט (טוילעט). אונז האָבן באַגלייט צוויי פּאָ־ליציאַנטן. פירט מיך איינער צו צום קלאָזעט און באַפעלט מיר צו לאָזן די טיר אָפן. דאָ האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורעם ביי די פּאַסאַזשירן: „וואָס הייסט דאָס? איר האָט מורא, אַז ער וועט אַרויסשפּרינגען פון פענצטער ווען דער צוג לויפט? מיר זעען, אַז די צוויי אַרעסטירטע זענען נישט קיין מערדער. זיי האָבן קיינעם נישט דערהרגעט"... אָבער דער גע־שריי פון די פּאַסאַזשירן האָט נישט געהאָלפן. די טיר פון קלאָזעט האָט געמוזט בלייבן אָפן.

ווען מיר שטייגן אויס פון צוג, זע איך ווי עס לויפט דורך חבר איסער גאָלדבערג. עס האָט געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק, אַז ער איז געקומען וועמען באַגעגענען און ער געפינט נישט יענעם. אָבער שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער צ. ק. פון „בונד" ווייסט שוין, אַז מען פירט מיך קיין קאַרטוז־בערעזע, האָבן זיי געשיקט איסער גאָלדבערג, אַז ער זאָל זיין ביים צוג און זען צי מען פירט מיך. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט מיך נישט.

קיין וואַרשע זענען מיר אָנגעקומען 8 אין אָוונט. גלייך פירט מען אונז אַריבער צום ווילנער וואָקזאַל. פון דאָרט נייט צוויי ביינאַכט אָפּ אַ צוג, וואָס פאָרט קיין קאַרטוז־בערעזע. מען פאַרשליסט אונז אין אַ צימער. איך בין געבליבן זיצן, און עס זענען מיר אַדורך ביטערע געדאַנקען. די אַרבעטער־באַפעלקערונג האָט געוווּסט, וואָס אַזוינס ס'איז קאַרטוז־בערעזע, וואָס פאַר אַ טאָרטורן עס דאַרפן דאָרט איבערטראָגן די אַרעסטאַנטן און וואָספאַרע נידערטרעכטיקע פאַרשלאָגן מען מאַכט זיי דאָרט. און דאָס האָט געשראָקן. דאַן, האָב איך געטראַכט, איז מיין לעבן פאַרפאַלן. אָבער ביי די דאָזיקע געדאַנקען איז די וועלט מיר געוואָרן שענער. די באַוועגונג, דער „בונד", איז מיר געוואָרן נאָך טייערער. מיין פרוי און קינדער האָב איך אין געדאַנק געטוליעט צו זיך. עס איז פאַרבייגעלאָפן, ווי אויף אַ

טאשמע, דאס גאנצע לעבן מיינס, און עס איז געוואָרן ליכטיק אין די אויגן. איך האָב געטראַכט: וואָלטן די חברים געוווסט אַז איך געפין זיך דאָ געשמידטער אין קייטן! און עס איז ביי מיר אויסגעוואַקסן אַ גוואַל־דיקער ווילן צו געבן אַ קוק אויף אונזערן אַ חבר. דאָס וואָלט געשטאַרקט, צוגעגעבן מוט איבערצוטראָגן די פיין.

איינס אַזייגער פירט מען אונז אַריין אין וואַגאָן. און ווי נאָר מיר קו־מען אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע, זאָגט צו מיר חיים בראַנד: „אפרים־אליעזר, זע נאָר ווער עס גייט!" איך גיב אַ קוק, דערזע איך אונזערע חברים ש. מענדעלסאָן און לוציאַן בליט. מיר גייען עטלעכע טריט, און עס גיט אַ שטראַל פאַר מיינע אויגן דאָס געזיכט פון חבר הענריק ערליך מיט יוסף גוטגאָלד. אין וואַגאָן פאַרנעם איך אַן אָרט ביים פענצטער. די חברים שפּאַצירן אַהין און צוריק. איך דערפיל, אַז אויף מיין פּנים צעגיסט זיך אַ שמייכל. דער דאָזיקער שמייכל האָט געדאַרפט זיין אַ דערקלערונג פאַר מיינע חברים: זאָרגט נישט, די רויטע סאָציאַליסטיש־בונדישע פאָן האַלט איך פעסט אין מיינע הענט; די דאָזיקע פאָן האָט מיך באַגלייט אין די צאַרישע, דייטשע ווי אין די פּוילישע תפיסות, זי האָט זיך קיין איין מאָל נישט אַ וואַקל געטאָן אין מיינע הענט. אויך איצט וועל איך זי האַלטן פעסט, ווי געפּייניקט איך זאָל נישט ווערן.

דער צוג האָט גערירט, און איך האָב געוואַגט און אַ פאָכע געטאָן מיט מיין הוט צו די חברים. דער ענטפער — זיי פאָכען מיט זייערע היט. די דאָזיקע געזעגענונגס־מינוטן האָבן מיר געגעבן מוט און וואַרעמקייט אויסצוהאַלטן די ביטערע צייט.

מיר פאָרן. פרעגט איינער פון אונזערע באַגלייטער: „ווער איז דער הויכער מיטן בערדל, איז ער אַ לאָדזשער? ווייל ער איז מיר באַקאַנט". זאָג איך אים, אַז דאָס איז אַן אדוואָקאַט, זיין נאָמען איז הענריק ערליך. ער קומט אָפּט קיין לאָדזש צו פּראָצעסן און אויף פאָרלעזונגען.

ניין אַזייגער אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל. די באַ־גלייטער אונזערע האָבן דערקלערט, אַז פון שטעטל ביז דעם לאַגער איז 5 קילאָמעטער. אויב מיר האָבן געלט און מיר ווילן, קענען מיר נעמען אַ דראָזשקע. כאָטש מיר האָבן זיך נישט געהאַט וואָס צוצאַילן, האָבן מיר אָבער געוואָלט וואָס גיכער איבערקומען די ערשטע באַגעגעניש.

עלף אַזייגער זענען מיר אָנגעקומען אין לאַגער. ביים טויער שטייט אַ פּאָליציאַנט. ער עפנט דעם טויער און לאָזט אַריין אונזערע צוויי באַ־

גלייטער און מיר בלייבן פון דרויסן. דער פּאָליציאַנט, וואָס שטייט ביים טויער, גיט אונז אַ באַפעל: מיט דעם פּנים צו דער וואַנט! ווער עס וועט זיך אויסדרייען, ווערט דערשאָסן! נאָכן אָפּשטיין אַזוי אַ שעה צייט, עפנט זיך דער טויער. עס באַווייזן זיך די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן אונז גע־בראַכט. זיי פאָרן אַוועק און עס קומען אַרויס צוויי אַנדערע פּאָליציאַנטן. זיי גיבן אַ געשריי: „לויפן גלייך, נישט קוקן רעכטס, נישט לינקס, נישט הינטער זיך! ווער עס וועט נישט אויספילן דעם באַפעל, וועט דערשאָסן ווערן!"

אַזוי זענען מיר גע־יאָגט געוואָרן אַ היפּש שטיק וועג. מיר זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ באַראַק, און ווידער פאַלט אַ באַפעל: מיט דעם פּנים צו דער וואַנט! עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט, און מען פירט אונז אַריין צו אַ העכערן באַאַמטן. מען רופט אים הער „אינספּעקטאָר", ער רעדט רואיק, פרעגט אויס די פּערסאָנאַליען, און עס קומט די פראַגע: „אַ קאָמוניסט?" מיין ענטפער איז געווען: „ניין, איך געהער צום „בונד".

איך בין שוין ווידער אין ערשטן צימער און שטיי ווייטער מיט דעם פּנים צו דער וואַנט ביז חבר מיטעק מאַכט אַדורך די זעלבע פּראָצעדור. דאַן ווערן מיר ווידער געיאָגט מיט געשרייען און זידלערייען. מיר זענען אָנגעקומען אין דער געביידע, וווּ עס געפינען זיך די אַרעסטירטע. מען פירט אונז אַריין אין אַ קאַנצעלאַריע צו אַ העכערן פּאָליציי־באַאַמטן. די באַ־געגעניש — אַ זידלעריי, מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס עס איז אוממעגלעך צו ברענגען אין דער עפנטלעכקייט. דאַן קומט אַ באַפעל, מיר זאָלן זיך אויסטאָן נאַקעט. ער וואָרנט אונז: אַלץ אויסליידיקן פון די טאַשן! „ווען מען וועט עפּעס געפינען, וועט מען מיט אָט דעם שפּיץ־רוט אייך צעקאַ־טעווען דאָס לייב אויף שטיקער". מיר האָבן דעם באַפעל אויסגעפירט. עס גיט אַ קלונג, און עס קומען אַריין צוויי קאָמענדאַנטן. ער באַפעלט זיי צו זוכן אין אונזערע טאַשן און ער זאָגט צו זיי: „אויב איר וועט עפּעס גע־פינען, ווייסט איר שוין, וואָס צו טאָן". דאַן הייבט ער אָן מיט אַ הויכער שטימע און אין זיינע אויגן צינדט זיך אָן אַ פייער: „איצט וועל איך אייך איבערגעבן דעם רעגולאַמין, וואָס פאַרפליכטעט די אינטערנירטע, און די שטראָפן וואָס דערוואַרטן אייך, אויב דער רעגולאַמין ווערט נישט אָפּגע־היט: 1) דאָ, זאָלט איר וויסן, מוז מען אַרבעטן; 2) מען טאָר נישט רעדן, פּונקט ווי איר וואָלט געבוירן געוואָרן שטום; 3) דאָ גייט מען נישט, נאָר מען לויפט; 4) מען מוז אויספירן אַלץ, וואָס דער קאָמענדאַנט באַפעלט;

5) מען טאָר נישט פרעגן און איבערפרעגן, דעם קאָמענדאַנטס וואָרט איז א באַפעל; ווער עס פירט נישט אוים דעם רעגולאַמין, קען פון דעם קאָמענדאַנט באַקומען שטראָפן: א) 3 טעג איזאָלאַציע, ב) 7 טעג קאַרצער, ג) שמיץ, ד) דערשאָסן ווערן. עס זענען פאַראַן נאָך א ריי אַנדערע שטראָפן. קיין אַנקלאַגע, קיין אַפּעלאַציע עקזיסטירט נישט ביי אונז. יעדער קאָמענדאַנט איז דער האַר איבער אייער לעבן".

באַלד אָבער ווערט זיין שטימע עטוואָס מילדער און ער ווענדט זיך צו אונז מיט די ווערטער: „איר זענט דאָ געשיקט געוואָרן אויף דריי מאָנאַט, אָבער איר קענט דאָ פאַרבלייבן ביז דעם סוף פון אייער לעבן, ווייל יעדע דריי קאַנאַטן ווערט די שטראָף פאַרלענגערט אויף נאָך דריי מאָנאַטן. מיר האָבן דאָ אַזעלכע פייגל, וואָס געפינען זיך פון ערשטן טאָג אָן, ווען דער לאַגער האָט זיך געעפנט. צי איר זאָלט דאָ זיין לענגער אָדער קירצער, ווענדט זיך אָן אייך. איר קענט זיך ראַטעווען אויף צוויי אופנים: ערשטנס, אויספילן אַלע באַפעלן, צווייטנס איר דאַרפט פאַראורטיילן אייער ביז איצטיקע קאָמוניסטישע טעטיקייט און שטעלן זיך אין דינסט פון דער דעפּענסיווע".

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן די רעדט אויסגעהערט מיט שטילשווייגן. באַלד ברענגט מען אונז אריין תפיסה־קליידער. אויף דעם רוקן און אויף דעם אַרבל זענען געווען צוויי גרויסע לאַטעס, אויף וועלכע ס'איז אָנגעשריבן א נומער. מיין נומער איז געווען 1214. דאָס איז א צייכן, אַז זינט דער לאַגער עקזיסטירט זענען געווען אַזוי פיל אַרעסטאַנטן. פון דעם מאָמענט אָן האָב איך פאַרלוירן מיין מענטשלעכן נאָמען. איך האָב געמוזט ווייסן, אַז איך בין א זאַך, וואָס האָט א נומער. דאַן דערהערט זיך א געשריי: לויפן! מיר ווערן געיאָגט אויף דעם ערשטן שטאָק אין א ליידיקן צימער מיט א שטיינערנער פּאָדלאָגע. עס קומט א באַפעל: שטעלט זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט! איך ווער געשטעלט צו איין וואַנט, מיטעקס צו דער צווייטער. יעדע פינף מינוט קומט אריין א קאָמענדאַנט מיט א זידלעריי. דאָס געדויערט ביז 7 אין אָוונט. עס הערט זיך א פייף. מיר פאַרשטייען נישט, וואָס דאָס באַדוט, אָבער עס לויפט אריין א קאָמענדאַנט מיט א געשריי: לייגן זיך! לייגן מיר זיך אַוועק אויף דעם שטיינערנעם דיל. די טיר ווערט פאַרמאַכט, די עלעקטריע ווערט אָנגעצונדן. עס גייט אַוועק פינף מינוט, עס איז ווידער דאָ א קאָמענדאַנט. מיר ליגן. הייבט ער אָן ווילד צו שרייען, פאַרוואָס מיר שטייען נישט אויף. און דאָ גיט

ער אונז אַ לעקציע, אַז ווען עס קומט אַרײַן אַ קאָמענדאַנט, מוז מען זיך שטעלן גלײַך אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע. ער גיט אַ באַפֿעל אויסצוטאָן די שיך. דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער כּוונה, אַז מיר זאָלן ליגן מיט די נאַקעטע פֿיס אויף די שטיינער. איך ליג אַזוי, און עס וואַרפֿט מיך אין היץ און קעלט צוזאַמען. שלאָפֿן קען איך נישט, אין קאָפּ איז אַ קאַשמאַר.

אין מיטן נאַכט עפֿנט זיך די טיר און עס קומען אַרײַן דרײַ קאָמענדאַנטן מיט אַ פּושאַדאָווניק. מיר גיבן זיך אַ כאַפּ און מיר שטייען שוין שטײף ווי די סטרונעס. דאַן הייבט דער פּושאַדאָווניק אָן צו שטעלן מיר פֿראַגן. צווישן אַנדערע פֿרעגט ער, צי איך בין אַ קאָמוניסט. מײַן ענטפֿער איז געווען, אַז איך בין אַ בונדיסט. פֿרעגט ער מיך, צי איך געהער צום לינקן פֿליגל פֿון „בונד". איך ענטפֿער, אַז איצט איז דער „בונד" אײנהייטלעך. ווער — פֿרעגט ער — איז געווען דער אָנפֿירער פֿון לינקן טייל. מײַן ענטפֿער איז: כּמורנער. ער פֿרעגט מיך, וועמען איך קען פֿון די וואַרשעווער אָנפֿירער פֿון „בונד". איך ענטפֿער: ערליך, אַלטער. פֿרעגט ער, צי איך קען נאָך וועמען, האָב איך געענטפֿערט, אַז יאָ, אָבער די נעמען געדענק איך נישט. פֿרעגט ער בײַ מיר, צי איך קען אַ פֿירער פֿון „בונד" — אַ הויכער מיט אַ גרויסן קאָפּ האָר, זײַן פֿרוי האָט אַ פֿאָטאָגראַפֿישן אַנשטאַלט. איך רוף אָן דעם נאָמען גאָלדבערג, זאָגט ער יאָ, דאָס איז ער; דאַן באַווײַזט זיך אַ גרימאַסע אויף זײַן פּנים און עס בלעזלט זיך אַ סלינע פֿון זײַן פּיסק. ער זאָגט: „אָ, ווי קריג איך דאָ אַרײַן ערליכן און אַלטערן"! און דאַן גיט ער אַ געשריי: לייגט זיך. מיר לייגן זיך אַוועק. גיט ער ווידער אַ געשריי: אויפֿשטיין! און שרײַט: אַזוי לייגט מען זיך נישט בײַ אונז. „איר זאָלט זיך אַזוי אַוועקלייגן, אַז אײַערע קערפּערס זאָלן צעפּלאַצט ווערן אויף שטיקער". מיר האָבן זיך ווידער אַוועקגעלייגט.

עס דויערט נישט לאַנג, און מען דערהערט אַ פֿײַף. ווידער ווייסן מיר נישט, וואָס דער פֿײַף באַדײַט, אָבער באַלד ווערט אונז באַקאַנט, אַז דער טאָג הייבט זיך אָן 3 בײַנאַכט און ענדיקט זיך 7 אין אָוונט.

ווי אַזוי און מיט וואָס פֿילט מען אויס דעם טאָג? 3 בײַנאַכט הערט זיך אַ פֿײַף. מען מוז אַראָפּשפּרינגען פֿון די געלעגערס, אַזוי שטיין נאַקעט ביז מען דערהערט אַ צווייטן פֿײַף. דאַן מוז מען זיך אָנטאָן. אַ דריטער פֿײַף. מוז מען נעמען די מענאַשקעס, וואָס דינען סײַ צו נעמען עסן און סײַ צום וואַשן. ווידער אַ פֿײַף, און אַלע מוזן לויפֿן אַראָפּ, אויסשטעלן זיך צו צוויי אין אַ ריי, און עס הערט זיך אַ באַפֿעל: וואַשן זיך! אין יענער

צייט האָבן זיך געפונען אין לאַגער 400 אַרעסטירטע. שטייען אויף דעם פּלאַץ צוויי גרויסע פעסער מיט וואַסער. נאָך דער ריי גייט יעדער צו, שעפּט אָן א מענאַשקע מיט וואַסער. אויף דעם פּלאַץ וואַשט מען זיך. דאָס טאָר לענגער נישט דויערן ווי עטלעבע מינוט. ווען עס דערהערט זיך א פייף, מוז מען שטיין אין דער ריי, און מען ווערט געיאָגט אין דעם עס־זאַל, ווו עס זענען אויסגעשטעלט טישן מיט בענק. יעדער נאָך דער ריי גייט צו צום קוכער, וואָס שטייט ביי א גרויסן קעסל מיט קאַווע אָדער באָרשטש. ער גיסט אָן אַזאַ מענאַשקע, און מען קריגט דערצו א האַלבע קילאָ שוואַרץ ברויט. עס הערט זיך א פייף, און דאָס עסן מוז זיין פאַרענדיקט. דאַן ווערן מיר געטריבן יעדער אין זיין קאַמער, שפּעטער ווערן מיר גערופן דורך א פייף צו טאָן דאָס מענטשלעכע געברויך.

דער „טואַלעט" געפינט זיך אויפן זעלבן שטאָק, ווו די אַרעסטאַנטן זיצן: מיר ווערן גערופן אהין קאַמער נאָך קאַמער. עס הייבט זיך אָן ביי נומער איינס און אַזוי ווי די אַרעסטאַנטן ווייסן, אַז די צייט אויף אָפּ־צוטאָן דעם מענטשלעכן געברויך איז צוויי מינוט פּאַר א קאַמער, שטייען די אַרעסטאַנטן שוין מיט אָפּגעשפּילעטע הויזן, נאָך איידער זיי דערהערן דעם רוף. ווען זיי דערהערן דעם פייף, זעט איר א פּאָר צענדליק מענטשן לויפן אין דער ריי צום „טואַלעט".

ווי זעט אויס דער „טואַלעט"? עס איז א קליין צימער און עס געפי־נען זיך אין אים 3 פּלעצער אויף אָוועקצוזעצן זיך. מוזן די איבעריקע זיצן אויף דעם דיל, איינער האָט ביי דעם צווייטן. קיין שטיקל פּאַפּיר טאָר קיינער ביי זיך נישט האָבן. אויף אַזאַ אופן דערלייזן זיך די 400 מענטשן זייערע באַדערפענישן אויף דעם דיל... בלייבן שפּורן אומעטום — אויף די הענט און אויף די ווענט. אַנדערע, וואָס איז זיי אוממעגלעך זיך צו באַגיין אָן פּאַפּיר, האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף שטראָף און געהיים אָפּ־געריסן בלעטער פון די ביימער, און דאָס האָט געדינט אַנשטאָט פּאַפּיר. שפּעטער רוימט מען די קאַמערן, און האַלב נאָך פיר שטייען שוין אַלע אויסגעשטעלט צו צוויי אין א ריי. מען ציילט אונז, און עס הייבט זיך אָן דאָס שיקן אויף אַרבעט.

וואָסערע אַרבעטן זענען דאָרט דאָ? מען דאַרף אַליין רוימען, וואַשן, קאָכן, ברוקירן די גאַסן, ווייל דער לאַגער האָט פאַרנומען א גרויסן שטח. מען דאַרף ברענגען וואַסער. אויסער דעם איז געווען אין לאַגער א בעטאָן־פאַבריק, ווו עס זענען געווען באַשעפטיקט 150 אַרעסטירטע.

# עפּיזאָדן פון מײַן לעבן

דעם ערשטן טאָג האָט מען מיך מיט מיעטעקן גענומען צו וואַשן די דילן אין דער געביידע, ווו די אַרעסטאַנטן האָבן געוווינט. די קאָרידאָרן זענען געווען זייער לאַנגע. געאַרבעט האָט מען אונטער דער אויפזיכט פון אַ קאָמענדאַנט, און ער האָט יעדעס מאָל קאָנטראָלירט, צי די אַרבעט איז גוט געמאַכט. ווי געוויינטלעך איז זי אים נישט געפעלן געוואָרן, און מיר זענען אויפן אָרט באַשטראָפט געוואָרן צו לויפן שנעל איבערן קאָרידאָר. לויפנדיק האָט מען געמוזט מאַכן פאַרשידענע קונצן, זעצן זיך, שטעלן זיך, וואַרפן זיך אויף דעם פּנים. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען איך האָב גע־מיינט, אַז איך ענדיק מיטן לעבן. איך האָב זיך אָוועקגעשטעלט און גע־בעטן ביים קאָמענדאַנט אַביסל וואַסער, איז געקומען דער ענטפער: „פּגר! נאָר צו דעם האָט מען אייך דאָ געבראַכט!"

עס גייט פאַרביי אַ העכערער באַאַמטער. זאָג איך אים, אַז איך פיל זיך שלעכט. איך וויל צום דאָקטאָר. הייסט ער מיך אַריינפירן. דער דאָק־טאָר פרעגט מיך אויף וואָס איך באַקלאָג זיך. איך דערצייל אים, אַז איך בין קראַנק אויף דעם האַרץ, און אַזוי ווי מען יאָגט מיך אַזוי ביי דער אַרבעט פיל איך זיך שלעכט. דער דאָקטאָר לייגט צו דאָס טרייבל צום האַרצן. ער הייסט זיין געהילף מיר געבן אַ לעפל מעדיצין, און זאָגט דער־ביי צו מיר: צוריק צו דער אַרבעט. זאָלסט וויסן, אַז ביי אונז אין לאַגער יאָגט מען נישט צו דער אַרבעט.

איך האָב דעמאָלט געזען, אַז אַ דאָקטאָר אין קאַרטוז־בערעזע איז אויך אַ הענקער.

אָבער דאָס מזל איז געווען גרויס. עס האָט נישט געדויערט לאַנג, און עס הערט זיך אַ פייף. עס איז 11 און מען גייט אויף מיטאָג. ווידער פירט מען צוזאַמען אַלע גרופּעס אויף איין פּלאַץ און מען פירט אונז אַריין אין עס־זאַל. עס געדויערט עטלעכע מינוט — אַ פייף און דאָס עסן איז פאַרענדיקט. אין רייען פירט מען אונז וואַשן דאָס געפעס. נאָך דעם ווערן מיר געיאָגט צו די קאַמערן. יעדער קאַמער האָט אַ נאַרע, אויף וועלכער עס איז דאָ אָרט פאַר 26 סעניקעס, 13 פון איין זייט, 13 פון דער צווייטער זייט. ווי שוין געזאָגט, טאָרן מיר אין לאַגער נישט רעדן. מוז יעדער, ווען ער געפינט זיך אין קאַמער, שטיין ביי זיין געלעגער. קיין זאַך אויסער דער נאַרע געפינט זיך נישט אין קאַמער. זיצן קען מען נאָר אויפן דיל. אַזוי ווי ער איז אַ שטיינערנער, האָט מען מורא פאַר רעוומאַטיזם, אָבער ווען די קרעפטן לאָזן זיך אויס, די קניען ברעכן זיך אונטער דעם מענטש,

פאַלט מען אוועק אויפן דיל. האַלב נאָך צוועלף דערהערט זיך א פייף און מען ווערט געטריבן אויף דעם פּלאַץ. עס קומט פאַר די זעלבע פּראָצעדור, וואָס אין דער פרי, מיטן שיקן אויף אַרבעט. 3 אַזייגער אַ פייף, די אַרבעט איז פאַרענדיקט. האַלב נאָך דריי זיצט מען שוין ביי די טישן און מען עסט אָוונט־ברויט. פון 4 ביז 7 טוט מען פאַרשידענע אַרבעטן. 7 — אַ פייף, מען מוז זיך אויסטאָן. שטייען מיר אַזוי נאַקעט ביז מען הערט נאָך אַ פייף. שטעלן מיר זיך אויס אין דער קאַמער צו צוויי. א דריטער פייף, און קאָמענדאַנטן קומען אַריין און ציילן אונז. עס הערט זיך א באַפעל לייגן זיך. מען מוז זיך גלייך לייגן. די טיר ווערט פאַרשלאָסן. די עלעקטרע צינדט זיך אָן. אין טיר איז דאָ אַ גלעזערנע שויב, דורך וועלכער דער קאָמענדאַנט זאָל קענען האַלטן וואַך איבער אונז, צי מיר רעדן נישט איינער מיטן צווייטן. דאָס איז דער פאַרלויף פון טאָג.

אויף מאָרגן ביים שיקן אויף אַרבעט, ווען דער קאָמענדאַנט האָט געגעבן א רוף — 1214, און איך בין אַרויס פון דער ריי, האָט זיך אויף דעם קאָמענדאַנטס פּנים צעלייגט א זיסער שמייכל. איך האָב שוין פאַרשטאַנען, אַז עס גרייט זיך עפּעס פאַר מיר. באַלד רופט ער אויס נאָך א נומער, און עס קומט צו א יונגער יידישער בחור. מען שיקט אונז רייניקן דעם „טואַלעט". מיט אונז גייט א קאָמענדאַנט. מיר קומען אַריין, ווערט אונז פינסטער פאַר די אויגן. אויף דעם דיל איז אָנגעלייגט אומריינקייטן פון 400 אַרעסטאַנטן. די ווענט באַשפּריצט און באַשמירט מיט אומריינקייטן. אויף צו רייניקן באַקומען מיר צוויי קליינע דאַרע בעזעמלעך מיט איין קובעל וואַסער. עס ווערט מיר שלעכט, אין קאָפּ הייבט אָן דרייען. דער יונגער בחור זאָגט צו מיר: „איר זענט דאָך א נייער און נישט קיין יונגער בחור, ווענדט זיך צום קאָמענדאַנט און בעט אים, ער זאָל אייך געבן א לאָפּעטע". איך האָב אַזוי געטאָן. איך צי זיך פאַר אים אויס ווי א סטרונע און בעט ביי אים א לאָפּעטע. הייבט ער מיך אָן אויסצופרעגן פון וואַנען איך קום, ווי אַלט איך בין, וואָס פאַר א פאַך האָב איך אאַז"וו. וואָס ווייטער ער שטעלט פראַגן, אַלץ שטאַרקער הייבן אָן צו ברענען זיינע אויגן און עס שטשירען די ווייסע ציין פון זיין שוואַרצן געזיכט. די קינבאַקן באַוועגן זיך נערוועז, און עס דאַכט מיר, אַז זיינע פויסטן ביילן זיך. עס קומט די לעצטע פראַגע: „אַ קאָמוניסט?" איך ענטפער „ניין". ברעכט ער אויס אין א היסטערישן געשריי: „אוי, קען איך אייך זשידעס! — אגודה, מזרחי, פועלי־ציון, לינקע און רעכטע, „בונד",

קאָמוניסטן... דאָס גאַנצע יידישע פאָלק באַשטייט פון קאָמוניסטן! — גיי און מאַך ריין, עס זאָל גלאַנצן, אַ לאַפּעטע ווילסטו? מיט די הענט מאַך דאָס ריין!"...

מען האָט מיך אין אַ באַשטימטן טאָג געשיקט מיט אַ גרעסערער גרופּע אויף אַרבעט. מיר האָבן געדאַרפט אַראָפּנעמען זעקלעך מעל פון אַ וואָגאָן און אַריינטראָגן זיי אין דער בעקעריי. מיר האָבן זיך אַזוי אויסגעשטעלט, אַז איך זאָל זיין וואָס ווייטער אין דער רייע. אַז עס איז אָנגעקומען צו מיר און איך האָב באַדאַרפט נעמען דאָס זעקל מעל, האָט זיך געגעבן אַ רוק אונטער מיטעטעק בראַנד, אַ לינקער פּועלי־ציון, מיט וועמען איך בין צוזאַמען געשיקט געוואָרן קיין קאַרטוז־בערעזע. מיר זענען טאַקע געזעסן אויך אין איין צעל. בראַנד האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס זעקל מעל און עס אַוועקגעטראָגן. אין די אַרבעטער־קרייזן האָט מען געוווּסט, אַז איך בין קראַנק אויפן האַרץ. חברים און פריינט האָבן געציטערט איבער מיר. דער קאָמענדאַנט, וואָס האָט געהיט אונזער גרופּע, האָט זיך שטאַרק צעשריגן אויף מיטעטעקן. ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגערופן. אַזוי איז דאָס געווען איינגעשטעלט אין קאַרטוז־בערעזע. אַן אוקראַינער אָבער האָט געזאָגט צו מיטעטעקן: „זיי געבענטשט פאַר אַזאַ נאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט, וואָס דו האָסט אַרויסגעוויזן". דאָס האָט דער קאָמענדאַנט דערהערט און האָט מיט אַ שטעקן געגעבן דעם אוקראַינער אַ זעץ איבערן קאָפּ, אַז ער האָט זיך איינגאַנצן באַגאָסן מיט בלוט. דער אוקראַינער האָט געהערט צו אַ נאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי.

אָבער אביסל מזל האָב איך געהאַט. אין גרעסטן טייל בין איך באַשטימט געוואָרן אין קיך צו שיילן קאַרטאָפל. ביי דער אַרבעט זענען געווען באַשעפטיקט אַ 15 מאַן. עס האָבן אונז געהיט פּאָליציאַנטן, אָדער ווי מען רופט זיי דאָרט — קאָמענדאַנטן. רעדן איז פאַרבאָטן, אָבער אַז דער קאָמענדאַנט גיט זיך — דריי אַוועק — הייבט מען אָן צו שעפּטשען שטילערהייט. אויף דעם דריטן טאָג בין איך געווען באַשטימט צו דער אַרבעט. אַלע אין לאַגער האָבן שוין געוווּסט, אַז איך בין דאָ, און אַזוי ווי יידישע קאָמוניסטן זענען געווען אַ סך, איז לאָדזש געווען דורך זיי גוט פאַרטראָטן. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אפרים־אליעזר פון לאָדזש איז אַ מיטגליד פון בונדישן צ. ק., האָט מען געוואָלט וויסן נייעס פון מיר. פלעגט מען מיך פאַרשיטן מיט פראַגעס: וואָס הערט זיך אין פּוילן? ביי די פּ.פּ.ס., ביים „בונד", ביי די קאָמוניסטן? וואָס הערט זיך אין דייטשלאַנד? אין

פראַנקרייך? אאז"וו. וואר איך האָב געוווסט, האָב איך זיי געענטפערט. אָבער איין מאָל האָב איך זיי געזאָגט: „איר פרעגט וועגן אַלע לענדער, נאָר וועגן איין לאַנד, וואָס איר באַטראַכט פאַר אייער לאַנד פרעגט איר גאָר נישט!" און איך האָב זיי אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן די פּראָצעסן... מיט איינמאָל איך טרעף זיך מיט זיי ביי פאַרשידענע אַרבעטן — מען פרעגט ביי מיר מער נישט קיין פראַגעס. עס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין קאַרטוז־בערעזע איינער זאַמיאַטין. געווען איז ער לאַנגע יאָרן אַ בונדיסט, שפּעטער אַ קאָמוניסט. און ווי אַ קאָמוניסט האָט ער געאַרבעט אין לאָדזש ביים קאָמוניסטישן נאָדל־פאַריין. האָבן מיר זיך געקענט. פרעג איך ביי אים: „חבר זאַמיאַטין, וואָס איז די סיבה וואָס ס'האָבן זיך אויסגעלאָזט אַלע פראַגעס?" ענטפערט ער מיר: „מיר האָבן באַשלאָסן מיט אייך נישט רעדן און נישט דיסקוטירן, ווייל דאָס קען אַריינברענגען בייז בלוט אין לאַגער־לעבן, טויג עס נישט". אָבער אין דער אמתן איז די סיבה פון זייער שווייגן געווען דאָס, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן אָנגעהויבן צו קוקן אויף מיר מיט צוטרוי און זיך צוהערן צו מיינע רייד.

מען האָט מיך אויך געשיקט מיט אַ גרופּע נאָך וואַסער. דער ברונעם איז געווען זייער ווייט פון קיך, האָט מען געבראַכט וואַסער אין פעסלעך. די פעסלעך זענען געלעגן אויף וועגעלעך מיט צוויי רעדער. איינגעשפּאַנט אין די וועגעלעך האָט מען די אַרעסטאַנטן. כדי צו באַקומען וואַסער האָט מען געמוזט דרייען אַ ראָד. צו דעם צוועק איז געווען איינגעאָרדנט ביים ברונעם צוויי לאַנגע דרענגער און 6 אַרעסטאַנטן האָבן געשטופּט די דרענגער אין אַ קרייז. פון ברונעם איז געגאַנגען אַ קישקע אין פעסל אַריין, און אַזוי ווי מיר האָבן געדרייט די דרענגער האָט זיך דאָס וואַסער געגאָסן אין פעסל. דאָס דרייען מיט די דרענגער איז געווען שווער, האָבן די 5 אַרעסטאַנטן — אַלע קאָמוניסטן — געזאָגט צו מיר: „חבר אפרים־אליעזר, דו האַלט נאָר אָן דעם דראַנג, שטופּן וועלן מיר שוין. מיר זענען נאָך יונג און אונז וועט עס נישט שאַטן"... אָבער דער קאָמענדאַנט האָט באַמערקט, אַז איך אַרבעט נישט, האָט ער געשריגן אויף מיר און אויך געסטראַשעט מיט קלעפּ. האָב איך אויך צוגעלייגט כוח.

אַזאַ אַרבעט ווי רייניקן דעם „טואַלעט" האָב איך געמאַכט 5 מאָל במשך פון מאָנאַט. אויסער די שטראָפן, וואָס מען האָט אונז אויסגערעכנט, האָבן זיי פּראַקטיצירט נאָך אַנדערע שטראָפן. אַזוי איז געשען מיט מיינער אַ גרופּע אויף דער אַרבעט. דער קאָמענדאַנט האָט עפּעס דערהערט,

אַז עס שעפּטשעט אײנער צום צװײטן, נאָר ער האָט נישט באַמערקט — װער. פֿאַרלײגנדיק, אַז מיר זאָלן זאָגן, װער עס האָט גערעדט, און נישט באַקומענדיק קײן ענטפֿער, האָט ער באַפֿױלן, אַז אונזער גרופּע זאָל שפּרינ־גען װי זשאַבעס. אַ צװײט מאָל — מיר שטײען אױסגעשטעלט 400 אַרעס־טירטע אין די רײען. גיט עפּעס װער שטילערהײט אַ זאָג אַ װיץ, און בײ עטלעכע אַרעסטירטע באַװײזט זיך אַ שמײכל. דאָס רעגט אױף די פּײני־קער. װײזט אױס — זאָגן זײ — איך איז דאָ גאָרנישט שלעכט, איר קענט נאָך שמײכלען. זײ קלײבן אױס 20, און באַפֿעלן זײ 15 מינוט צו קריכן אױף די בײכער. בײ אַלע אַרעסטירטע פֿאַרציט זיך איבערן פּנים אַ כמאַרע, בײ די העננקער הערט זיך אַ װילד געלעכטער. יעדן טאָג פֿלעגן אַרעס־טאַנטן באַשטראָפֿט װערן. פֿאַר װעלכע זינד? די הױפּט־זאַך װען מען האָט געכאַפּט װעמען רעדן. די שטראָף איז געװען 7 טעג קאַרצער.

דער קאַרצער איז געװען אַ פֿינצטערער קעלער. אין דער װאַנט אַ לאָך, גרױס װי אַן אײ. פֿון לאָך האָט געדאַרפֿט קומען לופֿט. אװעקלײגן זיך האָט מען נישט געקענט, אױף דעם איז נישט געװען קײן אָרט. דער דיל איז געװען אַ זאַמדיקער. עסן האָט מען באַקומען אױף יעדן צװײטן טאָג, און אױך נאָר אַ העלפֿט פֿון דעם, װאָס עס האָט געקראָגן אַ נאָרמאַלער אַרעסטאַנט. אַז מען איז אַרױסגעקומען נאָך די 7 טעג, האָט מען אױס־געזען, װי מען נעמט װעמען פֿון דער ערד אַרױס. די פֿיס האָבן זיך גע־װאַקלט. אַגב איז געװען בײ זײ אַן אײנשטעלונג, אַז װען זײ האָבן גע־װאָלט װעמען אומברענגען, האָט מען אים אָפֿטער באַשטראָפֿט מיט קאַר־צער ,און ער איז שױן אומגעקומען. מיט מיר צוזאַמען איז געזעסן אײנער פֿירסטענבערג. מען האָט אים אָנהײב מאַי 1937 אַרעסטירט אין װאַר־שעװער טראַמװײ. זײ האָבן אים פֿאַרגעװאָרפֿן, אַז ער איז אַן אַגענט פֿון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. במשך פֿון 9 װאָכן, איז ער דרײ װאָכן גע־זעסן אין קאַרצער. בײ אונז איז געװען די איבערצײגונג, אַז זײ װעלן אים אומברענגען.

מיר האָבן אין דעם לאַגער איבערגעלעבט נאָך אַ געשעעניש, װאָס קען זיך אײנקריצן אין זכרון. יעדע זעקס חדשים האָט מען דאָרט געביטן די פּאָליצײ, כדי זי זאָל נישט האָבן קײן צײט צו װערן הײמיש מיט די אַרעסטירטע. ס'איז אײנגעשטעלט געװען אַ מנהג, אַז די נײ־געקומענע און די אַװעקגײענדיקע האָבן אינאײנעם געמאַכט אַ באַל, װו מען האָט געפֿרעסן און געשיכורט. װען מיר האָבן דערזען, װי בלױז אײן פּאָליצײ־

מאַן (אין קאַרטוז־בערעזע האָט מען די פּאָליציי־לייט גערופן קאָמענדראַנטן) באַדינט דעם גאַנצן קאָרידאָר און די איבעריקע זענען פאַרנומען אויפן באַל, האָבן מיר געזען, אַז אין יעדער צעל זאָל איינער זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד און אַכטונג געבן, צי עס קומט דער פּאָליציי־מאַן. די טירן זע־נען געווען אָפן. מיר האָבן באַמערקט, אַז דער פּאָליציי־מאַן זיצט אין עק קאָרידאָר און דרימלט. האָט איינער געגעבן אַ סיגנאַל און אַלע האָבן אָנגעהויבן צו זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל. איך מיט מיטעטקן זענען גע־זעסן אין איין צעל, האָב איך געזונגען די בונדישע שבועה און ער די פּועלי־ציוניסטישע. דאָס איז געווען די געוואַגטסטע טאַט אין קאַרטוז־בע־רעזע. מיר האָבן זיך געריכט אויף גרויסע שטראָפן. פאַרוואָס מען האָט אונדז פונדעסטוועגן נישט באַשטראָפט, פאַרשטיי איך עד היום נישט.

די אַרעסטירטע, וואָס זענען שוין געזעסן אין לאַגער איבער אַ יאָר, האָבן געזאָגט, אַז איצט איז אַ גאָלדענע צייט. וואָס פריער איז געווען — שטעלן זיך די האָר קאַפּויר, ווען מען הערט דאָס. פון די פיל פאַקטן וועל איך איבערגעבן נאָר צוויי. דעם 30־סטן אַפּריל, 1937, פאַלן אַריין אין מיטן נאַכט די קאָמענדאַנטן מיט שפּיץ־ריטער אין די הענט. מען הייסט אַלעמען זיך אויסטאָן נאַקעט און מען טרייבט זיי אַרונטער אין עס־זאַל. מען שטעלט זיי אויס אין אַ ראָד און מען הייסט זיי לויפן. אַזוי לויפנ־דיקע האָט מען זיי געשמיסן מיט די ריטער אויפן בלויזן לייב. זיי ווייסן נישט ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, פאַר זיי איז דאָס געווען אַן אומענד־לעכקייט. אין דער צווישנצייט האָט מען אין די קאַמערן דורכגעפירט אַ רעוויזיע. דאָס בלוט האָט גערונען פון די לייבער. איין מאָל האָט זיך אַ גרופּע פאַרזינדיקט, איז געווען אַ שטראָף: אויסגראָבן אַ גרוב. דאָרט האָט מען אַריינגעשטעלט איינעם פון דער גרופּע און מען האָט אים פאַרשיט ביזן האַלדז. עס איז געשען אַ צופאַל, דער אינספּעקטאָר איז אַדורך און האָט באַפוילן צוריק אויפגראָבן.

דעם 13־טן יולי איך זיץ טאַקע ביים שיילן קאַרטאָפל, קומט אַריין אַ קאָמענדאַנט און גיט אַ געשריי: 1214, צו מיר! האַלט איך דאָס מעסער אין האַנט. זאָגט ער צו מיר: „לייג אַוועק דאָס מעסער". דאַן גיט ער אַ געשריי: לויף! ער מיט מיר. ער פירט מיך אַריין אין מיין צעל און באַ־פעלט איך זאָל נעמען מיין סעניק. דאַן הייסט ער מיר לויפן אַראָפּ. דאָרט שליסט ער אויף אַ צעל און לאָזט מיך אַריין. איך ווייס נישט, וואָס דאָס באַדייט, צי גרייט זיך אַ שטראָף־איזאָלאַציע? אָבער עס געדויערט נישט

לאַנג — מען ברענגט אַריין אַ צווייטן, אַ דריטן. און עס ווערט שוין קלאָר, אַז מען באַפרייט אונז. שפּעטער קומט אַרײַן דער אינספּעקטאָר און זאָגט צו מיר: „1214 ווייס, עס פאַרדריסט מיך באמת, וואָס מען לאָזט דיך פריי. איך האָב שוין געהאַט פאַר דיר צוגעגרייט 7 טעג קאַרצער"...

אַזוי ווי איך האָב שוין געוווּסט, אַז מען באַפרייט מיך, האָב איך שוין געפרעגט פאַרוואָס? האָט ער געענטפערט: „ווייל דו האָסט צו פיל גערעדט".

עס האָט זיך אָנגעקליבן 15 פּערזאָן. צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זענען שוין געווען אין לאַגער 15 חדשים. און די האָבן טאַקע געהאַט גרויסע פּעק: שיך, קליידער, קאָלדרעס. האָבן זיי געבעטן, אַז זיי ווילן די זאַכן לאָזן פאַר די, וואָס בלייבן זיצן. דער ענטפער איז געווען: „ניין, איר קענט דאָס אוועקוואַרפן". האָבן זיי געבעטן, אַזוי ווי עס איז 5 קילאָמעטער צום באַן, ווילן זיי דינגען אַ וועגעלע. אויך דאָס האָט מען זיי נישט דערלויבט. מען האָט אונז אַלעמען אויסגעשטעלט אין אַ ריי. אַרום אונז פּאָליציי אויף פערד און מען האָט אונז געיאָגט צום באַן. ביים וואָקזאַל האָט מען אונז אַריינגעלאָזט אין אַ באַזונדערן צימער און פאַרשלאָסן. מיר האָבן געבעטן זיי זאָלן איינעם פון אונז אויף אַ ווייל אַרויסלאָזן קויפן עפּעס צום עסן און פאַר די רויכערער פּאַפּיראָסן. אויף דעם איז געקומען אַן ענטפער: „ביז איר זיצט נישט אין באַן, זענט איר אַלץ אַרעסטאַנטן".

די באַן איז אָנגעקומען. מיר זענען אַלע אַריין אין איין וואַגאָן. אין דעם זעלבן וואַגאָן זענען אויך איינגעשטיגן צוויי יידן פון שטעטל. די יידן האָבן געזען פון וואַנען מיר קומען, האָבן זיי אויף אונז געקוקט. בין איך צו צו זיי און געזאָגט: „יידן, איר זעט דאָך פון וואַנען מיר קו־מען. יעדער פון אונז בענקט אין דעם מאָמענט נאָך עפּעס אַנדערש. איך בענק איצט נאָך אַ היינטיקער יידישער צייטונג". נעמט איינער פון זיי אַרויס די היינטיקע „פאָלקסצייטונג" און גיט מיר. די באַפרייטע אַלע אין איין קול זאָגן: „אפרים־אליעזר האָט מזל, ער האָט שוין זיין צייטונג"!

דעם 14־טן יולי, 1937, 6 אַזייגער אין דער פרי בין איך אָנגעקומען אין וואַרשע. מיט מיר צוזאַמען איז אויך באַפרייט געוואָרן חבר חיים בראַנד. מיר האָבן צוזאַמען גענומען אַ דראָזשקע. ער איז צוגעפאָרן אויף קאַרמעליצקע צו זיינע חברים, און איך אויף נאַוואָליפּיע 7 אין רעדאַקציע פון „פאָלקסצייטונג". פאַרשטייט זיך, אַז קיינער פון די מיטאַרבעטער און אויך נישט פון די פּאַרטיי־טוער איז נאָך נישט געווען. חבר עמנואל נאָ־וואָגרודסקי האָט געוווינט אין זעלבן הויז אויף דעם 6־טן שטאָק. האָט דער

חבר, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט די צייטונג, באַלד אָפּגערופן עמנואלן דורכן טעלעפאָן און אָנגעזאָגט מיט פרייד די נייס: חבר אפרים־אליעזר איז דאָ אין רעדאַקציע. חבר נאָוואָגרודסקי איז באַלד אַראָפּגעקומען, זיך מיט מיר האַרציק געפרייט און מיך פאַרבעטן אויבן צו זיך. ביי נאָוואָגרודסקין האָט דעמאָלט געוווינט בערעק שניידמיל (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד). ער איז אַ לאָדזשער, געוואַקסן אונטער מיינע פליגלען. איז ער אויך שוין געשטאַנען אויף די פיס און זיך מיט מיר געפרייט. באַלד האָט נאָוואָגרודסקי מיר געמאַכט אַ וואַנע, געגעבן ריין וועש. שניידמיל האָט צוגעגרייט אַ פרישטיק כיד־המלך, מיט אַביסל משקה אויך. ביי מיר אין לאָדזש איז נישט געווען קיין טעלעפאָן. האָב איך אָפּגערופן איינעם פון מיינע נאָענטסטע חברים אין לאָדזש, דעם חבר אַרטור לערמער. מיין טעלעפאָן־רוף האָט אים שטאַרק צערודערט — אַזוי אומדערוואַרטעט, אַזוי פרי. איך האָב געפרעגט אויף מיין פרוי און קינדער. ער האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז אַלץ גוט. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל גלייך אַוועק צו מיין פרוי און איר זאָגן, אַז 15 נאָך דריי אַזייגער קום איך אָן מיט דער „טאָרפּעדאָ" קיין לאָדזש. ער פרעגט, וואָס זאָל איך איר זאָגן וועגן דיר. מיין ענטפער: „זאָג איר, אַז איך פיל זיך גוט און געזונט. דאָס איז אַלץ". שניידמיל איז מיט מיר אַוועק, געקויפט אַ נייעם הוט, שיך און אַנדערע זאַכן, ווייל אַלץ אויף מיר איז דאָרט אין קאַרטוז־בערעזע לאַנגער פולשטענדיק צעפוילט געוואָרן. איך האָב זיך געזען מיט אַלעמען אין רעדאַקציע. חברטע שרה שוועבער רופט אָפּ אין רעדאַקציע. זי בעט, איך זאָל קומען צו איר אין אָפּיס. זי וועט מיט מיר צופאָרן צו חבר קוואַפּינסקי, דעם פאָרזיצער פון דער צענטראַלער קאָמיסיע פון די קלאַסן־פאַריינען אין פוילן. ער האָט אומדערמידלעך די גאַנצע צייט אינטערווענירט פאַר מיין באַפרייאונג, האָט חברטע שוועבער אים צוגעזאָגט, אַז ווען איך וועל באַפרייט ווערן, וועט זי מיט מיר צו אים קומען.

איך בין גלייך אַוועק צו איר אין אָפּיס. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ פריידיקע סצענע. עס זיצט ביי איר אַ פרוי און וויינט מיט ביטערע טרערן. איר זון זיצט שוין 15 חדשים אין קאַרטוז־בערעזע, און דורך אייך — רעדט די פרוי צו דער חברטע שוועבער — האָט קוואַפּינסקי אינטערווענירט און ס'האָט דערווייל נישט געהאָלפן. בעט זי די חברטע שוועבער, זי זאָל מיט איר גיין צו קוואַפּינסקין.

רוף איך זיך אָן צו דער פרוי: „זאָגט מיר, ווי הייסט אייער זון"? זאָגט זי מיר זיין נאָמען, און איך זאָג איר, אַז איר זון איז נעכטן באַפרייט גע־

וואָרן צוזאַמען מיט מיר. איך שילדער איר דאָס אויסזען פון איר זון און די פרוי הייבט אָן שרעקלעך צו ספּאַזמירן. זי לאַכט און וויינט היסטעריש. יעון די פרוי האָט זיך אַביסל באַרואיקט, האָט זי מיך געוואָלט פאַלן קושן. איך האָב איר געזאָגט, אַז מיר קומט דאָ גאָרנישט קיין דאַנק. עס איז געווען אייער גליק און מיין מזל, וואָס איך האָב אייך געקענט אַזאַ בשורה ברענגען.

איך בין מיט חברטע שׂרה אוועק צו קוואַפּינסקי און אים געדאַנקט פאַר זיינע באַמיאונגען מיך צו באַפרייען. קוואַפּינסקי האָט מיך אויסגע־פרעגט די איינצלהייטן וועגן רעזשים און באַדינגונגען אין לאַגער. איך האָב אים אין קורצן אַלץ איבערגעגעבן, אָבער באַזונדערס האָב איך אים גע־שילדערט די פּיין ווי אַזוי די מענטשן דערפילן דאָרט זייער נאַטירלעכן גע־ברויך. ער איז פון מיין דערציילונג אַזש פּאַרציטערט געוואָרן און גענומען שרייען: „איך האָב שוין געוווּסט פון דעם און איך האָב אינטערווענירט און זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אָפּשאַפן די ווילדע באַרבאַרישע מעטאָדן. זיי האָבן מיך גענאַרט!" און קוואַפּינסקי האָט גענומען גיך שפּאַ־נען איבערן צימער אַהין און צוריק און געשריען ווי אַ ווילדער: „אַך, אַזעלכע בעסטיעס!"... איך האָב זיך מיט אים געזעגנט און חבר שניידמיל האָט מיך צוגעפירט צו דער באַן. מיר האָבן זיך ביידע וואַרעם געזעגנט. ווען איך האָב געקלונגען דורכן טעלעפאָן דעם חבר אַרטור לערמער, האָב איך אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל קיינעם נישט זאָגן, ווען איך קום. אַזוי האָבן מיר די חברים אין וואַרשע געראַטן. אַרויסגעקומען איז אָבער גאַנץ אַנ־דערש. ווען איך בין אָנגעקומען אין לאָדזש, האָבן אויף מיר געוואַרט די פרוי מיט מיין ייִנגערן זון און נישט ווייניקער ווי אַ 15 חברים. קיינער פון אונז האָט נישט געקענט באַהאַלטן אָדער צוימען זיינע געפילן. די פרייד איז געווען אומבאַשרייבלעך.

אַלע, וואָס זענען אַרויס פון צוג, האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן מיט פאַרווונדערונג, וואָס פאַר אַ פרייד דאָ קומט פאָר. אַרטור לערמער האָט מיך נישט געלאָזט אַהיים גיין און גענומען אַלעמען צו זיך. צוויי טעג איז ביי אים געווען גרייט דער טיש פון אַלעם בעסטן און שענסטן, און חברים זענען געקו־מען און געגאַנגען. ווען דער יום־טוב איז אַריבער, האָט מיין פרוי מיר אָנ־געהויבן צו דערציילן, וואָס פאַר דער צייט איז פאָרגעקומען אין מיין משפחה. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַר דער פרוי מיינער האָט מען צוויי טעג כסדר באַהאַלטן, אַז איך בין אוועקגעשיקט געוואָרן אין קאַרטוז־בערעזע. ווען מיין ייִנגערער זון שלומיק איז געווען אויף דעם צענטראַלן לאַגער פון „סקיף" אין ווילנע, איז צו אים צוגעלאָפן זיינער אַ חבר נאָנע גאָלדמאַן

און א געשריי געטאָן: „עס איז אונז אן אומגליק געשען, מען האָט דיין טאַטן געשיקט אין קאַרטוז־בערעזע״. שלומיק איז באַלד אוועק צו דער חברטע ראָזע אייכנער מיט דער „פאָלקסצייטונג״ אין האַנט און איר געוויזן. דער־ביי האָט ער געזאָגט: „מיין עלטערער ברודער איז אין מיליטער און איך קען דעריבער נישט לאָזן די מאַמע אַליין, איך מוז שוין גלייך אהיים פאָרן!״...

ראָזע אייכנער און די אַנדערע פירער פונם „סקיף״־לאַגער האָבן איינגע־רעדט מיין זון, אַז זיי וועלן שיקן אַ טעלעגראַמע צו דער מאַמען, און אויב זי וועט ענטפערן, אַז ער זאָל קומען אהיים, וועט ער דאַן פאָרן. אָבער שפּע־טער האָט ער זיך דערוווּסט, אַז מען האָט נישט געשיקט קיין טעלעגראַמע, נאָר אַ קאַרטל. האָט שלומיק צומאָרגנס קיינעם גאָרנישט געזאָגט, איז אוועק צו דער באַן און געפאָרן אהיים. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין וואַרשע, איז אוועק אין רעדאַקציע און גערעדט מיטן חבר ערליך. געפרעגט וואָס וועט זיין? חבר ערליך האָט אים געגלעט און באַרואיקט, אַז דער „בונד״ וועט אַלץ טאָן, אַז מ׳זאָל דעם טאַטן וואָס שנעלער באַפרייען. ווען ער איז אהיימגעקומען — האָט ער די מאַמע געטרייסט מיט די ווערטער פון חבר הענריק ערליך.

מיין עלטערער זון מאָטל האָט דעמאָלט געדינט אין דער אַרמיי. ער איז געשטאַנען אין פּלעשאָוו, אַ ריין פּויליש שטעטל. ווען ער איז געווען פריי פון דינסט, איז ער געגאַנגען אין שטעטל אַריין און באַזוכט אַ קאַפע. ווען ער איז אַריינגעקומען דעם 16־טן יוני אין קאַפע און גענומען אין האַנט אַ פּוילישע צייטונג, האָט ער באַלד דערזען די נייס, אַז פון לאָדזש זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין קאַרטוז־בערעזע דער פירער פון די׳ לינקע פּועלי־ציון חיים בראַנד און דער פירער פון „בונד״ אפרים־אליעזר זעלמאַנאָ־וויטש. ער האָט זיך אוועקגעזעצט און באַלד אָנגעשריבן אַ בריוו צו דער מאַמען. דער בריוו איז געווען אַדורכגעווייקט מיט טרערן און שרעק — וואָס וועט דאָרט ווערן מיטן טאַטן? די משפּחה האָט געציטערט צוליב מיין האַרץ־קראַנקהייט. אָבער דאָס איז געווען ווייניק פאַר מיין מאָטלען. אין אַ טאָג אַרום מעלדעט דער פּאָרוטשיק, אַז דער פּאָלקאָווניק וויל אים זען.

עפּעס איז מאָטל אַדורכגענומען געוואָרן מיט שרעק: צוליב וואָס דאַרף דער פּאָלקאָווניק פּלוצים אים זען? צו דער אָפּגערעדטער צייט האָט מאָטל זיך געשטעלט צו אים. די ערשטע פראַגע, וואָס דער פּאָלקאָווניק האָט אים געשטעלט, איז געווען, צי ער ווייסט, אַז זיין פאָטער איז געשיקט געוואָרן קיין קאַרטוז־בערעזע? מאָטלס ענטפער איז געווען יאָ. דאָס האָט ער גע־לייענט אין דער פּרעסע. מער האָט דער פּאָלקאָווניק אים נישט געפרעגט

און געהייסן גיין. מאָטל האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר די רעזולטאַטן פון דער באַגעגעניש מיטן פּאָלקאָווניק: ווער ווייס וואָס פאַר אַ נגישות ער וועט דאַרפן איצט אויסשטיין. אָבער די שרעק איז געווען אומזיסט. דער פּאָרו־טשיק האָט טאַקע יעדערע פאַר טעג געפרעגט מאָטלען, צי דער טאַטע איז שוין פריי.

ווען איך בין באַפרייט געוואָרן, האָט מאָטל דאָס דערציילט דעם פּאָ־רוטשיק און גלייכצייטיק געבעטן אַן אורלויב אויף 8 טעג, ער זאָל זיך קענען פרייען מיטן טאַטן. ער האָט דעם אורלויב באַקומען.

דער לאָדזשער קאָמיטעט האָט איינגעאָרדנט אַ גלעזל טיי פאַרן אַקטיוו פון „בונד" לכבוד מיין באַפרייאונג. צו דעם אָוונט איז געקומען חבר עמנואל נאָוואָגרודסקי, געשיקט פון צ. ק., און מיטגעבראַכט אַ באַגריסונגס־בריוו פון חבר הענריק ערליך, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט די באַ־דויערונג, וואָס ער קען פערזענלעך נישט קומען.

ווען דער „בונד" האָט איינגעאָרדנט דעם ערשטן פּאָליטישן מיטינג נאָך מיין באַפרייאונג אין פילאַרמאָניע־זאַל און באַשטימט רעדנער, בין איך צווישן די רעדנער נישט געווען. איך פרעג, וואָס זאָל דאָס באַדייטן? האָט איינער נאָך דעם אַנדערן מיר דערקלערט: עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז ווער עס פאַלט אַריין צום צווייטן מאָל אין קאַרטוז־בערעזע, איז שוין זייער שווער, ער זאָל צוריק אַרויסקומען.

אָבער איך בין נישט מסכים און דערקלער קאַטעגאָריש, זיי זאָלן מיך נישט אַזוי שטאַרק היטן. ווען דער קאָמיטעט האָט דערזען מיין איינגע־שפּאַרטקייט, האָט מען מיך אויך באַשטימט פאַר אַ רעדנער. אָבער ביז דעם מיטינג האָבן מיט מיר די חברים איינגעטענהט: „געדענק כאָטש, אַז דו ביסט נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן".

דער מיטינג איז פאָרגעקומען און ווי נאָר דער פאָרזיצער האָט מיך אָנגערופן צום וואָרט, האָט דער גאַנצער זאַל געשטורעמט מיט רוישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן אין פאַרלויף פון עטלעכע מינוט. ווען דער עולם האָט זיך באַרואיקט און איך האָב שוין געקענט קומען צום וואָרט, האָב איך אין מיין וואָרט נישט מער ווי אויסגעדריקט מיין האַרציקע צוגעבונדנקייט צו די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

נאָך אַ טשיקאַווער עפּיזאָד אין פאַרבינדונג מיט מיין זיין אין קאַר־טוז־בערעזע. מיר האָבן מיט אַ צייט צוריק געוווינט אין לאָדזש אויף זאַ־קאַנטנע 30. דאָרט איז געווען אַ גערער שטיבל. טרעפט מיך נאָך מיין באַ־פרייאונג דער גבאי פון שטיבל און זאָגט צו מיר בזה הלשון: „דו ווייסט

זעלמאַנאָוויטש, אונזער שטיבל האָט געזאָגט תהילים פאַר דיין געזונט און דיין באַפרייאונג"...

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דורך אים געדאַנקט אַלע, וואָס האָבן גע־בעטן פאַר מיר.

---

דער לאַגער קאַרטוז־בערעזע איז פון דער סאַנאַציע אויסגענוצט גע־וואָרן פאַר אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע. די רעגירונג האָט געוואָלט באַ־ווייזן, אַז קאָמוניזם איז אַ יידישער ענין. כאָטש די קאָמוניסטישע באַווע־גונג ביי די פּאָלאַקן איז געווען גענוג שטאַרק, עס קען זיין — שטאַרקער ווי ביי יידן, האָט זיך דער לאַגער פּאָרגעשטעלט אין ציפערן אַזוי: יידן 62 פּראָצענט, אוקראַינער און ווייסרוסן 26 פּראָצענט, פּאָלאַקן 12 פּראָצענט. דאָס האָט באַדאַרפט באַווייזן דער וועלט, אַז די פּאָלאַקן האָבן כמעט נישט צו טאָן מיטן קאָמוניזם. דעם לאַגער גופא האָבן די קאָמענדאַנטן געוואָלט אויסנוצן פאַר יידן־העצע. פון צייט צו צייט האָט מען געהאַלטן פאַר די פּאָלאַקן שטראָף־רעדעס — ווי פּאַסט דאָס פאַר אַ פּאָלאַק, ער זאָל זיך לאָזן פאַרפירן פון די „זשידעס"־קאָמוניסטן? אָבער זייערע רייד האָבן זיך גע־קלעפּט, ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. עס איז געווען אין לאַגער אַ ברידער־לעכע באַציאונג. דער לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע איז געווען איינער פון די גרעסטע שאַנד־צייכנס פון דער אַנטיסעמיטיש־פאַשיסטישער פּאָליטיק פון דער סאַנאַציע־רעגירונג.

## „פאָלקסצייטונג״ פון 19-טן יולי 1937.

ח׳ פראָים זעלמאַנאָוויטש

„איבערראַשטע, דערשיטערטע, האָבן זיך די יידישע ארבעטער פון לאָדזש און פון גאַנץ פוילן דערוווסט, אַז חבר פראָים לאָזער זעלמאַנאָוויטש איז אין מיטן דער נאַכט ארויסגעריסן געוואָרן פון זיין היים און פון דער יידישער ארבעטער־סביבה, וועלכע איז זיין צווייטע און אפשר טאַקע — זיין ערשטע היים.״

„ח׳ פראָים איז נישט קיין אָנפאַנגער אין דער ארבעטער־באַוועגונג. אים קען אין לאָדזש קינד און קייט. ח׳ פראָים איז דאָרט דער פאָרזיצער פון קולטור־אמט פון די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ער איז אַ מיטגליד פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד״ און כמעט די גאַנצע צייט, וואָס עס עקזיס־טירט אַ „בונד״ אין פוילן, איז ער אַ מיטגליד פון זיין צ. ק. ח׳ פראָים האָט אָנגעהויבן זיין סאָציאַליסטישע ארבעט נאָך אין די צארישע צייטן און האָט, צוליב דער דאָזיקער ארבעט, געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט די צארישע תפיסות. ח׳ פראָים האָט פארגעזעצט זיין סאָציאַליסטישע טע־טיקייט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. אָבער זינט עס עקזיסטירט דאָס אומאָפּהענגיקע פוילן פירט ח׳ פראָים, פונקט ווי די גאַנצע פּאַרטיי, זיין ארבעט פולשטענדיק אָפן און שטענדיק — אינם פולסטן איינקלאַנג מיט דער פּאַרטיי. אויב ער איז געקומען אין קאָנפליקט מיטן שטראָף־קאָדעקס, אויב ער איז באַגאַנגען אַ וועלכן נישט איז פארברעכן — פארוואָס האָט מען נישט פארפירט קעגן אים קיין פּראָצעס? פארוואָס האָט אים געדאַרפט טרעפן די רעפּרעסיע, וואָס האָט אים געטראָפן?״

„איז דער ענטפער, לויט אונזער טיפער איבערצייגונג, דער, אַז ח׳ זעלמאַנאָוויטש איז טאַקע קיין פארברעכן נישט באַגאַנגען, אָבער ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם (אַגב שוין פארענדיקטן) שטריקער־שטרייק אין לאָדזש. און מיר זענען זיכער, אַז ער איז געפאַלן, אַלס

קרבן פון א געהיימער מסירה מצד א וועלכן נישט איז פון די פאבריקאנטן." X)

„נאר דערמיט קענען מיר זיך דערקלערן דאס, וואס איז מיט דעם ח' פראים געשען."

„די יידישע ארבעטער פון לאדזש און די גאנצע פארטיי ווארטן מיט דער גרעסטער אומגעדולד, ח' פראים זאל זיך וואס גיכער אומקערן אין זיין היים און צו זיין ארבעט."

„אבער ח' פראים איז שוין נישט קיין געזונטער ער ליידט א לענגערע צייט אויפן הארצן). און דעריבער דערווארטן מיר דעם ח' פראים נישט בלויז מיט אומגעדולד, נאר מיט א געפיל פון טיפן אומרו."

---

X) אין מיטן יוני 1937 איז אויסגעבראכן א שטרייק פון די שטריקער, וואס האט ארומגענומען א סך הונדערטער ארבעטער און ארבעטערינס. די אונטערנעמער האבן דעם שטרייק געוואלט באקעמפן מיט אלע מיטלען. ווען איך זאג מיט אלע מיטלען, מיינט דאס, אז זיי האבן זיך נישט אפגעשטעלט פאר קיין שום זאך. דער פאריין האט געשיקט פיקעטן, אז עס זאל נישט זיין קיין שטרייק־ברעכער, האבן די אונטערנעמער געלאזט ארעסטירן די פיקעטן. וואס א מאל איז דער שטרייק געווארן פארביטערטער. סוף כל סוף האבן זיך ביידע צדדים צוזאמענגערעדט, אז מען זאל צונויפרופן א קאנפערענץ אויף צו פירן אונטערהאנדלונגען וועגן פארענדיקן דעם שטרייק. דער שטרייק־קאמיטעט האט זיך געווענדט צו מיר, אז איך זאל זיך באטייליקן אין דער קאנפערענץ. אזוי ווי איך האב — האבן זיי געזאגט — א גוטן שם און מיהאט פאר מיר דרך־ארץ און דערצו בין איך נאך א מיטגליד פון דער קהילה און אויך א פארזיצער פונם קולטור־אמט, מיינט דער קאמיטעט, אז סיוואלט זייער גוט געווען, איך זאל גיין מיט זיי צו דער קאנפערענץ. איך האב זיי געזאגט, אז זיי האבן אזא טוער ווי מארגענטא־

## די וואַלן צום לאָדזשער שטאָט־ראַט 1938.

די צוגרייטונגען צו די וואַלן פון לאָדזשער שטאָט־ראַט אין 1938 זע־נען פאָרגעקומען ביי גאָר אנדערע באַדינגונגען. די פּ.פּ.ס. האָט צונויפגע־רופן אַ צווישן־פּאַרטייאישע קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האָבן זיך באַ־טייליקט די פּ.פּ.ס., די דייטש סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי און דער „בונד״. פּ.פּ.ס. איז געקומען מיט אַ פאָרשלאָג, אַז דאָס מאָל זאָל זיין אַן איינהייטלעכע ליסטע. צו דער דאָזיקער ליסטע זאָל מען אויך צוציען די קאָמוניסטן, פאַרשטייט זיך, נישט אונטער זייער נאָמען. דאָס איז געווען פאַרשטענדלעך, ווייל די קאָמוניסטן זענען דעמאָלט אין פוילן געווען אומ־לעגאַל. און די ליסטע זאָלן הייסן די איינהייטס־ליסטע פון פּ.פּ.ס., דייטשע סאָציאַליסטן און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אונטער דעם נאָמען פּראָפע־

---

לער און ער איז אַ ייד אַ חכם, דאַרפן זיי מיך שוין נישט האָבן. אָבער אויך מאָרגנשטאַלער איז צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל גיין אויף דער קאָנפע־רענץ. האָב איך מסכים געווען אָבער איידער מען איז צוגעטראָטן צו באַ־האַנדלען די פּאָדערונגען, וואָס די אַרבעטער האָבן אַרויסגעשטעלט, האָב איך זיך געווענדט צו די אונטערנעמער: „איר האָט דורך דער צייט געלאָזט אַרעסטירן אַ רייע שטרייקנדיקע אַרבעטער. מוז דאָס זיין דער ערשטער באַדינג, איר זאָלט גיין צו דער פּאָליציי, מען זאָל באַפרייען די אַרעסטירטע. אויב נישט, ווייסט איר דאָך, אַז די אָרגאַניזירטע אַרבעטער קענען ענט־פערן אויף יעדן אָנגריף — און ענטפערן אַזוי שטאַרק, אַז איר זאָלט דאָס דערפילן״. מיינע ווערטער האָבן אַרויסגערופן ביי די אונטערנעמער גרויס אויפרעגונג: „איר זענט געקומען אונז סטראַשען, ביי אַזאַ אַטמאָספערע קע־נען מיר נישט אונטערהאַנדלען״. די קאָנפערענץ איז זיך באַלד פונאַנדער־געגאַנגען. מיט צוויי טעג שפּעטער האָט מען מיך פאַרשיקט קיין קאַרטוז־בערעזע. דאָס איז געווען דער לעצטער טראָפּן, וואָס האָט איבערגעפילט דעם פּאָליצייאישן בעכער.

סיאָנעלע פּאַריינען זאָל פאַרשטאַנען ווערן די קאָמוניסטן. האָבן די פאָר־שטייער פון „בונד" געפרעגט: „און וווּ איז דער „בונד"? האָט מען גע־ענטפערט, אַז עס וועלן צונויפגעשטעלט ווערן צוויי פּאַראַלעלע ליסטעס. איינע, ווי פריער שוין געזאָגט געוואָרן, וועט זיין פון פּ.פּ.ס., דייטשע סאָ־ציאַליסטן און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, די צווייטע — פון „בונד" און אויך פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. די פאָרשטייער פון „בונד" זענען אַרויס־געטראָטן זייער שאַרף קעגן צוויי פּאַראַלעלע ליסטעס, ווייל דאָס האָט שוין געשמעקט מיט צופּאַסן זיך צו די רעאַקציאָנערע כוחות און עס וואָלט גע־ווירקט, אַז דער נאַציאָנאַליזם זאָל געשטאַרקט ווערן און דער אינטערנאַ־ציאָנאַליזם, וואָס דאָס איז די שטרעבונג פון אַרבעטער־קלאַס, זאָל אָפּגע־שוואַכט ווערן. צו אַזאַ טאַקטיק טאָר נישט דערלאָזט ווערן. אויף דעם האָט די פּ.פּ.ס. געענטפערט: „מיר זענען אַ פאַרטיי, וואָס וויל געווינען פּראַק־טישע רעזולטאַטן. מיר קענען די פּוילישע גאַס בעסער פאַר אייך. ווען מיר האָבן איין ליסטע אינאיינעם מיטן „בונד", וועלן מיר פאַרשריען ווערן ווי זשידאָווסקי פּאַכאַלקעס. און אַזוי טאַקע רופט מען אונז. ביי אַ וואַל־קאַמ־פּאַניע קען זיך זייער אַגיטאַציע אָננעמען און מיר וועלן קריגן ווייניקער שטימען. אונזער ציל איז צו באַקומען וואָס מער שטימען און האָבן וואָס מער מאַנדאַטן אין שטאָט־ראַט. און דאָס איז פּראַקטיש מער ווערט ווי אַ פּרינציפּ — מעג ער זיין דער בעסטער". אַזוי האָט זיך געפירט די דיסקו־סיע ביז האַלבער נאַכט. אויף אַזאַ מין פאָרשלאַג האָבן מיר נישט געקענט איינגיין, איז געבליבן צונויפצורופן אַ צווייטע באַראַטונג. מיר האָבן גע־זאָגט, אַז מיר וועלן צו דער דאָזיקער באַראַטונג רופן אויך אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד". עס איז אַראָפּגעקומען פון וואַרשע חבר הענריק ערליך. ער האָט זייער שטאַרק פאַרטיידיקט אונזער שטאַנדפּונקט. ערליך האָט אויף דער באַראַטונג געזאָגט: „דאָס איז נישט גלאַט אַזוי זיך אַ פּרינציפּ ביי אונז. מיר ווייסן און איר ווייסט דאָס נאָך בעסער פון אונז, ווי דער אַנטיסעמיטיזם האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען ביי די פּאָלאַקן. דער אַנטיסעמיטיזם איז אויך נישט קליין צווישן די פּוילישע אַרבעטער. אייער באַשלוס נישט צו גיין צוזאַמען מיט דעם „בונד" איז וואַסער אויף דער מיל פון אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז נישט בלויז אַ קללה פאַר אונז יידישע אַר־בעטער, נאָר עס איז אויך אַ קללה פאַר אייך, ווייל ווי לאַנג דער הויקער פון אַנטיסעמיטיזם וועט נישט אַראָפּגענומען ווערן, אַזוי לאַנג וועט זיך די סאָציאַליסטישע באַוועגונג זיך פּיניקן. דעריבער האָט דאָס אויך אַ באַ־דייטונג פאַר דער פּראַקטישער סאָציאַליסטישער אַרבעט".

די אַלע מאָטיוון האָבן אויף די פּ.פּ.ס. נישט געווירקט. מיר האָבן אויך נישט געוואָלט איינגיין אויף זייער פאָרשלאָג, האָבן מיר זיי צוגעזאָגט, אַז אין משך פון דריי טעג וועלן מיר זיי געבן אַ תשובה.

די פראַגע וועגן צוויי ליסטעס האָבן מיר אַוועקגעשטעלט פאַרן קאָמיטעט, דערנאָך פאַרן אַקטיוו פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". ביידע אינסטאַנצן האָבן דעם פאָרשלאָג פון פּ.פּ.ס., אַז מיר זאָלן האָבן אויף דער יידישער גאַס אַ באַזונדערע ליסטע, דווקא אָנגענומען מיט אַ מערהייט.

מיר האָבן זיך איצט גענומען צו דער אַרבעט, גערופן אַ באַראַטונג, ווו ס'האָבן זיך באַטייליקט די לינקע, די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און אויך די לינקע פּועלי־ציון. נאָך איידער די ליסטע איז אויסגעאַרבעט געוואָרן, האָט זיך צום „בונד" געווענדעט די פאָלקס־פּאַרטיי, אַז אויך זי וויל צושטיין צו דער פאַראייניקטער ליסטע ביי די וואַלן צום שטאָט־ראַט. די יידישע גאַס האָט די פאָלקס־פּאַרטיי באַטראַכט ווי אַ ליבעראַלע גרופּע, אָבער קיין גרויסע ווירקונג האָט זי נישט געהאַט אויף קיין שום שיכט אין יידישן לעבן. דער בונדישער קאָמיטעט האָט מיט אַ מערהייט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַרייננעמען זי אין דער ליסטע, אָבער אַ מינדערהייט איז געווען קעגן דעם. איך האָב ביי דער פראַגע געהערט צו דער מינדערהייט. מיין מאָטיוו איז געווען זייער אַ וויכטיקער. זייער אָנפירער איז געווען דער אַדוואָקאַט ווייצמאַן, ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג און דאָרט האָט ער אַלע יאָרן געדינט דער אגודה. דאָס איז דאָך געווען די רעאַקציאָנערסטע גרופּע אין יידישן לעבן. אַזוי ווי אַ מערהייט האָט באַשטימט אַריינצונעמען די פאָלקיסטן פאַר שותפים, האָב איך געמאָלדן, אַז איך וועל אַפּעלירן צום צ. ק., ער זאָל אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דער פראַגע. דער צ. ק. האָט טאַקע פאַרווערט אַריינצונעמען די פאָלקיסטן אין בלאָק.

די צוויי בלאָקן — דער פּויליש־דייטשער און דער יידישער — האָבן געפירט זייער אַן אינטענסיווע וואַל־קאַמפּאַניע. מיר האָבן דאָך געהאַט אין אונזער בלאָק די יידישע קאָמוניסטן, האָבן אַ טייל פון זיי שטילערהייט אַגיטירט, מען זאָל שטימען פאַר דער ליסטע פון פּ.פּ.ס. און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. זיי זענען אָבער אויך אַריינגעפאַלן. אין אַ פּראָ־בונדישער שטוב האָט מען זיי געוויזן די טיר און נאָכגעשריגן זיי: רויטע מאַשקעס.

דינסטיק דעם 13־טן דעצעמבער (די וואַלן זענען פאָרגעקומען זונטיק דעם 18־טן דעצעמבער) איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון אַלע פּאַרטייען וועגן דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט און וועגן דער אַרבעט, וואָס דאַרף נאָך אָפּגעטאָן ווערן ביז די וואַלן. אויף דער קאָנפערענץ האָט איינער, אַ ייד מיט

דעם נאָמען מיכאַלאָוויטש, אָנגעקלאָגט די בונדיסטן, אַז זיי אַגיטירן קעגן דער ליסטע פון פּ.פּ.ס. און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. ער האָט פאָרגעשלאָגן צו טאַדלען דערפאַר דעם „בונד". אונזער חבר מילמאַן האָט גענומען אַ וואָרט אים צו ענטפערן: „עס איז נישט פאַר אונזער כבוד צו דיסקוטירן מיט דעם רעדנער מיכאַלאָוויטש, אָבער איך האָב גרויס אַכטונג צו דער קאָנפערענץ, ווייל איך ווייס, צי געפינט זיך דאָ עמיצער אויף דער קאָנפערענץ — און איר זענט דאָך די אַקטיוווסטע טוער ביי די וואַלן — וואָס זאָל אונז קענען אָנווייזן כאָטש אויף איין בונדישן אַגיטאַטאָר, וואָס זאָל האָבן אַריינגעגאַנגען אין אַ פּוילישער אַרבעטער־שטוב צו אַגיטירן פאַר אונזער ליסטע. אָבער יידישע קאָמוניסטן וועט איר געפינען, וואָס גייען אין יידישע שטובן אַגיטירן פאַר דער ליסטע פון פּ.פּ.ס. זייער שטאַרקער ווילן צו שעדיקן דעם „בונד" שטעלט זיי נישט אָפּ אַפילו פאַר קיין שום געמיינהייט. אויב אַזאַ מיכאַלאָוויטש קומט אַריין אין אַ בונדישער שטוב, פאַרטרייבט מען אים. איך מיין, אַז איר וועט געבן געהעריקט יענעם אַרבעטער, וואָס האַנדלט אַזוי קעגן אַזוינע אַגיטאַטאָרן." עס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן, אַז אויף דער יידישער גאַס דאַרף מען אַגיטירן פאַר דער ליסטע פון „בונד" און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און לינקע פּועלי־ציון, אויף דער נישט־יידישער גאַס — פאַר פּ.פּ.ס., דייטשע סאָציאַליסטן און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אויף מאָרגן אָבער האָט זיך באַוויזן אין די יידישע גאַסן אַ פּלאַקאַט, ווו די יוגנט ווערט גערופן צו קומען שבת פרי דעם 17־טן דעצעמבער אויף אַ מיטינג וועגן דער וואַל־קאַמפּאַניע. אונטערגעשריבן איז געווען דער וואַל־קאָמיטעט פון פּ.פּ.ס., דייטשע סאָציאַליסטן און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אַז איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך אויפגעציטערט פון אויפרעגונג. אַזוי ווי איך בין אַלע מיינע יאָרן געווען דער פאַרשטייער פונם לאָדזשער בונדישן קאָמיטעט ביי דער יוגנט, האָב איך געזאָרגט, אַז דעם זעלבן אָוונט זאָל זיין אַ זיצונג פון יוגנט־קאָמיטעט. ס'איז ביי אונז קיין שום נישט ספק נעווען, אַז מיט דעם מיטינג האָט מען אין זינען געהאַט צו קריגן די יידישע יוגנט פאַר אַגיטאַטאָרן פון זייער ליסטע. ווען זיי וואָלטן געמיינט די פּוילישע און די דייטשע יוגנט, וואָלטן זיי נישט גערופן קיין מיטינג אויף שבת און דערצו נאָך אין אַ יידישן צענטער, אין פילאַרמאָניע־זאַל. האָבן מיר באַשלאָסן צו רופן אונזער יוגנט אויף דעם מיטינג. אויב אָבער מען וועט אונזער יוגנט נישט געבן קיין וואָרט, זאָל מען דעם מיטינג אָפּרייסן. אַזוי איז טאַקע געווען. אונזערע צוקונפטיסטן האָבן געבעטן אַ וואָרט. מ'האָט זיי טאַקע צוגעזאָגט, אָבער

קיין וואָרט האָט מען זיי נישט געגעבן. אַז די ערשטע צוויי רעדנער האָבן געהאַט אָפּגערעדט, האָבן אונזערע חברים אָנגעהויבן צו שרייען: „מיר וועלן זיך נישט לאָזן אָפּנאַרן. גיט אונז באַלד אַ וואָרט. אויב נישט, וועט איר נישט קענען ווייטער דאָ פירן דעם מיטינג". קיין וואָרט האָט מען טאַקע נישט געגעבן. אַזוי גיך ווי מען האָט אָנגערופן דעם דריטן רעדנער, האָט אונזער חברה געגומען זינגען די שבועה און אַנדערע לידער. דער פּאָרזיצער האָט געבעטן, עס זאָל זיין שטיל, אָבער מען האָט נישט געהערט. עס האָט זיך אָראָפּגעלאָזט דער פאָרהאַנג און מען איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

צוזאַמענגנס זענען פאָרגעקומען די וואַלן. די פאַריייניקטע אַרבעטער־ליסטע אויף דער יידישער גאַס איז אריין אין שטאָט־ראַט מיט 11 דעפּוטאַטן. אַלע אַנדערע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס האָבן באַקומען 6 מאַנדאַטן. אַזאַ ענלעכן זיג האָט באַקומען די פּ.פּ.ס. ליסטע. אַזוי אַרום האָבן די ביידע ליסטעס געהאַט אַ מערהייט אין שטאָט־ראַט.

די אויפרעגונג ביי דער פּ.פּ.ס. איז געווען זייער גרויס פאַר אונזער אָפּברעכן זייער אַ מיטינג. זיי האָבן זיך געווענדעט מיט אַן אָנקלאַגע צום צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד". דער צ. ק. האָט אונז פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן זיך אַנטשולדיקן פאַר דעם פּ.פּ.ס־ישן וואַל־קאָמיטעט. מיר האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט. האָט דער צ. ק. געשיקט צו אַ זיצונג פון קאָמיטעט דעם חבר נאָוואָגרודסקי. ער האָט געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט צו פּועלן ביי אונז זיך צו אַנטשולדיקן פאַרן וואַל־קאָמיטעט, אָבער אים האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען אַ מערהייט. מיר האָט דאָס זייער וויי געטאָן און איך האָב פּראָטעסטירט קעגן דעם.

## עלטערן און קינדער.

דער „בונד" האָט באַלד ביי זיין בראשית זיך פאַרבונדן מיט די אָרי בעטנדיקע עלעמענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. לאָדזש איז געווען די שטאָט, וואָס האָט אַריינגעזויגן אין זיך יידן פון קליינע שטעטלעך, ווייל דאָס איז געווען די שטאָט, וואָס האָט געגעבן פערספעקטיוון פאַר האַנדל, פאַבריקאַציע און אַרבעט. אויף אַזאַ אופן האָט דער גרעסטער טייל אַרבע־טער געשטאַמט פון פרומע הייזער, אַ סך פון פרומע חסידישע היימען, און זיי זענען געבליבן פאַרבונדן מיט די חסידישע בחורים פון די שטיבלעך וווּ זיי האָבן געלערנט. אַ געוויסער טייל איז נאָך געגאַנגען אין שטיבל און אַפילו נאָך מיטגעפאָרן מיטן טאַטן צום רבין, ווען זיי האָבן שוין געאַרבעט און געהערט צום „בונד". אָט די דאָזיקע בונדיסטן האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף די חסידישע בחורים, וואָס זענען נאָך געזעסן און געלערנט. מען האָט זיי באַזאָרגט מיט ליטעראַטור, אין גרעסטן טייל אַזעלכע ביכער, וואָס האָט זייער פרומקייט אַ וואַקל געטאָן. שפּעטער האָט מען זיי אָנגעהויבן באַזאָרגן מיט ליטעראַטור, וואָס האָט געהאַט אַ סאָציאַלן כאַראַקטער. בעסער גע־זאָגט — מיט סאָציאַליסטישע, וויסנשאַפטלעכע ביכער און אויך מיט אַגי־טאַציע־בראָשורן, און איינציקווייז האָט מען אַ טייל אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג.

די דאָזיקע בחורים, וואָס זענען געזעסן און געלערנט האָבן דאָס רוב געהאַט עלטערן, וואָס זענען געווען בעלי־פּרנסה. זיי האָבן געהיט זייערע זין, ווייל דער ציל — אַ רייכער שידוך, נדן און לאַנגע יאָרן קעסט האָט זיי זייער אימפּאָנירט. זיי האָבן זעלבסטפאַרשטענדלעך אויף די זין זייערע אַכטונג געגעבן. באַזונדערס האָט אויף אַ גרויסער צאָל עלטערן געווירקט דער פאַקט, וואָס אין 1904, ביי אַ מאַסן־אַרעסט פון בונדיסטן, האָט מען אויך אַרעסטירט צוויי חסידישע בחורים פון קאָצקער שטיבל.

עטלעכע בילדלעך פונם קאַמף פון די עלטערן מיט זייערע קינדער:

אין אונזער גרופּע האָט זיך געפונען אַ בחור פון גערער שטיבל. דער

טאַטע האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אויף נאַוואַמיעסקי גאַס. די על־טערן האָבן זיך עפּעס דערוווּסט, אַז דער זון זייערער שלמה־הערש גייט אָפּט אַוועק פון דער גמרא — האָט מען אים געגומען זייער שטאַרק היטן. אים איז געוואָרן ענג. קומט ער צו מיר און זאָגט: „ליבער חבר אפרים־אליעזר, עס איז מיר ענג די וועלט! איך וועל דערשטיקט אין דער אַטמאָספערע פון מיין טאַטנס הויז; די מאַמע, די שוועסטער און ברידער האָבן זיך אָנגעזעצט אויף מיר. איך וועל געפּייניקט. העלף מיר זיך באַפרייען!"...

מיר האָבן זיך צונויפגערעדט מיט עטלעכע חברים; אָוועקגעשריבן אַ בריוו קיין קאַליש, מען זאָל שאַפן פאַר אַזאַ און אַזאַ חבר אַן אָרט ווו צו וווינען און זען ער זאָל זיך אויסלערנען אַן ארבעט. און דאָס האָבן מיר טאַקע אַדורכגעפירט. אין אַ באַשטימטן טאָג האָט ער געגומען זיינע תפילין און עטלעכע שטיקלעך וועש, אַרויסגעגנבעט זיך און אַוועק קיין קאַליש. די עלטערן האָבן געוווּסט, אַז ער פלעגט אַריינקומען צו אונז אין שטוב, איז דער פאָטער געקומען צולויפן מיט אַ געשריי: „ווו איז מיין שלמה־הערש?"... איך האָב געענטפערט, אַז איך ווייס נישט. די עלטערן האָבן נישט גערוט. נאָך עטלעכע וואָכן זוכן האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז ער געפינט זיך אין קאַליש. זיי האָבן אים געבראַכט אהיים. עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָבן זיי מיט אים אַ שידוך געטאָן פון לוויוויטש. דער שווער האָט אים באַלד געמאַכט אַ בשמים־געוועלבל.

ווען איך בין מיט דריי יאָר שפּעטער געווען אין לוויוויטש, האָבן מיר אָפּגערעדט זיך צו באַגעגענען הינטערן שטאָט, ווו ער האָט פאַר מיר אויס־געגאָסן דאָס האַרץ און דערציילט פון זיין טרויעריק לעבן: אַ ווייב האָט ער מיט וועלכער ער האָט נישט פון וואָס צו רעדן. קינדלעך קען זי! איך בין דריי יאָר נאָך דער חתונה, האָב איך שוין צוויי קינדערלעך. מיין לעבן איז פון קראָם אין שטיבל, פון שטיבל אין בעט... איך בין שוין אַ פאַר־משפּטער אויף מיין גאַנץ לעבן!"...

---

אַ צווייטער חבר בערל. ער האָט אויך געהאַט פרומע עלטערן. אָבער דער פאָטער איז געווען אַ סוחר. דעם פאָטערס לעבנס־האָפענונג איז גע־ווען — היות ער האָט צוויי זין — זאָלן זיין זיין לומדים. בערל האָט גע־האַט אַן עלטערן ברודער איז ער טאַקע געווען אַ למדן. אָבער בערל האָט נישט געוואָלט לערנען, האָט אים דער טאַטע געמאַכט פאַר אַ זאָקנמאַכער. ער איז געווען מיינער אַ גאָר נאָענטער חבר. די עלטערן האָבן געוווּסט, אַז

ער קומט אַריין צו אונז אין הויז. פאַרן פאָטער איז דאָס געווען אַ יחוס, ווייל מיין פאָטער האָט געשמט אין דער חסידישער וועלט. אָבער ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן זיבן מאָנאַטן — האָט דער גאַנצער אַרום געוווּסט. און אַז איך בין באַפרייט געוואָרן — האָבן בערלס עלטערן ווי אויך זיין ברודער אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון אפרים־אליעזרן. אָבער בערל איז געקומען... אַ באַשטימטן שבת זע איך בערל קומט נישט צו מיר; גיי איך צו אים. איך קום אַריין אין שטוב, זע איך — בערל ליגט אַ צעשלאָגענער, געבונדן די הענט מיט די פיס און צוגעבונדן צום בעט... פאַרשטייט זיך, אַז מיך האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון שטוב. ער האָט טאַקע אויפגעהערט צו קומען. וואָס מיט אים איז געוואָרן, ווייס איך נישט...

---

אַ דריטער חבר יאַנקל וויערניק. דאָס איז געווען אין 1907. איך האָב זיך באַקענט מיט אַ בחור, וואָס איז געווען מיט פינף יאָר יינגער פון מיר. ער איז שוין דאַן געווען אַ זאָקנמאַכער און געשטאַמט האָט ער פון אַ חסידישער שטוב, פון בלויז שמן־זית.

דער פאָטער איז געווען אַ גערער חסיד. ער האָט געהאַט אַ געשעפט פון מאַנופאַקטור, אָבער זיין עיקר האַנדל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט געבן פעדלערס סחורה און זיי פלעגן דערמיט גיין איבער די דערפער און פאַרקויפן די פויערים סחורה אויף אויסצאָלן. דער פאָטער איז געוווּיר געוואָרן, אַז יאַנקל חברט זיך מיט די בונדיסטן און ס'האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אים אַ גיהנום. אַ באַשטימטן פּרייטיק אָוונט, יאַנקל קומט אַריין צום עסן — דער פאָטער וויל נישט קידוש מאַכן און ער שרייט: „אַזוי לאַנג ווי דער „פּושע־ישראל" וועט זיצן ביים טיש, וועל איך נישט מאַכן קיין קידוש"... דאָס האָט אויפגערעגט דעם יונגעטשקן אימפּולסיוון בחור און ער גיט אַ כאַפּ דעם טישטוך און שאַרט אַראָפּ פון טיש די לייכטער מיט די ברענענדיקע ליכט... דער טישל־לאָמפּ ווערט צעבראָכן און עס ברענט אויס אַ פייער. דאָס גאַנצע הויז לויפט זיך צוזאַמען... און חבר יאַנקל וויערניק קומט צו מיר. ער וויינט ווי אַ קליין קינד... איך באַרויק אים. ער איז שוין מער אַהיים נישט געגאַנגען און אָנגעהויבן לעבן פאַר זיך...

אין 1908 ווער איך אַרויסגערופן קיין ווילנע; זאָגט יאַנקל וויערניק: „חבר אפרים, דו ביסט דער נאָענטסטער מענטש, וואָס איך האָב אויף דער וועלט. איך וויל פאָרן מיט דיר"... און אַזוי איז טאַקע געווען. ער האָט

זיך דאָרט פאַרליבט אין אַ מיידל, אַ בונדיסטקע, אויך אַ זאָקנמאַכערין — אסתר שליפער. זי האָט געהאַט אַ ברודער זייער אַן אַקטיוון טוער אין „בונד", ראובן שליפער. ער געפינט זיך איצט אין אַמעריקע. איך בין פון ווילנע צוריקגעפאָרן קיין לאָדזש און ער איז דאָרט געבליבן. יאַנקל וויער־ניק האָט אַקטיוו געאַרבעט אין „בונד", געווען אַ דעלעגאַט פון ווילנע אויף דער אַכטער בונדישער קאָנפערענץ.

שפּעטער זענען די עלטערן ווייכער געוואָרן, געבעטן ער זאָל צוריק־קומען אַהיים, און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. געקומען שוין מיטן ווייב... דער פאָטער האָט אים שפּעטער געמאַכט פאַר אַ מאַנופאַקטור־סוחר; אָבער ער און די פרוי און זיינע קינדער — צוויי טעכטער מיט אַ זון — האָבן אַלע געהערט צום „בונד". די עלטסטע טאָכטער העניע האָט חתונה גע־האַט מיט דעם יוגנט־טוער פון ווילנע, מיטגליד פון צ. ק. פון יוגנט־בונד „צוקונפט", קלמן וואַפּנער. די גאַנצע משפחה האָבן די דייטשן דערמאָר־דעט אויסער דעם זון, וועלכער איז אומגעקומען אויף די וועגן פון „סאָ־וויעטן־פאַרבאַנד".

אַזוי האָט אויסגעזען אין יענער צייט דער קאַמף צווישן עלטערן און קינדער.

# מיר האָבן נישט גערעדט, אַז מען דאַרף זען דעם יחיד, נאָר טאַקע אים געזען.

זיבן און דרייסיק יאָר בין איך געווען טעטיק אין „בונד" אין פּוילן און דורך דעם „בונד" האָט זיך מיין טעטיקייט אויסגעשפּרייט אויף פֿאַרשידענע געביטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. איך בין געווען אַ ריי יאָרן טעטיק אין דער לאָדזשער קהילה־פֿאַרוואַלטונג ווי אַ פּרנס. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך באַטייליקט אין אַלע ענינים, וואָס זענען געשטאַנען פֿאַר דער פֿאַרוואַלטונג. די עיקר־אויפֿגאַבע מיינע איז געווען — איך זאָל קענען און זיך באַקענען מיט די טויזנטער יחידים, וואָס האָבן באַדאַרפֿט אָנקומען צו דער קהילה. וועגן מיין אַרבעט אין דער קהילה וועט איר געפֿינען אין אַ צווייטן אָרט; דאָ וועל איך נאָר ברענגען עטלעכע ביישפּילן, ווי איך האָב געזען דעם יחיד, נישט קוקנדיק, וואָס מיינע געדאַנקען און ענערגיע האָב איך אָוועקגעגעבן דעם כּלל. און עס איז דאָך אַזוי פֿאַרשטענדלעך — מיט דער באַפֿרייאונג און אויסלייזונג פֿונם כּלל, ווערט שוין במילא דער יחיד אויסגעלייזט. אָבער ביז יענער אַלגעמיינער אויסלייזונג האָבן מיר די יחידים געזען.

עס איז דאָס יאָר 1920. „בונד" האָט געהאַט זיין לאָקאַל אויף פּאָלודניאָווע 20. דאָרט האָט זיך אויך געפֿונען אַ בוכהאַנדלונג, וואָס איז געשטאַנען אונטערן אויפֿזיכט פֿון „בונד" — פֿלעגן חברים און נישט־חברים דאָרט אַריינקומען. איין מאָל, איך שטיי אַזוי אין בוכהאַנדלונג, קומט צו מיר צו אַ יונגער בחור פֿון אַ יאָר צוואַנציק. אויסגעזען האָט ער ווי ער וואָלט אַרויס פֿון ישיבה. ער זאָגט מיר: „איך וויל געהערן צום „בונד"!"... איך פֿרעג דעם בחור ווי ער הייסט. זאָגט ער מיר — רובינעק. דאַן פֿרעג איך אים וואָס ער טוט. ענטפֿערט ער, אַז ער אַרבעט ווי אַ טאַמבאָרירער ביי אַ פֿעטער. איך האָב גלייך באַקענט מיט אונזערן אַ יוגנט־טוער. ער איז געוואָרן זייער אַקטיוו אין יוגנט־בונד „צוקונפֿט". עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער בחור איז געוואָרן אַ מיטגליד פֿון קאָמיטעט, אָנגעפֿירט

מיט קרייזן. ער האָט אָבער געהאַט אַ ביטערן מזל: זיין טאַטע איז געשטאָרבן, ווען ער איז געווען אַ יונג קינד. ער האָט געהאַט אַ ברודער מיט אַ שוועסטער זענען זיי ביידע געווען לונגען־קראַנקע. זיי האָבן נישט געקענט אַרבעטן, האָבן זיי געלעבט פון זיין אַרבעט און פון דעם, וואָס די משפּחה האָט געגעבן. אין שטוב ביי זיי איז אומעט און דלות. שטענדיק איז די מאַמע זייערע געווען פאַרצוקט און פאַרזאָרגט; אָבער אויך אים, אויף רובינעק, ווען ער איז געווען אין דער באַוועגונג, האָט מען קיינמאָל גאָרנישט דערקענט, — פול מיט לעבנס־לוסט, אַ שטענדיק לאַכנדיקער. אויגן האָט ער פאַרמאָגט, וואָס האָבן דערציילט פון זיין חכמה. אָבער עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אויך ער איז קראַנק געוואָרן אויף די לונגען.

דאָ האָט מען באַדאַרפט זען ווי די יוגנט האָט אים געהיט און אויף אים אויפגעפּאַסט. אויך איך פלעג ביי אים זיצן לאַנגע שעהן. אָבער דער עיקר: מיר האָבן פאַר אים געזאַמלט טויזנט זלאָטעס. אים געשיקט עטלעכע מאָל אין אָטוואָצק. לײדער האָבן מיר אים נישט געקענט ראַטעווען.

אין 1928 בין איך אַוועקגעפאָרן אויף מיין אורלויב. איך געזעגן זיך מיט אים. אָבער ווען ער דריקט מיין האַנט, שטעלן זיך אים טרערן אין די אויגן און ער שעפּטשעט אַרויס זייער שטיל: „פאָרט געזונט און קומט געזונט"... אויפן פינפטן טאָג פון מיין וואַקאַציע קריג איך פון אים אַ קורץ בריוועלע: „ליבער אפרים, איך קעמף מיטן מלאך־המות! איך קען נישט און וויל נישט שטאַרבן, אַז איר זאָלט נישט שטיין ביי מיין בעט, ווען איך הויך אויס מיין נשמה"...

צוויי טעג שפּעטער נאָך מיין קומען — איז ער געשטאָרבן, און איך בין טאַקע געשטאַנען דערביי... פּונקט ווי צום חבר ליכטענשטיינס קבר זענען יאָר־איין און יאָר־אויס געגאַנגען הונדערטער אַרבעטער, אַזוי זענען הונדערטער יוגנטלעכע געגאַנגען צו רובינעקס קבר.

---

... איך זיץ אַ באַשטימטן טאָג אינם טעקסטיל־פאַריין, קומען אַרויף צוויי פרויען און ווענדן זיך צו מיר מיט אַ געשריי: „וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַ יושר? ווי לאַנג אַ חבר טוט פאַר אייער באַוועגונג און אַרבעט — איז גוט, אָבער ווען ער ווערט קראַנק, גייט אייך גאָרנישט אָן"? איך פרעג ביי די צוויי פרויען ווער איז דער חבר און וואָס איז מיט אים? — „איר קענט גוט דעם חבר. דאָס איז משה סטאַשעווסקי. ער איז אַריינגעפאַלן אין משוגעת, ער וויל אַרויסלויפן אין גאַס, האָבן די עלטערן פאַרשלאָסן די

טיר. שלאָגט ער די עלטערן. איר ריזט זען עפּעס טאָן. די פאַמיליע וועט אונטערגיין"...

איך האָב בטבע מורא פאַר אַ משוגענעם. אָבער דאָ האָב איך גאָר־נישט געטראַכט און איך לויף גלייך צו אים. די טיר איז פאַרשלאָסן. די מוטער פרעגט: „ווער קלאַפּט?" איך ענטפער: „דער חבר אפרים־אליעזר!"... די מוטער האָט אין ערשטן אויגנבליק נישט דערהערט דעם נאָמען. אָבער משה שרייט שוין צו דער מוטער: „דעם חבר אפרים־אליעזר ווילסטו שוין אויך נישט אַריינלאָזן?"...

מען עפנט די טיר און פאַר מיינע אויגן שטעלט זיך פאַר אַ שרעקלעך בילד: ער, משה סטאַשעווסקי, גייט באָרוועס, בלויז אין די הויזן, די אויגן ברענען מיט אַ העליש פייער. איך האָב נאָך קיינמאָל אַזעלכע ברענענדיקע אויגן נישט געזען. די האָר פונם קאָפּ צעשויבערט און אויפגעשטעלט.. ער גיט מיר די האַנט. טאַטע־מאַמע איינגעקאַרטשעט און דערשראָקן. איך פרעג, וואָס דאָ קומט פאָר, — דערציילט די מאַמע מיט אַ פאַרשטיקטן קול: „ער וויל נישט עסן, נישט טרינקען, ער וויל אַרויס אין גאַס נאַקעט און באָר־וועס. מיר לאָזן נישט, וויל ער אַראָפּשפּרינגען פון פענצטער פון דריטן שטאָק"...

דאָס זאָגט משה צו מיר: „איך וויל נישט עסן, ווייל זיי גיבן מיר פאַר־שטונקען עסן! זיי ווילן מיך קראַנק מאַכן! וויל איך אַנטלויפן פון זיי!"...

זאָג איך צו אים: „הער, משה! איך וויל זען, וואָס פאַר אַן עסן זיי גיבן דיר"... און זאָג צו דער מאַמען: „מאַכט פאַר אים פרישטיק: ברויט מיט פּוטער, פּרעגלט אים אויס אַן איי, אויב איר האָט, מיט אַ גלאָז קאַווע"...

עס האָט גענומען עטלעכע מינוט צייט און דאָס עסן איז שוין גע־שטאַנען אויפן טיש, און משה האָט אַלץ אויפגעגעסן.

„נו — זאָג איך — זעסט, וואָס פאַר אַ עסן די מאַמע גיט דיר!"... ענטפערט ער מיר: „ווייל איר, חבר אפרים, זענט דאָ שעמען זיי זיך פאַר אייך"... ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעגעסן, זאָג איך צו אים: „ליג זיך אין בעט אַריין! דו ביסט עפּעס נישט געזונט. נישט איך ווייס און נישט דו ווייסט. וועל איך צופאָרן צו ד"ר מאַרגאָליס און אים ברענגען!"

אַזוי איז געשען. ד"ר מאַרגאָליס איז ביי אים געווען צוויי אַזייגער ביי־טאָג, און אים אונטערזוכט, פאַרשריבן אַ מעדיצין און אים געהייסן ליגן אין בעט, און זעקס וואָכן וועט ער זיין מיט נאָך אַ דאָקטאָר ביי אים.

איך האָב געוואַרט ביז ער האָט נאָך עפּעס געגעסן און אים אָנגע־זאָגט, אַז ער זאָל זיך נישט קריגן מיט די עלטערן: „דו ווייסט ווי גוט זיי

זענען צו דיר און דיין שוועסטער. איך וועל אויך זעקס אזייגער זיין ביי דיר״... אזוי איז טאַקע געשען. זעקס אזייגער בין איך געקומען מיט ד״ר מאַרגאַליס און ד״ר פרענקעל, דער גרעסטער נערוון־ספעציאַליסט אין לאָדזש. זיי האָבן אים פאַרשריבן רעצעפּטן. אָנגעזאָגט ער זאָל זיך האַלטן רואיק און זיי וועלן אים שוין זאָגן, ווען ער קען ארויס אין גאַס. איך בין ביי אים געווען יעדן טאָג. אַלץ, וואָס איך האָב אים געזאָגט האָט ער אויסגעפאָלגט. ווען די דאָקטוירים האָבן באַמערקט, אַז ער איז רואיק און ער ענטפערט על פי רוב צו דער זאַך — האָט ד״ר מאַרגאַליס מיר געזאָגט: „אזוי ווי די עלטערן זענען אויסגעמאַטערט און אזוי ווי איך בין דער אַנפירער פונם שטאָטישן שפיטאָל און דער קראַנקער האָט אַלסערס אין מאָגן — וועט ער ליגן אין מיין זאָל פאַר מאָגן־קראַנקע״... דאָס איז געווען גוט פאַרן קראַנקן אויך, ווייל ער האָט געוווסט, אַז ער ליידט אויפן מאָגן...

משה איז אָפּגעלעגן אין שפיטאָל עטלעכע וואָכן. נישט געווען קיין איין טאָג איך זאָל ביי אים נישט זיין. אָבער פונקט דעמאָלט, ווען די דאָקטוירים האָבן געמיינט, אַז ער געפינט זיך שוין אין אַזאַ גוטן צושטאַנד, אַז מ׳וועט אים קענען שיקן אַהיים — האָט ער אין אַ געווייסן אָוונט פּלוצלונג אָנגעהויבן ארויסווייזן סימנים פון משוגעת. מען האָט אים אַהיים געשיקט אַ קראַנקן. אָבער נאָך עטלעכע טעג אין דער היים איז ער געזונט געוואָרן, געאַרבעט, געווען טעטיק אין „בונד״, ביז די היטלערישע רוצחים האָבן אומגעבראַכט אים מיט זיין גאַנצער משפּחה.

---

1939. עס איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן אונזערער אַ ליבער חבר שמואל בינשטאָק, אַ מיטגליד פון לאַנגע יאָרן אין לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד״, אַ מיטגליד פון פאַרטיי־ראַט. עס האָט געדויערט וואָכן ביז די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט אַ געוויקס אויף די געהירן און ער מוז האָבן אַן אָפּעראַציע. ער האָט אָבער מורא געהאַט פאַר די לאָדזשער כירורגן און מיר, די חברים, האָבן באַשלאָסן, אַז ער דאַרף פאָרן אין שוועדן. מיר האָבן געזאַמלט הונדערטער זלאָטעס. דער צ. ק. פון „בונד״ איז אויך געקומען צו הילף. ער איז אַוועקגעפאָרן און האָט דאָרט נישט געקענט אַדורכגיין די אָפּעראַציע. האָבן די דאָקטוירים אַלץ צוריק פאַרמאַכט און אים האָט מען געזאָגט, אַז די אָפּעראַציע איז געמאַכט געוואָרן און אַז ער וועט זיין געזונט. ווען ער איז צוריק געקומען קיין לאָדזש האָט ער יעדן געזאָגט, אַז ער פילט זיך בעסער. אָבר לאַנג האָט נישט געדויערט און ער האָט ווידער באַקומען ווייטאָקן, אַוועק אין שפיטאָל און חברים האָבן

געוואַקסט איבער זיין בעט. אויך ביי אים האָב איך גישט פאַרפעלט צו זיין יעדן טאָג. אָבער אים איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. דעם 8־טן סעפּ־טעמבער 1939, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש — האָט ער אויס־געהויכט זיין נשמה. ביי זיין לוויה זענען געווען אַ צוויי צענדליק חברים. די נאָענטסטע זענען שוין געהאַט אַנטלאָפן פון לאָדזש. זיין ליבע פרוי און הארציק ייננעלע, וואָס האָט געלערנט אין דער „מעדעם־שול" האָבן די דייטשע מערדער אומגעבראַכט.

# די שול- און קולטור-באַוועגונג אין לאָדזש.

אין 1915 אָדער 1916 האָט זיך אין לאָדזש געגרינדעט „דער שול- און פאָלקסבילדונגס־פאַריין". דער פאַריין איז געווען אַן אומפּאַרטייאישער, און האָט געשטרעבט צו גרופּירן ארום זיך אַלע ארבעטער און די עלעמענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס זענען געשטאַנען נאָנעט צו זיי. אונ־זער ציל איז געווען צו בילדן אַ נעץ וועלטלעכע שולן און קינדער־היימען.

די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז געווען זייער גוט באַזוכט. געקומען זע־נען מיטגלידער פון „בונד", פּועלי־ציון און זייערע סימפּאַטיקער. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט לייזער לעווין, אַ פּועלי־ציוניסט, אין זיין רעדע זיך אויסגעדריקט, אַז ווען ער איז געקומען אַהער, האָט ער אין קאָרידאָר אויס־געטאָן די פּאַרטייאישע קאַלאָשן. איך ווייס נישט, ווי אויף אַנדערע, נאָר אויף מיר האָט דאָס געמאַכט אַ קאָמישן איינדרוק. וואָס הייסט דאָס איבער־לאָזן אין קאָרידאָר די קאַלאָשן? אַז איך האָב באַקומען דאָס וואָרט, האָב איך אויף לייזער לעווינס פראַזע געלאָזט פאַלן עטלעכע ווערטער. איך האָב אים געזאָגט: „חבר לעווין, איך קען אייך און איר קענט מיך. מיר זענען ביידע איבערגעגעבענע פּאַרטיי־מיטגלידער. איך קען אָבער מיין פּאַרטיי נישט פאַרוואַנדלען אין קאַלאָשן. און אַז ווען איך וויל נאָר, קען איך די קאַלאָשן לאָזן אין דרויסן. מיין פּאַרטיי איז מיר אריינגעוואַקסן, די פּאַר־טייאישע אידעאָלאָגיע קען איך אין ערגעץ נישט איבערלאָזן, זי גייט מיט מיר מיט. מיין פּאַרטיי באַמיט זיך צו געבן אויף אַלע פראַגן אַן ענטפער, גע־מאָסטן מיט דער פּאַרטייאישער מאָס. און די פּאַרטיי־מאָס מיינט, וואָס איז גוט אָדער שלעכט פאַר די אינטערעסן פון די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן. אויך די שול־פראַגע מעסטן מיר מיט דער זעלבער מאָס. ווען מיר ווילן בויען יידישע שולן, דאַרפן דאָס זיין שולן, וווּ די לימודים־שפּראַך זאָל זיין יידיש; ווען מיר זאָגן וועלטלעכקייט, מיינען מיר, אַז עס דאַרפן אין די שולן נישט זיין קיין רעליגיעזע לימודים".

לאָדזש איז געווען זייער אָרעם און גלייכצייטיק אויך זייער רייך. דעם

קאָנטראַסט האָט מען געקענט אָנטאַפּן ממש מיט די הענט. פון איין זייט, אַ רייכער פּאַלאַץ, ווי פּאָזנאַנסקיס, למשל, און פון דער צווייטער זייט, אַן אָרעמע כאַטע אין באַלוט, ווו 10 נפשות האָבן געלעבט אין איין צימער. דווקא אָט דער אָרעמער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געבויט די יידישע וועלטלעכע שולן.

דער לאָדזשער אַרבעטער איז געווען מזלדיקער, ווי דער אַרבעטער אין אַנדערע פּוילישע שטעט. מיר האָבן דערגרייכט אין לאָדזשער שטאָט־ראַט אַ מערהייט. די פּ.פּ.ס., דער „בונד" און די דייטשע סאָציאַליסטן האָבן אין שטאָט־ראַט געאַרבעט צוזאַמען. מיר פלעגן איינטענהן מיט דער פּ.פּ.ס., אַז זי מוז זאָרגן גוט צו מאַכן די עוולות, וואָס די יידן האָבן געליטן און ליידן נאָך אויך איצט צוליב דער אַנטיסעמיטישער שטעלונג פון די רעכטע פּאַר־טייען. די פּ.פּ.ס.־אָנוצעס זענען געווען מסכים מיט אונז, זיי זענען אָבער נישט געווען דרייסט גענוג צו מאַכן געוואַגטע שריט. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר די רעכטע פּאַרטייען, פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך פּאָרט באַמיט עפּעס וואָס צו טאָן. זיי האָבן געשטיצט די יידישע שולן מיט גרעסערע סובסי־דיעס. מען האָט געעפנט אַ קינדערהיים, וואָס איז געשטיצט געוואָרן אינ־גאַנצן פון דעם מאַגיסטראַט. מען האָט אָנגעשטעלט לערערס און לערערינס, וועמען מיר האָבן רעקאָמענדירט. מיר האָבן געוואָלט עפענען אַ קולטור־אינסטיטוציע אין באַלוט, האָבן מיר דאַרט קיין פּאַסיקע וווינונג נישט גע־קענט געפינען. אין באַלוט, אויף בזשעזשינער 23, האָט זיך גראָד פאַר־מאַכט אַ מקווה, האָבן מיר באַשלאָסן איבערצובויען די מקווה פאַר אַ קול־טור־אינסטיטוציע פאַר די באַלוטער איינוווינער. דאָס איבערבויען האָט גע־קאָסט אַ סך געלט. דעם גרעסטן טייל פון די קאָסטן האָט געדעקט דער לאָדזשער מאַגיסטראַט. צו דער עפענונג פון דעם נייעם קולטור־צענטער זע־נען געקומען באַגריסן פאָרטרעטער פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס. אויך דער מאַגיסטראַט האָט געשיקט זיינעם אַ פאָרטרעטער. יעדער איינער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק צו דאַנקען דעם מאַגיסטראַט פאַר זיין שטיצע. אין נאָמען פון קאָמיטעט פון „בונד" האָב איך באַגריסט דעם קולטור־צענטער. אין מיין באַגריסונג האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל נישט דאַנקען דעם מאַ־גיסטראַט דערפאַר, וואָס ער שטיצט אַ קולטור־אינסטיטוציע פאַר דער אָרע־מער באַפעלקערונג. איך ווי אַ סאָציאַליסט בין טיף איבערצייגט, אַז ס'איז אַ חוב פון די רעגירונגען און די שטאָטישע פאַרוואַלטונגען אויסצוהאַלטן די גאַנצע שול־ און קולטור־אַרבעט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אויף זייער מוטער־שפּראַך, אויב נאָר די מינדערהייטן פאַרלאַנגען דאָס. אויב אַ

רעגירונג אָדער אַ שטאָט־פאַרוואַלטונג טוט דאָס נישט, באַטראַכט איך דאָס פאַר אַ גרויסער עוולה, און סאָציאַליסטן מוזן דערפאַר זאָרגן, אַז אַזעלכע עוולות זאָלן נישט געשען.

די שול־ און קולטור־אַרבעט איז געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה, הגם קיין סך שולן האָבן מיר נישט געהאַט, בלויז צוויי שולן צו זיבן קלאַסן און צוויי קינדערגערטנער. לערער האָבן מיר געהאַט אויסגעצייכנטע. ס'איז געגאַנגען אָנצורופן בלויז עטלעכע נעמען: די לערער בירנבוים און גרונדמאַן, די לערערין האָלצמאַן. גרונדמאַן האָט טאַקע געענדיקט אונזערע אַ שול און שפּעטער איז ער געוואָרן אַ גוטער און האַרציקער לערער. פון אונזערע איי־בערגעגעבענע שול־טוער וויל איך דערמאָנען פּאָזנאַנסקין און ליכטענשטיי־נען, ווי אויך די אַרבעטער, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער גאַנצע פרייע צייט פאַר אונזערע שולן, די חברים לאַסקער, משה ווינער, יעקב גאָלדמאַן, מרדכי־דוד גאָלדשטיין, אַנגילטשיק און צענדליקער אַנדערע.

צום 10־יאָריקן יובל פון דער מעדעם־שול האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ גרויסן קאָנצערט־מיטינג אין דעם גרעסטן זאַל פון שטאָט, אין דער פילהאַרמאָניע. די צענטראַלע שול־פאַרוואַלטונג האָט געשיקט צום יום־טוב איר אַ פאַרטרעטער, דעם ח' יעקב פּאַט, וועלכער האָט זיך אָנגעזאָפּט מיט אַ ים באַגייסטערונג פון אונזער אָרטיקער שול־באַוועגונג.

נאָך איין זאַך דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז די יידישע וועלטלעכע שול האָט פאַר די תלמידים געעפנט אַ פענצטער צו דער וועלט. די קינדער פון שול זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד. ווען זיי האָבן געענדיקט די שול, האָט די „צוקונפט" געקענט אַריינקריגן אַ גרופּע יוגנטלעכע סאָציאַליסטן. דאָס האָט געשטאַרקט די „צוקונפט". און די „צוקונפט" איז געווען אַ פירהויז צום „בונד". ווען ח' יעקב פּאַט האָט באַקומען דאָס וואָרט, האָט פון זיין באַגריסונג אַרויסגעשטראַמט די באַגייסטערונג, וואָס ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט. זיין רעדע איז געווען אַ מייסטערהאַפטע, וואָס האָט נישט בלויז אויפגעשטורעמט די 2,000־קעפּיקע מאַסע, נאָר ער האָט אונז, די אַקטיווע טוער, צוגעגעבן מוט און האָפענונג פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט.



דאָס פּרעזידיום אויף דער פייערונג פון 15־יאָריקן יובל פון דער לאָדזשער מעדעם־שול און פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע (ציש"אָ); — ערשטע רייע, זיצנדיק, פון רעכטס צו לינקס: לאַסקער, ראָזע אייכנער, חוה עלקין, מ. עסעלמאַן, ח. ל. פּאָזנאַנסקי, ש. מילמאַן, גרונדמאַן, באָרנשטיין, י. פּאַט, ליזע האַלצמאַן; צווייטע רייע, שטייענדיק: משה ווינער, יעקב האָלצמאַן, א. ל. זעלמאַנאָוויטש און בירנבוים.

פון די אויסגערעכנטע זענען צווישן די לעבעדיקע: יעקב פּאַט, ש. מילמאַן, א. ל. זעלמאַנאָוויטש, אַלע אין ניו־יאָרק; די אַנדערע זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע רוצחים (חוץ י. ליכטענשטיין, וואָס איז געשטאָרבן אין 1939, אין לאָדזש, און מ. עסעלמאַן, וואָס איז געשטאָרבן אין ארץ־ישראל).

# טאַטע און זון טרעפֿן זיך אויף איין טריבונע.

אין דער פּראָלעטאַרישער שטאָט לאָדזש האָט געווירקט, געאַרבעט און געקעמפֿט די אָרגאַניזאַציע פֿון יוגנט־בונד „צוקונפֿט". „צוקונפֿט" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1919 און פֿון אַ קליינער גרופּע יידישער אַרבעטער־יוגנט איז זי אויסגעוואַקסן צו אַ מעכטיקער מאַסן־באַוועגונג, אַריינגעצויגן אין אירע רייען גרויסע טיילן פֿון די אַרבעטנדיקע יונגע מיידלעך און ייִנגלעך פֿון די וואַרשטאַטן און פֿאַבריקן פֿון לאָדזש.

די מיטגלידער פֿון דער „צוקונפֿט" האָבן אין זייער אָרגאַניזאַציע נישט בלויז געזען דעם אינסטרומענט פֿון קאַמף פֿאַר זייערע טאָג־טעגלעכע אינטערעסן, פֿאַר פֿאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען און פֿאַר קעמפֿן פֿאַר אַ נייער וועלט פֿון סאָציאַלער אויסלייזונג. זיי האָבן גלייכצייטיק געפֿונען אין דער אָרגאַניזאַציע זייער צווייטע היים. דער קרייז־פֿירער, דער רעפֿערענט, דער חבר פֿון קאָמיטעט איז געווען אַ לערער, אַ דערציער און אַן עלטערער ברודער. די יוגנטלעכע האָבן אין זיי געזען איבערגעגעבענע חברים, וואָס זאָרגן זיך וועגן זייער היינט און וועגן זייער מאָרגן.

די לאָקאַלן פֿון דער „צוקונפֿט"־אָרגאַניזאַציע האָבן זיך געפֿונען אין ענגע, קליינע צימערלעך, אין נישט קיין גוטע וווין־באַדינגונגען, און דאָך האָט אין זיי שטענדיק געקאָכט ווי אין אַ בינשטאָק. יעדן אָוונט פֿלעגט דער לאָקאַל זיין געפּאַקט איבער די ברעגעס און די, וועלכע פֿלעגן נישט קענען אַריינקומען פֿלעגן גרופּנווייז שטיין אין דרויסן, שמועסן, ערנסט דיסקוטירן און עס פֿלעגט זיך אויך פֿונאַנדערטראָגן הילכיק געלעכטער און געזאַנג. אַזוי האָבן געזונגען יונגע מענטשן, וואָס האָבן אין האַרצן געטראָגן אין זיך אַ גרויסן גלויבן.

דער יוגנט־בונד „צוקונפֿט", די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פֿון דער בונדישער באַוועגונג, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גרויסע עפֿנטלעכע אונטערנעמונגען. יעדער אַזאַ צוזאַמענטרעף, מיטינג, אַקאַדעמיע, צי אַ פֿאַרזאַמלונג איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתן יום־טוב. צו אַזעלכע עפֿנטלעכע

אונטערנעמונגען פלעגן קומען נישט בלויז מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, נאָר גרויסע טיילן פון דער יידישער יוגנט־אָרעמקייט פון לאָדזש. דאָרטן פלעגן זיי באַגייסטערט ווערן מיט דער פאַרגאַנגענהייט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, צוגעבונדן ווערן צו דער קעגנוואַרט פון דעם יידישן מאַסן־לעבן און באַהויכט ווערן מיט דער וויזיע פון אַ שענערן און בעסערן מאָרגן פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַר דעם יידישן אַרבעטער־פאָלק.

העכער 90 פּראָצענט פון דער מיטגלידערשאַפט פון דער „צוקונפט" אין לאָדזש זענען געווען אַרבעטער. דער איבעריקער טייל, שילער פון מיטלשולן. דער דאָזיקער פּראָלעטאַרישער באַשטאַנד פון דער אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעלייגט איר שטעמפּל אויף דער אידעאָלאָגיע פון דער דאָזיקער באַוועגונג. אפשר אויך צוליב די ביטערע באַדינגונגען אין וועלכע ס'האָבן געלעבט די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן אין דער דומפּיקער און הוניקער לאָדזש איז די יוגנט אָרגאַניזירט אין דער „צוקונפט" געווען מיליטאַנטיש, רעוואָלוציאָנער, געשטרעבט וואָס שנעלער איבערצואַנדערשן די שווערע באַדינגונגען פון זייער לעבן.

ווי אַ טייל פון דער בונדישער באַוועגונג אין פּוילן איז די „צוקונפט" אין לאָדזש אין די אַלע יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות געווען מיט אַלע פעדים פאַרבונדן מיט דער פּאַרטיי, געווען געטריי אירע גרונט־פּרינציפּן, אָבער אויך די גאַנצע צייט פולשטענדיק זיך אידענטיפיצירט מיט דער לינקער ריכטונג אין דער בונדישער באַוועגונג. און דאָס איז געקומען צום אויסדרוק נישט בלויז אין צייטן פון אידעאָלאָגישע שטרייטן און דיסקוסיעס, נאָר דאָס האָט זיך באַמערקט אין דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און ספּעציעל אין טעג פון עפנטלעכע מיטינגען, פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען און ערשטער־מאַי דעמאָנסטראַציעס.

די „צוקונפט" אין לאָדזש האָט אין איר אָנפירערשאַפט געהאַט שיינע און אינטערעסאַנטע געשטאַלטן. מענטשן, וועלכע זענען אַרויסגעוואַקסן פון דער יוגנט גופא, און דערוואָרבן זיך אַ נאָמען אין דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג. איך וויל בלויז אויסרעכענען ווי אַביישפּיל פיר טוער פון יוגנט־בונד „צוקונפט" אין לאָדזש. דער ערשטער — לייבל אָלשאַנעצקי. געקומען איז ער צו דער פּראָלעטאַרישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון דער שולבאַנק. אַלס אַ יונג יינגל נאָך, אָנגעטאָן אין זיין סטודענטישן היטל, האָט ער זיך מיט ברען און מיט איבערגעגעבנקייט אַריינגעוואָרפן אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער און פּאָליטישער אַרבעט. באַלד איז ער באַליבט געוואָרן צווישן דער אַרבעטער־יוגנט. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ גוטער חבר און

איבערגעגעבענער פֿרײַנד צו יעדן אײנעם, שטענדיק גרייט אַרויסצוהעלפֿן דעם צווייטן, ווען יענער האָט זיך געפֿונען אין אַ עת־צרה. לײבל איז געווען אַ זעלטענער רעדנער. זײַנע אַרויסטרעטונגען האָבן נישט נאָר באַגײַסטערט, נאָר פֿאַרשאַפֿט אַן אמתן נחת די צוהערער. צו זײַנע פֿאָרלעזונגען זענען חוץ דער יוגנט אויך געקומען די מאַמעס און טאַטעס און מיט טרערן אין די אויגן, טרערן פֿון פֿרייד, זיך צוגעהערט צו די שײנע בילדער, וועלכע לײבל האָט געמאָלט, רעדנדיק וועגן דער וועלט פֿון סאָציאַליזם, וואָס וועט ברענגען גליק און פֿרײַהייט צו אַלע לײַדנדיקע מענטשן. לײבל אַלשאַנעצקי איז געשטאָרבן אין פּוילן אין צייט פֿון זײַן באַרג־אַרויף. אַלס יונגן מענטש האָט אים דער טויט אַרויסגעריסן פֿון די רייען פֿון דער סאָציאַליסטישער יוגנט.

דער צווייטער איז סערגיי נוטקעוויטש. סערגיי, דער באַגײַסטערנדיקער מאַסן־רעדנער, דער גלענצנדיקער שרײַבער, האָט פֿאַרנומען די העכסטע אַמטן אין דער „צוקונפֿט"־אָרגאַניזאַציע פֿון לאָדזש. זײַנע רעדעס זענען שטענדיק געווען דורכגעפֿלאָכטן מיט שײנער פּראָזע, מיט אויסצוגן פֿון די יידישע קלאַסיקער, ווי אויך מיט שטיקער פּאָעזיע פֿון באַרימטע פּוילישע פּאָעטן. די יידישע אַרבעטער־יוגנט פֿון לאָדזש, וואָס האָט געלעכצט נאָך קולטור, האָט אין סערגייען געזען נישט נאָר זייער פֿירער, נאָר זייער לערער און דערציִער. און אַלע האָבן אים געאַכטעט און ליב געהאַט. סערגיי נוטקעוויטש האָט אין די לעצטע יאָרן פֿאַר דעם חורבן פֿאַרנומען אויך אַ הויכע פּאָזיציע אין דער בונדישער פּאַרטיי. ער איז געווען אײנער פֿון די אָנגעזעענסטע און באַליבטסטע טוער פֿון „בונד" אין לאָדזש.

דער דריטער איז שלמה פּאָוו. שלמה איז געווען דאָס געוויסן פֿון דער „צוקונפֿט"־אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש. ער, דער שטילער און תמיד פֿאַרטראַכטער, האָט שטענדיק אויף זײַן געזיכט געהאַט אַ ליבלעכן שמייכל. געקומען איז ער אין דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג פֿון אַ יידישער אַרבעטער־שטוב, פֿון אַ וועבער־שטוב. אַ טאַטע פֿון שווערער האָרעוואַניע, אַ מאַמע, פֿון שטענדיקער זאָרג פֿאַר פּרנסה און חיונה, אָבער בײדע זענען באַקאַנט געווען צווישן דער יידישער אָרעמקייט פֿון באַלוט ווי אײדעלע און צאַרטע נשמות. זייער שטוב איז באַשטאַנען פֿון אַ קלײן צימערל מיט זייער ווייניק מעבל, אָבער אין יעדן ווינקעלע האָט אַרויסגעשײַנט רייניקייט, זויבערקייט. די דאָזיקע כאַראַקטער־שטריכן פֿון זײַנע עלטערן און פֿון זײַן שטוב האָבן אַראָפּגעשײַנט פֿון זײַן פּערזענלעכקייט.

אים האָט מען באַטראַכט ווי דעם צאַרטן, ליב חבר און פֿרײַנד. זײַנע

מלבושים זענען זיכער שטענדיק געווען אפגעטראגענע, אבער קיינער האט זיך מיט אים נישט געקענט פארגלייכן אין דעם גלייכן קנייטש אין די הויזן און אין דער אויסגעפרעסטער מארינארקע, אין דעם קלאר־ווייסן העמד און אין די שטענדיק גלייך פארקעמטע האר. פונקט אזוי ריין ווי ער איז געווען פון דרויסן אין זיין הולך, אזוי איז ער געווען ריין אין זיין נשמה. ביי אים האט סאציאליזם באדייט נישט בלויז שטרעבן צו א נייער וועלט פון עקאנאמישער זיכערקייט, ביי אים האט עס באדייט א נייע מאראל, א העכערע עטיק, עפעס ווי א נייע רעליגיע. און ער האט עס מיט אלע זיינע כוחות געוואלט, אז די סאציאליסטישע מאראל זאל אריינדרינגען אין דעם פארחושכטן לעבן פון דער יידישער ארבעטער־יוגנט. און אויב די „צוקונפט" אין לאדזש האט ווי איינע פון אירע כאראקטעריסטישע שטריכן געהאט די פאמיליארישקייט, די משפחהדיקייט, איז דאס געווען צו פארדאנקען אין א גרויסער מאס דער פערזענלעכקייט פון שלמה פאוו. אין די אוונטן, ווען עס האט געזשומעט ווי אין א בינשטאק אין די לאקאלן פון דער „צוקונפט", פלעגט זיך שלמה ארומדרייען, צוגיין צו יעדער גרופע, ארויפלייגן זיין האנט אויף דעם אדער אויף יענעמס פלייצע און אויפקלערן געוויסע פראגעס, וועלכע האבן א שייכות צום קאמף, וועלכן אונזער באוועגונג האט געפירט.

ער האט גערעדט שטיל, מיט ווייניק היץ, אבער מיט א סך לאגיק און איבערצייגונגס־קראפט. אבער פונקט אזוי שטיל ווי ער איז געווען אויסערלעך, אזוי שטורעמדיק איז געווען זיין נשמה. ער איז געווען צווישן די, וועלכע האבן פיינט געהאט קאמפראמיסן, האט ער זיך קעגנגעשטעלט מיטן גאנצן וועזן זיינעם קעגן האלבקייטן. זיינע רעפעראטן און פארלעזונגען, וועלכע עס האט געפעלט אויסערלעכער פאטאס, האבן זיך אבער אויסגעצייכנט מיט שניידנדיקער לאגיק, מיט איבערצייגונג און גרענעצלאזן גלויבן, אז דער קאמף דארף געפירט ווערן פאר דעם סאציאליזם פון אונזער דור, פאר היינט און נישט אפלייגן אים אויף ווייטע, ווייטע צייטן.

שלמה פאוו איז געווען אויך א מיטגליד פון צענטראל־קאמיטעט פון „צוקונפט". און א געוויסע צייט איז ער איבער דעם, וואס ער האט פארלוירן זיין ארבעטס־פאסטן אין לאדזש, אפגעפארן קיין ווארשע. דארט האט ער געלעבט עטלעכע חדשים. און אויך דארט האט ער געפונען זיין ארט און זיין פאזיציע אין דער „צוקונפט"־באוועגונג. אבער די עטלעכע חדשים זענען פאר אים געווען חדשים פון בענקשאפט. ער האט געבענקט נאך זיין היימשטאט, נאך זיין ארגאניזאציע, נאך זיינע חברים. און ווען ער איז צור־

ריקגעקומען, איז דאָס געווען אי אַ פרייד פאַר אים, אי אַ פרייד פאַר דער אַרבעטנדיקער יוגנט פון לאָדזש.

שלמה פאַוו איז אין צייט פון דער אָקופּאַציע געווען אין וואַרשע. גע־ווען אין דער אָנפירונג פון דער אונטערערדישער בונדישער באַוועגונג און פּונקט ווי ער האָט געלעבט, אַזוי איז ער געשטאָרבן; אויף די קאַמפּס־פּאָ־זיציעס פאַר דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייאונג פון די יידישע אַרבעטער. ער איז אומגעקומען ווי אַן אָנפירער פון אַ קאַמפּס־גרופּע אין צייט פון דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

דער פערטער — איציק שטיבל — איז געקומען קיין לאָדזש נאָך אין זיין פריער יוגנט, פון וולאָצלאַוועק, אין די 20־קער יאָרן. ווי אַ שניידער האָט שטיבל דורכגעמאַכט דעם שווערן וועג פון יעדער שניידער־געזעל — אַ וועג פון שווידערלעכער עקספּלאָאַטאַציע, אָרעמקייט און נויט. ער איז אַריינגעטראָטן אין יוגנט־בונד „צוקונפט", וואָס איז געוואָרן זיין היים. אין דער פרייער צייט, נאָך דער אַרבעט, האָט ער זיך געלערנט, אַ סך געלייענט. זיין אידעאַל איז געווען — נישט זיין בלויז אַ מיטגליד פון „צוקונפט", נאָר ווערן אַ טוער, ער האָט געהאָפט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען ער וועט ווערן אַ קרייז־פירער, אַ לערער פון דער יוגנט. און עס האָט לאַנג נישט גענומען און שטיבל איז אין דער לאָדזשער „צוקונפט" אויסגעוואַקסן ווי איינער פון די בעסטע טוערס און אַ גלענצנדיקער רעדנער. ער איז אַרויס־געטראָטן אויף הונדערטער מאַסן־מיטינגען. און אַז שטיבל האָט גערעדט פלעגט ער אָנצינדן די הונדערטער יוגנטלעכע צוהערער. זיינע רעדעס זע־נען אַלע מאָל באַגלייט געוואָרן מיט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן.

אין זיין וואַקסן אין דער באַוועגונג האָט שטאַרק מיטגעהאָלפן זיין ווייבל, אסתר פּרעסמאַן. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ יידישער צניעותדיקער פרוי, וואָס זי איז טאַקע געווען, נישט בלויז לויטן אויסזען, נאָר אין איר גאַנצן נוסח פון לעבן. אַז זי האָט עפּעס נעדאַרפט טאָן פאַר דער „צוקונפט", פאַרן „בונד", האָט זי דאָס געטאָן מיט גרויס איבערגעבנ־קייט. די שטוב פון די שטיבלס איז געווען אַן אָפן הויז; יעדער חבר און חברטע האָט דאָרט געפונען אַ חברישע, אַ היימיש־ליבע אַטמאָספער. אַז דאָס הויז זאָל זיין אַזוי ווי עס איז געווען האָט מיטגעהאָלפן נאָך אַ זאַך — צוזאַמען מיט זיי האָט דאָרט אויך געוווינט אסתרס אַ יינגערע שוועס־טער, בליומע פּרעסמאַן, מיט איר מאַן עליע קאַפּל, אויך אַ מיטגליד פון דער „צוקונפט". און עס האָט זיך דאָרט געשאַפן אַן אידיליע פון אַ בונ־דישער שטוב. דאָס האָט שטיבלען געגעבן די מעגלעכקייט זיך אָפּצוגעבן

דער „צוקונפט“־אַרבעט, ווי אויך מיט דער אַרבעט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די נאָדל־אַרבעטער.

שטיבל האָט פאַרמאָגט נאָך איין אייגנשאַפט, וואָס דאָס איז די ווערטפולסטע זאַך ביי אַ מענטשן: ער פלעגט אַרויסווייזן דעם גרעסטן אונטערעם צו יעדן חבר באַזונדער, זיך אינטערעסירן מיט יענעמס פּראָבלעמען און האָט זיך באַמיט צו העלפן מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט. און די צוקונפטיסטן האָבן דאָס אָפּגעשאַצט און אַרויסגעוויזן דעם חבר שטיבל אַ סך ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט. און ווען שטיבל איז אַמאָל געווען פריי און געקענט פאַרברענגען אין שטוב, אָדער גיין שפּאַצירן, האָט ער נישט דערלאָזט, אַז די צייט זאָל אַוועק מיט גאָרנישט; מען האָט שטענדיק געפירט דיסקוסיעס, אָדער מען האָט געזונגען אַרבעטער־ און רעוואָלוציאָנערע לידער.

איציק און אסתר שטיבל זענען אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע געווען אין וואַרשע און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. אין 1943 זענעןביידע אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים, אין אַשוויענצים.

איך האָב אָנגעוויזן אויף פיר פאָרשטייער פון אונזער יוגנט־באַוועגונג אין לאָדזש. אַרום זיי און מיט זיי איז געשטאַנען אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון פירער און טוער, וועלכע האָבן פּונקט ווי די פיר אָפּגעגעבן זייער יוגנטצייט, זייער כּוח און ענערגיע פאַר אַ גרויסער אידעע און געהאַט אַ סאַטיספאַקציע, אַז די באַוועגונג, וועלכער זיי האָבן געדינט, איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר און שטאַרקער געוואָרן פון טאָג צו טאָג.

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין כמעט אַלע יאָרן דער אָפיציעלער פאָרשטייער פון דעם בונדישן קאָמיטעט אין לאָדזש צו דעם קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט“. אין מיינע אַלע יאָרן, אָנהייבנדיק פון די צאַרישע צייטן און אין די ביטערע פּוילישע צייטן, איז מיר אויסגעקומען דורכמאַכן שווערע מאָמענטן פון אַרעסטן און נגישות. איך וועל נישט איבערטרייבן, אויב איך וועל זאָגן, אַז אַרבעטנדיק מיט דער יוגנט האָב איך געפילט, אַז דאָ קריג איך מיין באַלוינונג, דאָ האָב איך דעם שכר פאַר דעם אַלעם, וואָס איז געווען שווער, ביטער און אומדערטרעגלעך. פאַר מיינע אויגן האָב איך געזען ווי עס וואַקסט אַ דור, וואָס גייט אין אונזערע וועגן, ווי עס רינגלט זיך די קייט אָן אַן איבעררייס און ווען מיר ווערן עלטער און ווען מיר וועלן ווערן שוואַכער, זענען דאָ אַנדערע, יונגע און געזונטע, וועלכע זענען גרייט איבערצונעמען די פאָן.

איך האָב עס געפילט אי געזעלשאַפטלעך, אי ריין פערזענלעך. און איך

ווייל בלויז געבן אייןביישפּיל פון א סך. געווען איז דאָס אין יאָר 1930, אין איינעם פון די גרעסטע זאַלן פון לאָדזש איז פאָרגעקומען דער 11־יעריקער יובילעום פון דער לאָדזשער „צוקונפט״־אָרגאַניזאַציע. דער זאַל איז איבערגעפּילט איבער די ברעגעס. פאַר אונזערע אויגן א ים פון שטראַלנדיקע פּנימער, פון באַגייסטערטע יונגע מענטשן. דער אַרבעטער־אָרקעסטער פון דער „קולטור־ליגע״ שפּילט זיינע מאַרשן און די יוגנט אין פאַרשידענע טיילן פון זאַל זינגט רעוואָלוציאָנערע און יידישע פאָלקס־לידער. דער זאַל ברענט פון באַגייסטערונג. באַלד עפנט די פייערונג דער פאָרזיצער סערגיי נוטקעוויטש. שטיל ווערט אין זאַל. מיט פולער ערנסט זיצן מיידלעך און יינגלעך, אַרבעטער און שילער, און הערן זיך צו צו באַגריסונגען און אַרויסטרעטונגען פון פאָרשטייער פון אַלע צווייגן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיר איז אויסגעקומען אויף דער דאָזיקער פייערונג צו באַגריסן אין נאָמען פון „בונד״. אייביק און אייביק וועל איך געדענקען די דאָזיקע מינוטן, ווען א פאַרזאַמלונג פון איבער טויזנט יונגע יידישע אַרבעטער האָט מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג אויפגענומען די לאָזונגען און די פּאָסטולאַטן, וואָס אונזער פּאַרטיי האָט דאַן אַוועקגעשטעלט אויפן טאָג־אָרדנונג פון דעם יידישן און דעם אַרבעטער־לעבן.

נאָך מיין באַגריסונג האָט דער פאָרזיצער דערקלערט, אַז איצט קומען צום וואָרט אונזערע יינגערע שוועסטערלעך און ברידערלעך, די וואָס מיר האָבן ליב און וועגן וועלכע מיר באַמיען זיך זיי זאָלן אויך גיין אין די זעלביקע וועגן, מיט וועלכע מיר גייען. און רעדן אין נאָמען פון די סאָציאַליסטישע קינדער, פון דעם סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד („סקיף״) וועט דער 14־יעריקער זון פון אונזער חבר אפרים־אליעזר — מאָטל זעלמאַנאָוויטש.

איך זיץ צווישן דער באַגייסטערטער יוגנט און אויף דער טריבונע שטייט מיין קינד אין א בלויער בלוזע און אין א רויטן קראַוואַט. שוין דאַן האָב איך באַמערקט — דאָס ערשטע מאָל פאַר אזא גרויסן עולם — ווי ער רעדט מיט טעמפּעראַמענט, מיט איבערצייגונג און מיט גלויבן. ער רעדט אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטער־קינדער צו זיינע עלטערע ברידער און זיינע עלטערע שוועסטער. עס ציט זיך די קייט, עס איז די קאָנטינואיטעט פון טאַטע־מאַמע, צו ברידער און שוועסטער, צו קינדער. אין דעם איז געלעגן די וויטאַליטעט און דער כוח פון אונזער באַוועגונג. אין דעם איז געלעגן דער גלויבן אין אונזער זיג. דריי דורות און אַלע דריי דורות שטרעבן צו דעם זעלביקן ציל, האָבן דעם זעלביקן גלויבן.

## אפרים ל. זעלמאַנאָוויטש

איצט אין דער נייער היים, אין דער גרויסער אמעריקע, אין מאָמענטן ווען מען דערמאָנט זיך אין יענע צייטן פון באַרג־אַרויף פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און ספּעציעל ווען מען דערמאָנט זיך אין דער יוגנט, וועלכע האָט אויפגעכאַפּט אונזערע אידעען, ווערט שווער אויפן האַרצן און ביטער אויף דער נשמה. דאָס אַלץ, וואָס איז דאָרטן געווען איז פאַר־ברענט געוואָרן דורך די היטלער־תליינים. ווען עס געלינגען אויף דעם נייעם באָדן, ווו מיר לעבן, באַשאַפן באַדינגונגען פון המשך פון קאָנטינואיטעט פון דורות? דאָס איז די פראַגע, וואָס ענגבערט און וואָס מאַטערט ביי־טאָג און זייער אָפט אין שלאָפלאָזע נעכט.

## עפּיזאָדן פון מיין קאַמף אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג.

אונטער דער צאַרישער הערשאַפט איז די קהילה געפירט געוואָרן דורך די אַסימילירטע יידן און דורך די יידישע אָרטאָדאָקסיע. זיי האָבן געהאַט אַ געמיינזאַמע באַציאונג צום יידישן פאָלק ווי צו אַ נאַציע. די אָרטאָדאָקסיע האָט געהאַלטן אַז אַ ייד איז נאָר דער וואָס גלויבט אין גאָט, און די אַסימילירטע יידן האָבן אויך געהאַלטן, אַז דאָס יידישקייט באַשטייט נאָר אין דעם וואָס מען האַלט אַז מען איז פון משה רבינוס גלויבן, און דעריבער דאַרף די קהילה זיך נאָר פאַרנעמען מיט פראַגן, וואָס האָבן צו טאָן מיט גלויבן. און זייער אַרבעט איז טאַקע נאָר באַשטאַנען אין שאַפן תלמוד־תורהס, מקוואות, אָנשטעלן שוחטים, דיינים, יידישע שפּיטעלער, מושב־זקנימס, צדקה פאַר אָרימעלייט. זיי האָבן געהאַט די קאָנטראָל איבער אַלע פילאַנטראָפּישע אינס־טיטוציעס, וואָס האָבן געוואָלט באַקומען אַ סובסידיע פון דער קהילה.

אין יאָר 1921 אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט די פּוילישע רעגירונג גע־שאַפן אַ נייעם סטאַטוט פאַר די יידישע קהילות, וואָס האָט זיך אין תוך נישט פיל אונטערשיידעט פונם צאַרישן סטאַטוס. זיי האָבן אויסגעבריי־טערט אַ ביסל די וואַל־אָרדינאַציע. די אויפזיכט איבער די וואַלן האָט געהאַט דער מיניסטער איבער רעליגיע און עפנטלעכע בילדונג. די וואַלן זענען גע־ווען גלייכע, געהיימע, דירעקטע, פּראָפּאָרציאָנעלע. וואַל־רעכט האָבן מענער פון 25 יאָר. געוויילט ווערן האָט מען געקענט פון 30 יאָר.

ביים „בונד" האָט זיך דעמאָלט געשטעלט די פראַגע וועגן גיין צו די וואַלן. עס איז געווען אַ גרויסע אָפּאָזיציע קעגן. די מאָטיוון זענען געווען אַז עס זעט זיך נישט פאַר, אַז די יידישע קהילה זאָל זיך ווען עס איז פאַרוואַנדלען אין אַן אינסטיטוציע וואָס זאָל ווערן די פירערין פון אַ יידיש וועלטלעכער קולטור אין ברייטסטן זין פון וואָרט. עס איז געווען נאָך אַ מאָטיוו — אַז די יידישע קהילה איז אַרומגערינגלט מיט האַס פון די יידי־שע פאָלקס־מאַסן. אָבער נאָך לענגערע דיסקוסיעס אין די בונדישע רייען איז באַשלאָסן געוואָרן — אין די וואַלן צו דער קהילה זיך יאָ באַטייליקן,

און אַרויסקומען מיט אַ קלאָרן פּראָגראַם, אַז מיר װעלן קעמפן אין דער קהילה און אויסער איר פאַר אַ װעלטלעכער קהילה; די רעליגיעזע הצטר־כותן דאַרפן געדעקט װערן פּריװאַט פון די װאָס נייטיקן זיך אין דעם. די װעלטלעכע קהילה װעט אויסער װאָס זי װעט דאַרפן אָנפירן מיט אַ פאַר־צװייגטער שול־ און קולטור־אַרבעט װעט אויך זיך דאַרפן פאַרנעמען מיט סאָציאַלער הילף. אין 1924 אָדער 1925 איז דער „בונד" אין לאָדזש דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען צו די קהילה־װאַלן.

די װאַל־קאַמפּאַניע איז געװען אַ װאַרעמע. עס זענען געגאַנגען צו די װאַלן פאַרשידענע ליסטעס. אָבער די הױפּט־קעמפער צװישן זיך זענען גע־װען די אָרטאָדאָקסיע און דער „בונד", זיי (די אָרטאָדאָקסיע) — אַז די קהילה דאַרף זיך פאַרנעמען נאָר מיט רעליגיעזע פראַגן, און מיר (דער „בונד") — אַז די קהילה דאַרף זיך פאַרנעמען מיט בילדונגס־ און קולטור־פראַגן און מיט סאָציאַלער הילף. פאַרשטייט זיך אַז געזיגט האָט די אָרטאָדאָקסיע. אויף 35 מיטגלידער אין קהילה־ראַט האָט דער „בונד" באַקומען 5 ראַטמענער, דאָס זענען געװען די חברים: מאָרגענטאַלער, פּאָזנאַנסקי, פערגאַמענט — די אַלע 3 װעלכע זענען אומגעבראַכט געװאָרן דורך די היטלער־מערדער, ליכטענשטיין — געשטאָרבן אין אַמעריקע אין 1933, און דער שרייבער פון די שורות. דער ראַט האָט אויסגעװיילט אַ קהלה־פאַרװאַלטונג, אויף פּראָ־פּאָרציאָנעלע יסודות, פון 14 מיטגלידער. נאָך דעם מלוכה־געזעץ איז דער 15־טער געװען אַ מיטגליד פון ראַבינאַט. אַזוי װי דער ראַבינאַט אין לאָדזש איז באַשטאַנען פון 6 האָבן זיי זיך געביטן יעדערע 3 חדשים. די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש האָט באַשלאָסן מיך צו שיקן אין דער קהילה־פאַר־װאַלטונג (פּרנס). די מיטגלידער פון קהילה־ראַט האָט מען גערופן „דאָזאָר פון פאַרװאַלטונג", „פּרנס".

אויף אַ באַשטימטן אָװנט איז גערופן געװאָרן די ערשטע זיצונג פון דער קהילה־פאַרװאַלטונג. דער מיטגליד פון ראַבינאַט איז געװען ראָזענבערג, געװען אַ פעטלעכער ייד מיט אַ ברייטער לאַנגער באָרד און פינקלדיקע אויגן. װען ער איז אַריינגעקומען זענען שוין געװען 10 מיטגלידער. — פאַרװאָס הייבט מען נישט אָן די זיצונג? — פרעגט ראָזענבערג. ענטפערט לייבל מינצ־בערג, אַז אויף דער ערשטער זיצונג װיל מען עס זאָלן זיין אַלע מיטגלי־דער. זאָגט דער ראַבינאַט־מיטגליד: אויב אַזוי זאָל מען דערװייל דאַװענען מעריב! ער גיט באַלד אַ נעם אַרויס דעם גאַרטל, פאַרגאַרטלט זיך, און מען הייבט אָן דאַװנען. דר. ראָזענבלאַט, דער פירער פון די ציוניסטן, טוט אָן דעם הוט. האָפּמאַן, דער פאַרטרעטער פון די ציוניסטישע האַנטװערקער,

אויך אַ ציוניסט, טוט אויך אָן דעם הוט. אַדוואָקאַט ווייצמאַן, אַ פאַרטרעטער פון די פאָלקיסטן, רוקט זיך אַרויס פון זאַל. און איך בלייב זיצן אויף דעם זעלבן אָרט ווי איך בין געזעסן, פאַרשטייט זיך אָן הוט. זיי דאַווענען און איך זיץ. קומט צו מיר צו בנימין רוס, דער פירער פון די אַלעקסאַנדערער חסידים, וואָס אין דער קהילה זענען זיי אָנגעגאַנגען ווי אומפּאַרטייאישע, און זאָגט צו מיר: — הער זעלמאַנאָוויטש, ווי פּאַסט דאָס — מיר דאַווענען און איר זיצט מיט דעם אָפּגעדעקטן קאָפּ? איר זעט דאָך, ראָזענבלאַט און האָפּמאַן זענען אויך נישט פון די דאַוונער — האָבן זיי אָנגעטאָן די היט, אַדוואָקאַט ווייצמאַן האָט זיך אַרויסגערוקט פון זאַל, נאָר איר זיצט מיטן אָפּגעדעקטן קאָפּ. זאָג איך, אַז איך פאַרטראָג נישט אַז מען זאָל שוין וועלן פאַרוואַנדלען די יידישע קהילה אין אַ חסידים־שטיבל. דער מיטגליד פון דאָבינאַט ראָזענבערג ווייסט אַז דאָ אַהער האָט ער געדאַרפט קומען צו אַ זיצונג. אין לאָדזש דאַרף מען נישט קיין סך זוכן ווו צו דאַווענען: דעריבער מאַך איך אַ קעגן־דעמאָנסטראַציע.

דאַן הייבט ער שוין מיט מיר אָן צו רעדן מיט אַ מאָדערנער שפּראַך: ווו איז עטיק, טאָלעראַנץ?... אויף דעם ענטפער איך: וועגן עטיק און טאָלעראַנץ צו יענעמס מיינונג, צו יענעמס געפילן, דאַרפט איר מיט קיין בונדיסט נישט רעדן, דאָס איז איינע פון אונזערע בונדישע עיקרים, בפרט וואָלטן זיך געדאַרפט אָפּהאַלטן פון רעדן וועגן עטיק און טאָלעראַנץ די אָרטאָדאָקסיע. ווער ברענט די יידישע ביבליאָטעקן אין שטעט און שטעטלעך? ווער פייניקט אַזוי די יוגנט ווי איר, ווען איר זעט אַז די יוגנט וויל נישט גיין אין די וועגן וואָס איר האָט פאַר זיי אָנגעצייכנט?

אַזוי האָט אויסגעזען מיין ערשטע האַנדלונג ווי אַ פּרנס אין דער יידישער קהילה.

# איך באַשולדיק אין גנבה די קאָמיסיע אדורכצופירן די פסח-אַקציע, 1926.

יעדעם יאָר האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג אדורכגעפירט א פסח־אַקציע. שטענדיק איז געווען א מיסווירטשאַפט. דאָס יאָר האָט די קאָמיסיע, וואָס האָט די אַקציע אדורכגעפירט זיך אָנגעוואָרעמט די הענט ביי דער אַקציע.

די אַקציע האָט זיך געפירט אין דריי ריכטונגען: אין דער פאָרם פון געלט־אונטערשטיצונגען, שפּייז־פּראָדוקטן, און אין דער פאָרם פון קיכן אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט, ווו דער גרעסטער טייל נויטבאַדערפטיקע האָט דאָרט געדאַרפט קומען אַפעסן דריי מאָל אין טאָג. א סך מי איז אוועקגעלייגט געוואָרן איינצואָרדענען די סדרים.

ווען מען האָט יענעם יאָר אָפּגעגעבן א באַריכט, האָב איך גענומען א וואָרט און פאַרגעוואָרפן דער קאָמיסיע, אַז זי האָט אָנגעגעבן קוויטונגען פון די אויסגאַבן אויף וויין, מצה און אַנדערע פּראָדוקטן, אויף פיל גרעסערע סומעס, ווי זיי האָבן פאַקטיש אויסגעגעבן. און אַז פאַר קאַרטאָפל האָט מען אָנגעגעבן גרעסערע פּרייזן ווי מען האָט פאַקטיש געצאָלט, דערביי זענען די קאַרטאָפל געווען אַזוי שלעכט, אַז קיינער האָט זיי נישט געקענט נעמען אין מויל אַריין. „דאָס זאָג איך נישט, וואָס מען האָט מיר דערציילט — נאָר איך בין אַליין געווען ביי א סדר און אַליין געפּרוווט דאָס עסן. זאָג איך אייך גאַנץ קלאָר און קאַטעגאָריש: מען האָט אַראָפּגענומען פון די טישן די קאַרטאָפל אַזוי ווי מען האָט זיי דערלאַנגט. איך שלאָג פאָר ס'זאָל אויסגעטיילט ווערן א קאָמיסיע, וואָס זאָל אויספאָרשן די זאַך. און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, וואָס האָבן דורכגעפירט די אַקציע, זענען טאַקע באַגאַנגען געלט־מיסברויכן, דאַן זאָלן זיי אייבערגעגעבן ווערן צו א געריכט. און אויב זיי וועלן געפונען ווערן שולדיק, זאָלן זיי אויסגעשלאָסן ווערן פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג און קהילה־ראַט. און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז איך האָב געמאַכט א בלבול — זאָל איך דורך אייך אויסגעשלאָסן ווערן פון דער פאַרוואַלטונג".

ווענן מיין פאָרשלאג האָבן געגרעדט א סך פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, אָבער אלע האָבן זיך ארויסגעזאָגט קעגן מאַכן אַן אויספאָרשונג, ווייל ביידע גרויסע פּראַקציעס אין דער קהילה זענען געווען באַטייליקט אין דער קאָמיסיע.

ביי דער אָפּשטימונג איז געווען א מערהייט נישט צו פירן קיין אויספאָרשונג. דאַן האָב איך קלאָר און שאַרף דערקלערט, אַז איך באַשולדיק די קאָמיסיע, אַז זי איז באַגאַנגען געלט־מיסברויכן פון דער קהילה־קאַסע און איך באַטראַכט דאָס פאַר אַן איינפאַכער גנבה. און ווער פון דער קאָמיסיע פילט זיך באַליידיקט, קען אויף מיר אָנגעבן אין געריכט.

# מיין קאַמף אין דער יידישער קהילה פאַר מענטשלעכער באַציאונג צו די יידישע מאַסן אַרום דער סאָציאַלער הילף.

עס איז 1927. די יידישע קהילה אין לאָדזש גרייט ווי יעדעס יאָר אַ פּסח־אַקציע. דער קולטור־אַמט פון דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג (דזשאָינט־באָארד) מאַכט אַ ווענדונג צו דער יידישער קהילה, אַז די רעגיסטראַציע פאַר דער פּסח־אַקציע פאַר די פאַריין־מיטגלידער זאָל דערלויבט ווערן אַדורכצופירן אין די פאַריינען גופא. דער קולטור־אַמט דערקלערט דערביי, אַז די קהילה דאַרף האָבן צוטרוי צו די פאַריינען, אַז זיי וועלן די רעגיסטראַציע אַדורכפירן לויט דעם רעגלאַמענט פון דער קהילה, אויף די רעגיסטראַציע־בויגנס פון דער קהילה, און זיי, די מיטגלידער, וועלן זיך פילן בעסער ביי דער רעגיסטראַציע און ביים אָפּנעמען זייער אונטערשטיצונג — ווי זיי פילן זיך ווען זיי דאַרפן דאָס טאָן אין דער קהילה.

די קהילה־מערהייט איז אין ערשטן מאָמענט געווען קעגן דעם. אָבער נאָך אַן ענערגישן קאַמף מצד דער בונדישער פראַקציע אין דער קהילה — האָט די קהילה־פאַרוואַלטונג מסכים געווען. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז די אַלע אינסטיטוציעס קענען להבא אַדורכפירן די רעגיסטראַציע אין זייערע אייגענע לאָקאַלן. די רעגיסטראַציע־ליסטעס מוזן אין אַ באַשטימטן טערמין צוגעשטעלט ווערן צו דער קהילה. פאַר די נישט־אָרגאַניזירטע יידן וועט די רעגיסטראַציע אַדורכגעפירט ווערן אין דער קהילה.

יוני 1927 קומט פאָר אַ זיצונג פון דער לאָדזשער קהילה־פאַרוואַלטונג, און דער ה׳ קארא (קאכא?), ווי דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט אַדורכגעפירט די פּסח־אַקציע, גיט אָפּ אַ באַריכט. באַלד נאָך דעם באַריכט נעם איך אַ וואָרט און זאָג: „כאָטש דער היי־יאָריקער אַקציע קען מען נישט פאָרוואַרפן, אַז עס זענען פאָרגעקומען מיסברויכן, אַזוי ווי דאָס איז געשען, צו אונזער שאַנד, דאָס פאַריקע יאָר — מוז איך אָבער אויפציען דעם פאָרהאַנג איבער דער פראַגע, ווי אַזוי די קהילה־פאַרוואַלטונג פאַרשטייט סאָציאַלע הילף. די קהילה האָט איינגעשטעלט אַן אַפּאַראַט צו קאָנטראָלירן צי

עס ווערט נישט געמאַכט קיין מיסברויכן אין די אינסטיטוציעס ביים רעגיסטרירן און ביים אויסצאָלן די אונטערשטיצונג. דער אַפּאַראַט האָט אויך געדאַרפט אַדורכפירן אַ קאָנטראָל ביי די יידן, וואָס זענען נישט אָרגאַניזירט און האָבן זיך רעגיסטרירט אין דער קהילה. די קאָנטראָלאָרן האָבן באַקומען אינסטרוקציעס, אַז ביי יעדן קאָנטראָלירטן נאָמען זאָל דער קאָנטראָלאָר צושרייבן: אַ פּראָסטער ייד, אַ בן־תּורה, אַ ירא־שמים. לויט די דאָזיקע צושריפטן האָט די קהילה באַשטימט די גרויס פון דער אונטערשטיצונג פאַר די פאַררעגיסטרירטע אין דער קהילה. אַזוי האָט זי אויך געהאַנדלט מיט די רעגיסטרירטע אין די אינסטיטוציעס... אַ הימל־שרייענדיקער סקאַנדאַל איז מיט דעם אַזוי גערופענעם „מתן־בסתר". יעדער דאָזאָר האָט געקראָגן אַ באַשטימטע סומע געלט און ער האָט דאָס צעטיילט צווישן זיינע אייגענע נויטבאַדערפטיקע מענטשן. דער דאָזאָר האָט פאַר קיינעם נישט געדאַרפט אָנגעבן קיין נעמען, וועמען און וויפיל ער האָט געגעבן. ער האָט נאָר געדאַרפט זאָגן וויפיל מענטשן עס האָבן גענאָסן דערפון. ווען מען האָט צעטיילט די געלטער, האָט מען מיר אויך פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל זיך באַנוצן מיט דער פּריווילעגיע. אָבער איך האָב דאָס אָפּגעוואָרפן. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון די געלטער פון „מתן־בסתר" האָבן 122 פּערזאָן גענאָסן אַ סומע פון 3,772 זלאָטעס. דאָס האָט אויסגעמאַכט דורכשניטלעך 30 זלאָטעס אַ פּערזאָן פאַר די אַזוי גערופענע „בכבודיקע". אַזוי פיל — בערך 28 זלאָטעס אַ פּערזאָן — האָבן באַקומען די רעגיסטרירטע אין די חסידים־שטיבלעך. די „פּועלי־אמוני־ישראל" — 15 זלאָטעס אַ פּערזאָן, ציוניסטישע האַנטווערקער — 14 זלאָטעס אַ פּערזאָן, פאָלקיסטישע האַנטווערקער — 9.50 זלאָטעס פאַר אַ פּערזאָן. און איך זאָג זיי: „ווי שעמט איר זיך נישט צו צעטיילן די יידישע נויטבאַדערפטיקע אויף קאַטעגאָריעס. איך בין דאָך איבערצייגט, אַז די אַממייסטן נויטבאַדערפטיקע געפינען זיך צווישן די אַרבעטסלאָזע אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. איך רעד נישט פאַר אייך הערן דאָזאָרעס, כדי אייערע הערצער ווייכער צו מאַכן, אויך נישט, אַז אייער יידיש און מענטשלעך געוויסן זאָל אַ צאַפּל טאָן. איך רעד פון דער טריבונע צו די טויזנטער נויטבאַדערפטיקע, אַז זיי זאָלן אייך דערקענען ווי אַזוי איר האַנדלט מיט די שטייערן, וואָס איר קאַסירט איין ביי די יידן"...

אָבער דער שענסטער טייל פון דער דיסקוסיע אַרום דעם באַריכט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט צווישן לייבל מינצבערג און ד"ר ראָזענבלאַט. צום סוף פון זיין שלום־וואָרט איבער דעם באַריכט טראָגט קאַראַ אַריין אַ פאָרשלאָג, אַז די קהילה־פאַרוואַלטונג נעמט צו קענטעניש דעם באַריכט.

לייבל מינצבערג, וואס געהערט צו א מינדערהייט אין דער פארוואל־טונג, טראגט אריין א פארשלאג, אז עס ווערט אויסגעטיילט א קאמיסיע, וועל־כע פארשט אויס דעם גאנצן באריכט. זאגט ד"ר ראזענבלאט: „הער מינצ־בערג — איך וועל שטימען פאר אייער פארשלאג, נאר איר זאלט מסכים זיין, אז די קאמיסיע זאל גלייכצייטיק אויך פארשן די פאראיאריקע פסח־אקציע, ווען איר זענט געווען פרעזעס פון דער יידישער קהילה"...

אז מינצבערג האט דאס געהערט, האט ער זיך ארויסגערוקט פון זי־צונגס־זאל, און הענעך בערגער, די צווייטע האנט פון מינצבערגן, האט דער־קלערט, אז ער האלט נישט אונטער מינצבערגס פארשלאג. דאן איז אנגע־נומען געווארן דער פארשלאג פון ה' קארא, אז די קהילה־פארוואלטונג נעמט דעם באריכט צו קענטעניש.

# אַ מעשה מיט דרשה־געשאַנק.

דעם ערשטן יוני 1928 האָט מען אויף דער זיצונג פון דער קהילה־פאַר־וואַלטונג איבערגעלייענט אַ בריוו פון דעם מיטגליד פון דעם ראַבינאַט הרב ראָזענבערג. אַזוי ווי עס איז שוין אַריבער עטלעכע חדשים זינט ער האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער — האָט ער געשריבן — און ער האָט נישט באַקומען קיין דרשה־געשאַנק פון דער קהילה, בעט ער, אַז מען זאָל אים איצט געבן דאָס דרשה־געשאַנק. באַלד דערויף האָט לייבל מינצבערג, דער פּאָרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, פאָרגעלייגט, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל פאַר אים באַשטימען 1,000 זלאָטעס. די אַנדערע מיטגלידער פון דער אגודה האָבן גלייך צוגעבאָמקעט, די אַלעקסאַנדערער חסידים האָבן געשוויגן. נעם איך דאָס וואָרט און טרעט אַרויס מיט אַ שאַרפער רעדע קעגן: „מיר וועלן אַזוי הויך אויפהויבן אונזער שטים — האָב איך געזאָגט — אַז די גאַס וועט דאָס דערהערן, ווי מען פאַרוואַנדלט די קאַסע פון דער קהילה אין אַ מעלקנדיקער קו פאַר רבנים, דיינים און אַנדערע כלי־קודש. עס איז וויי־ניק, וויזט אויס, וואָס די דיינים באַקומען אַ געהאַלט פון טויזנט זלאָטעס אַ חודש, בשעת אַן אַרבעטס־מענטש אין לאָדזש פאַרדינט אין דורכשניט צווישן 120־140 זלאָטעס אַ חודש. וויל מען נאָך איצט צוטראָגן טויזנט זלאָ־טעס דרשה־געשאַנק. און דאָס קומט פאַר אין דער זעלבער צייט, ווען אַ הייזל אין באַלוט איז אָפּגעברענט געוואָרן און זעקס אָרעמע לאָקאַטאָרן זענען אַרויס אין איין העמד, וואָס זיי האָבן געטראָגן אויף זיך. זיי זענען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ מיט זייערע קליינע קינדער. און ווען די נשרפים האָבן זיך געווענדעט צו דער קהילה נאָך אונטערשטיצונג, האָט מען זייער בקשה אפילו נישט געוואָלט באַטראַכטן".

אָפּצורעכענען זיך מיט מיר פאַר מיין דרייסטקייט האָט די אגודה אַרויסגעשטעלט דעם אַדוואָקאַט ווייצמאַן, וואָס איז געווען אַן אָנגעפירנדיקער טוער ביי די פאָלקיסטן. ער האָט אָנגעהויבן צו דונערן קעגן מיר, דעם פאַר־טרעטער פון „בונד". ער האָט געפרעגט: „וויפיל נעמט דער לאָוניק ד"ר

מאַרגוליס ביים מאַגיסטראַט אַ חודש? ער נעמט דאָך — האָט ער ווייטער געזאָגט — צוויי טויזנט זלאָטעס אַ חודש. דאָס זעט איר נישט. איר זעט נאָר, אַז די דיינים נעמען טויזנט זלאָטעס אַ חודש און דאָס קענט איר שוין נישט פאַרטראָגן".

איך נעם דאָס וואָרט צום צווייטן מאָל. דאָס מאָל איז מיין רעדע שוין געווען געווידמעט דעם אַדוואָקאַט ווייצמאַן. איך האָב אים געזאָגט: „איך ווייס, אַז די אגודה איז אויף אַלץ פעאיק. כדי אָנצוהאַלטן די מאַכט אין אירע הענט, וועט די אגודה שלום מאַכן אפילו מיט דעם טייוול אַליין. ווייסט דאָך ה' ווייצמאַן, אַז די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן אַ סובסידיע פאַר באַשפייזן די תלמידים פון די יידישע שולן. און אייך, ה' ווייצמאַן, האָבן זיי גענומען פאַר אַ שותף צו קענען האַלטן די מאַכט אין זייערע הענט, כאָטש די אגודה ווייסט זייער גוט, אַז יום־כפור פאָרט איר אַרום אין שטאָט אין אייער אויטאָמאָביל". פון מיינע שאַרפע ווערטער האָט ה' ווייצמאַן נישט געקענט רואיק בלייבן זיצן און די געדולד האָט ביי אים געפּלאַצט. ער האָט געהאַלטן אַ גלאָז אין האַנט, האָט ער מיט איר אַזאַ זעץ געטאָן אין טיש, אַז די גלאָז איז צעזעצט געוואָרן אויף קליינע שטיקלעך. ער האָט אַ געשריי געטאָן צו מיר: „שווייגט!" אויף דעם האָב איך געענט־פערט: „איך קען נישט שווייגן. אויב איר ווילט זיין אַ שטיוול־פּוצער ביי דער אגודה, זייט דאָס געזונטערהייט. אָבער איך פאַרלאַנג פון אייך, איר זאָלט שווייגן און נישט וועלן פּראַווען קיין דעמאַגאָגיע. איר ווייסט זייער גוט, אַז מאַרגאָליס קען פאַרדינען דאָפּלט ביי זיין פאַך ווי ער קריגט אין מאַגיסטראַט. אויב אָבער די קהילה וועט אַראָפּנעמען דאָס שטריימל ביי די דיינים, וועלן זיי מוזן אָנקומען צו דער קהילה נאָך אונטערשטיצונג. איך ווייס, מיינע הערן, אַז איר וועט באַשטעטיקן דאָס פאַרשלאָג פון ה' מינצ־בערג. איך רעד נישט פאַר אייך, איך רעד פאַר דער יידישער אַרבעטער־ און פאָלקס־מאַסע. אָט פאַר זיי רעד איך און אויף זיי וועל איך פּרוּוון ווירקן. ווען מען וועט פאַר זיי אויפדעקן, אַז איר גיט טויזנטער זלאָטעס דרשה־געשאַנק און אין דער זעלבער צייט בלייבט איר טויב צו די קרעכצן פון די אָרעמע נשרפים, וועט איר וואָס אַמאָל מער אַרומגערינגלט ווערן מיט שנאה. יבוא־יומו — עס וועט קומען דער טאָג, ווען די זעלבע יידי־שע אַרבעטער־ און פאָלקס־מאַסע וועט אייך פאַריאָגן פון דער קהילה און אַוועקזעצן אַזוינע פאַרטרעטער, וואָס וועלן זיי דינען און באַשיצן זייער גע־זונט און לעבן".

## א געשמדטער ייד וויל צוריק ווערן א ייד, פאַרערט פון אים דער רב 60 זלאָטעס.

אין איינעם א זומערדיקן פרימאָרגן קומט צו מיר אַריין א ייד און פרעגט מיך: „זענט איר אפרים־אליעזר זעלמאַנאָוויטש?" ווען איך ענטפער אים; אז יאָ, פרעגט ער ווייטער: „זענט איר א פרנס אין דער קהילה?" איך ענטפער אים ווידער, אז יאָ. זאָגט ער צו מיר: „איך האָב צו אייך א בקשה. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך א ייד, אָבער א ייד, וואָס האָט שווער געזינדיקט. איך וויל תשובה טאָן. מיט איניקע יאָר צוריק האָב איך זיך געשמדט. איך האָב חתונה געהאַט מיט א קריסטין. איך האָב אָבער דערפילט, אַז איך בין באַגאַנגען א גרויסע עבירה. וויל איך איצט דאָס צוריק גוט מאַכן. בין איך געווען ביי א דיין, הייסט ער זיך באַצאָלן 60 זלאָטעס. האָב איך נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה". זאָג איך צו דעם יידן: „גייט צו די אגודהשע דאַזאָרעס, צו די אלעקסאַנדערער חסידים, צום פאָרזיצער פון דער קהילה. זיי קענען דאָס בעסער דורכפירן". ענטפערט ער מיר, אַז ער איז שוין געווען ביי אַלע און גאָר נישט געקענט פועלן. איינער שיקט אים צום צווייטן. זאָג איך צו דעם יידן, אַז אין דער אמתן איז דאָס פאַר מיר נישט קיין ענין. אָבער אַזוי ווי דער ייד האָט מיר געזאָגט, אַז ער פייניקט זיך צוליב דעם, וועל איך פּרובירן עפּעס וואָס צו טאָן. איך האָב אים געהייסן, אַז ער זאָל 12 אַזייגער זיין אין דער קהילה און איך וועל אויך אַהין קומען צו דער זעלבער צייט. 12 אַזייגער איז דער ייד שוין דאָרט געווען. איך גיי מיט אים אַריין צו לייב מינצבערגן. זאָגט מיר מינצבערג: „זעלמאַנאָוויטש, גייט מיט אים אַריין צום מיטגליד פון ראַבינאַט, ער איז איצט די דריי חדשים א מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג. מיך וויל ער נישט הערן. אפשר וועט איר האָבן צו אים מער מזל". איך גיי אַריין מיט דעם יידן צום מיטגליד פון ראַבינאַט, הרב וויינזאַפּט, און זאָג אים: „דער ייד איז שוין געווען ביי אייך. איר ווייסט, אַז ער וויל זיך אומקערן צוריק צום יידישן פאָלק, נאָר איר פאַרלאַנגט פון אים 60 זלאָטעס. ער האָט אָבער נישט קיין

געלט”. ענטפערט מיר וויינזאפט: „זעלמאנאוויטש, וואס איז דאס אייער עסק? ער האט געוואלט חתונה האבן מיט א קריסטין, האט ער זיך גע־שמדט, איצט וויל ער האבן א מויד, וויל ער צוריק ווערן א ייד. לאזט דאס פאר אונז און מישט זיך נישט אין אזא זאך”. האב איך אים געזאגט, אז איך וועל די פראגע אוועקשטעלן אין דער קהילה־פארוואלטונג, האט ער זיך שטארק צעבייזערט. וויינזאפט איז שוין געווען א ייד אין די זיבעציקער און אפשר נאך עלטער.

עס איז געווען אין א זונטיק. אזוי ווי דער פארזיצער עפנט די זיצונג, בעט איך א ווארט צו אן אינטערפעלאציע און דערצייל די גאנצע געשיכטע פון אלף ביז תוו. אזוי ווי איך ענדיק, גיט זיך דאס רבעלע וויינזאפט א הייב אויף און שרייט צום פארזיצער: „גיט מיר א ווארט! איך וויל ענטפערן דעם שייגעץ”. גיב איך א זעץ אין טיש און א געשריי: „איר זענט אליין א שייגעץ! איך בין א געוויילטער מיטגליד אין דער קהילה, געוויילט פון טויזנטער יידן און אייך האט דאס קנעפל דא באשטימט”. אויף יעדער זיצונג פון דער קהילה־פארוואלטונג, וואס פלעגט אפגעהאלטן ווערן אין א זונטיק, איז דער גרעסטער טייל אגודה־מיטגלידער פון קהילה־ראט געקומען ווי געסט. ווען דער קאנפליקט צווישן דעם רב וויינזאפט און מיר איז אויסגעבראכן, איז געווארן א געשריי פון אלע זייטן, וואס זיצט איר מיט זעלמאנאוויטשן איינ־איינעם? די פארוואלטונגס־מיטגלידער האבן זיך טאקע אויפגעשטעלט מיט א געשריי: „מיר ווילן מיט זעלמאנאוויטשן נישט זיצן”.

איך בין געבליבן זיצן אויף אן ארט. די מיטגלידער פון ראט זענען צוגעקומען צו מיר און אויפגעהויבן זייערע שטעקנס אויף מיר. איך האב זיי געזאגט: „וואס האלט איר די שטעקנס אין דער הויך און לאזט זיי נישט אראפ אויף מיר?” זיי האבן טאקע די שטעקנס אראפגעלאזט, אבער נישט אויף מיר. זיי זענען אלע ארויס, אבער ס'האט נישט לאנג געדויערט און זיי זענען צוריק אריינגעקומען. לייבל מינצבערג האט ווייטער אנגעהויבן צו פירן די זיצונג. האב איך געבעטן א ווארט צו א דערקלערונג: „איך פראטעסטיר קעגן דעם פארזיצער, וואס ער האט נישט רעאגירט אויף דעם נישט אנשטענדיקן ארויסטריט פון וויינזאפטן קעגן מיר”. אויף דעם האט מינצ־בערג געענטפערט, אז איך האב אים נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט צו רע־אגירן און ער נוצט איצט אויס די געלעגנהייט און מאכט אויפמערקזאם וויינ־זאפטן פאר זיין פארם פון רעדן וועגן א מיטגליד פון דער קהילה־פארוואל־טונג און אויך מיך מאכט ער אויפמערקזאם פאר נישט געבן די מעגלעכקייט דעם פארזיצער צו רעאגירן און אויך איך אליין האב נישט געהאנדלט בע־

סער פון וויינזאַפּטן.

דערנאָך זענען צוגעקומען צו מיר אייניקע פון דער אגודה, וואָס גע־הערן צום קהילה־ראַט, און פרעגן מיך: „ה׳ זעלמאַנאָוויטש, פון וואַנען נעמט זיך צו אייך אַזאַ העלדישקייט? איר האָט דאָך פון דאַנען געקענט אַרויס בשן־ועין". איך האָב זיי געענטפערט, אַז קיין העלד בין איך נישט. איך האָב גע־ווּסט „אַז ווען איך האָב אייך דערזען אַרום מיר מיט די אויפגעהויבענע שטעקנס, האָב איך בשעת מעשה געטראַכט, אַז איך קען טאַקע איצט גע־ניזוקט ווערן. איך בין אָבער אַרויס גאַנץ נישט צוליב מיין העלדישקייט, נאָר צוליב אייער פּחדנות, ווייל איר האָט געטראַכט, ווער ווייס, וואָס מאָרגן קען פּאַסירן מיט אונז".

# װאַרשעװער כשר־פלייש איז טריף אין לאָדזש.

אין אַ באַשטימטן טאָג קומען צו מיר אין דער װױנונג עטלעכע ייִדן. איך שטעל זיך שוין אַליין פאָר צוליב װאָס זיי זענען געקומען. זיי זענען דע־לעגירטע פון פאַריין פון דעטאַל־קצבים (לאַחדימניקעס). פריער װילן זיי מיך באַקענען מיט זייער לאַגע און נאָך דעם װעלן זיי מיך בעטן אַ טובה. און זיי דערציילן מיר, אַז אין לאָדזש עקזיסטירט אויך אַ פאַריין פון פלייש־הורטאָװ־ניקעס, װאָס זענען געװאָרן די בעלי־בתים איבער זייער לעבן. די הורטאָװ־ניקעס פאַרלאַנגען ביי די לאַחדימניקעס אומגעהייער גרויסע פּרייזן, האָבן זיי באַשלאָסן צו ברענגען פלייש פון װאַרשע, עס איז אַ סך שענער, בעסער פלייש און עס קאָסט פּיל ביליקער. דער אַרבעטס־מענטשן װעט גיכער זיך קענען פאַרגינען קויפן אַ שטיקל פלייש. די הורטאָװניקעס האָבן געפּועלט ביים ראַבינאַט, ער זאָל אָפּדרוקן אין די צייטונגען איסורים אויף דעם װאַר־שעװער פלייש. די איסורים זענען געדרוקט געװאָרן טאָג נאָך טאָג אין ביי־דע טעגלעכע לאָדזשער צייטונגען. אַדאַנק די איסורים װערט דאָס פלייש נישט פאַרקויפט און זיי האָבן גרויסע הזיקות, בעטן זיי מיך, איך זאָל זיי העלפן. זיי װייסן, האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז איך בין דער איינציקער אין דער קהילה־פאַרװאַלטונג, װאָס באַשיצט דעם אָרעמאַן און דעם מיטלמענטש. איך האָב זיי צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, װאָס עס װעט זיין פאַר מיר מעגלעך.

װען עס איז פאָרגעקומען די נאָענטסטע זיצונג פון דער קהילה־פאַר־װאַלטונג, האָב איך די פראַגע אַװעקגעשטעלט און איבערגעגעבן אַלץ, װאָס איך האָב געװוסט. צו איין צייטונג האָב איך געהאַט אַ צוטריט, האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז פאַר די איסורים, װאָס דער ראַבינאַט גיט אַריין אין די צייטונגען, באַצאָלן פאַר דעם די פלייש־הורטאָװניקעס. די קהילה־פאַר־װאַלטונג האָט אויף מיין אינטערפּעלאַציע נישט געהאַט װאָס צו ענטפערן, אָבער פאַרשװייגן אינגאַנצן האָבן זיי נישט געקענט, װייל די פּרעסע האָט שוין געשריבן װעגן דעם. האָט די קהילה־פאַרװאַלטונג באַשטימט אַ באַראַ־טונג פון אירע מיטגלידער מיט די הורטאָװניקעס און די לאַחדימניקעס.

מען האָט איבערגעלאָזט פאַרן פּרעזידיום פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג צו־נויפצורופן די באַראַטונג. אַלע מיטגלידער האָבן באַקומען קאַרטלעך צו קו־מען צו דער זיצונג, נאָר איך איינער האָב נישט באַקומען קיין איינלאַדונג. ווען די לאַחדימניקעס האָבן געקראָגן די אײַנלאַדונג צו דער זיצונג, זענען זיי געקומען צולויפן צו מיר און געפרעגט, צי איך וועל קומען צו דער זי־צונג. איך האָב זיי געענטפערט, אַז כאָטש קיין איינלאַדונג האָב איך נישט באַקומען, נאָר פונדעסטוועגן וועל איך זיך דערמיט נישט רעכענען און וועל דאָרט זײַן. איך בין געקומען צו דער זיצונג. איז דאָס טאַקע געווען אַ גרוי־סע אסיפה. ס'זענען זיך צונויפגעקומען: די גאַנצע קהילה־פאַרוואַלטונג, די גאַנצע פאַרוואַלטונג פון די הורטאַווניקעס און פון די לאַחדימניקעס און אַלע זעקס מיטגלידער פון ראַבינאַט. לייבל מינצבערג האָט געפירט די זי־צונג און ער האָט איבערגעגעבן, ווי די פראַגע איז געשטאַנען פאַר דער קהילה־פאַרוואַלטונג. קיין שטעלונג האָט די פאַרוואַלטונג נישט גענומען, נאָר זי האָט באַשלאָסן, האָט דער פאָרזיצער געזאָגט, צו רופן די קאָנפע־רענץ. די ערשטע האָבן געקראָגן דאָס וואָרט די לאַחדימניקעס, דערנאָך די הורטאַווניקעס. נאָך זיי האָב איך באַקומען דאָס וואָרט. איך האָב געזאָגט, אַז די לאַחדימניקעס וואָלטן מיט גרויס חשק גענוצט דאָס פלייש פון דער לאָדזשער שחיטה, ווײַל אַדאַנק דעם האָבן פּרנסה שוחטים און אַנדערע, אָבער זיי האָבן שוין געהאַט קיין כוח אויסצוהאַלטן די אַרויפגעט־שרויפטע פּרייזן. די קונים, בפרט די אַרבעטער, האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו קויפן אַ שטיקל פלייש אַפילו בלויז אויף שבת. האָבן די לאַחדימניקעס נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי צו ברענגען פלייש פון וואַרשע. די הורטאַווניקעס אָבער האָבן גענומען צו הילף דעם ראַבינאַט, ער זאָל אַרויסגעבן איסורים אויפן וואַרשעווער פלייש. ווײַל איך פרעגן דעם ראַבינאַט, וויפיל געלט האָט ער באַקומען פון די הורטאַווניקעס פאַר דער הילף און ווער באַצאָלט די צייטונגען פאַר די געדרוקטע איסורים. און נאָך איין זאַך ווײַל איך פרעגן ביים ראַבינאַט, צי קען דער וואַרשעווער רב נישט אַזוי גוט דעם שולחן־ערוך, ווי דער לאָדזשער ראַבינאַט, און צי זענען די מנקרים אין וואַרשע נישט אַזוינע ערלעכע יידן ווי די לאָדזשער מנקרים און צי האָט דער ראַבינאַט אויסגעפונען, אַז די שטעמפּלען אויף דעם פלייש זענען אפשר געפעלשטע. איך האָב אָבסערווירט די רבנים ווי זיי פילן זיך, ווען איך האָב גערעדט. איך האָב באַמערקט זייער אומרואיקייט, אָבער אַז זייער אויפרעגונג זאָל זײַן אַזוי גרויס, האָב איך זיך נישט געקענט פאָר־שטעלן. ווען איך האָב געענדיקט רעדן, האָבן זיך די זעקס רבנים געגעבן

אַ שטעל אויף, פון זייערע אויגן האָט געשפּריצט מיט שנאה און אַלע האָבן מיט זייערע אויסגעאיידלטע הענטעלעך געשמעלט מיר פּייגן...

איך האָב נאָך אַמאָל געבעטן אַ וואָרט צו אַ דערקלערונג. איך האָב קודם־כל פּראָטעסטירט קעגן פּאָרזיצער, פאַרוואָס ער דערלאָזט אַזאַ הפקר־דיקע אויפפירונג פון ראַבינאַט. איך האָב קיינעם נישט — האָב איך דער־קלערט — באַליידיקט. איך האָב נאָר געוואָלט די גאַס זאָל וויסן, אַז עס איז געשלאָסן געוואָרן אַ דריי־בונד פון דער קהילה, פון ראַבינאַט און די הורטאָווניקעס צו רייסן די הויט פון דער יידישער באַפעלקערונג און באַ־ווייזן, אַז דער ראַבינאַט מאַכט דאָס נישט בחינם. בשעת מעשה האָב איך געטראַכט, אפשר וועט זיך דער ראַבינאַט דאָך באַזינען און ער וועט פּרוּוון באַווייזן, אַז זיי זענען נישט שולדיק. ס'ווייזט אָבער אויס, זיי האָבן שוין געוווּסט, אַז ביי מיר אין קעשענע ליגן די אָפּשריפטן פון די קוויטונגען, וואָס די הורטאָווניקעס האָבן באַצאָלט. האָב איך דערקלערט, איך ווייס, אַז אַזוי גיך ווי די קהילה טוט אָן די רבנים זייערע שטריימלען, ווערן זיי תקיפים און די יידישע בורזשואַזיע חנפעט זיי און די באַשטריימלטע יידן באַצאָלן זיי מיט כשרען אַלע זייערע חטאים. אונזער אויפגאַבע איז דעריבער באַקאַנט צו מאַכן אַלע אייערע חטאים, וואָס איר באַגייט קעגן דער יידי־שער מאַסע. און דאָס, האָף איך, האָב איך דערגרייכט.

# איך ווער איינגעלאַדן צום פאַרזיצער פון דער יידישער קהילה — לייבל מינצבערג.

אין דער יידישער קהילה אין לאָדזש האָבן זיך כסדר געביטן די מער־היטן אין דער פאַרוואַלטונג. זי האָט זיך אַלעמאָל געווינגט צווישן די גערער חסידים אָדער דער „אגודה" און די אַלעקסאַנדערער חסידים, אָדער „אומ־פּאַרטייאישע" ווי זיי האָבן זיך גערופן. האָבן די „אומפּאַרטייאישע" גע־קראָגן אַ מערהייט — איז געוואָרן פאַרזיצער בנימין רוס, האָט די „אגודה" געקראָגן אַ מערהייט — איז פאַרזיצער געוואָרן לייבל מינצבערג.

דעם 13־טן מערץ 1928 פאַרבעט מיך לייבל מינצבערג צו זיך. איך קום אַריין אין זיין קאַנצעלאַריע אין דער קהילה. ער בעט מיך זייער העפ־לעך זיך זעצן קעגנאיבער אים און ער זאָגט מיר: „הער זעלמאַנאָוויטש! איך וויל אייך שטעלן עטלעכע פראַגעס און איך בעט אייך מיר אויפריכטיק און קלאָר ענטפערן".

איך זאָג אים: „פרעגט".

פראַגע 1: „ווי וועט איר זיך באַציען צו מיר ווי אַ פאַרזיצער פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג?"

מיין ענטפער: „קודם־כל שטעל איך פעסט, אַז מיר בונדיסטן האַלטן זיך און וועלן זיך אויך ווייטער האַלטן ביי דעם פּרינציפּ — נישט צו פירן קיין פערזענלעכן קאַמף. דעריבער וועט מיין פאַרהאַלטן זיך צום איצטיקן פאַרזיצער זיין אַזוי ווי איך האָב זיך פאַרהאַלטן צו די ביז איצטיקע פאַר־זיצערס".

ביי דעם בלייבט שווין לייבל מינצבערג שטיל.

איך זאָג אים: „איר האָט דאָך געזאָלט שטעלן אייניקע פראַגעס. וואָס פרעגט איר נישט?"

זאָגט לייבל מינצבערג: ער האָט גענוג.

ענטפער איך אים: „אַז איר האָט מיך שוין יאָ איינגעלאַדן, וויל איך

אייך זאָגן אונזער בליק אויף דער קהילה ווי זי איז איצט און וואָס מיר ווילן זי זאָל זיין: ערשטנס — מיר האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער קהילה, אָבער אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו אירע איצטיקע פונקציעס. צווייטנס — מיר וועלן ווייטער פירן אַ קאַמף קעגן דעם פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער פון דער קהילה. מיר וועלן קעמפן, אַז די קהילה זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ נוצלעכער אינסטיטוציע אויף דעם סאָציאַלן און קולטורעלן געביט. דריטנס — מיר וועלן שאַרף אַדויסטרעטן אויף דער קהילה־פּלאַטפאָרם אַזוי אויך אויסער דער קהילה קעגן דעם חוזק, וואָס די קהילה־פאַרוואַלטונג טרייבט איבער דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. פערטנס — אונזער אָפּאָזיציע וועט זיין גאָר שאַרף. אויב איר, די מערהייט פון דער „אגודה", וועט זיך ווייטער האַלטן ביי אייער דעקלאַראַציע נישט צו דערלאָזן, אַז די יידישע קהילה זאָל שטיצן די יידישע וועלטלעכע שול, וועלן מיר אַנגעמען אַלע מיטלען, אַז די שרעקלעכע עוולה, וואָס די קהילה באַגייט לגבי די יידישע וועלטלעכע שולן זאָל באַזייטיקט ווערן. פינפטנס — מיר וועלן ווייטער קעמפן, אַז די קהילה זאָל דעמאָקראַטיזירט ווערן, און וואַל־רעכט צו דער קהילה זאָלן האָבן אַלע יידן: מענער און פרויען אין עלטער פון 18 יאָר".

„און צום סוף וועל איך אייך ברענגען עטלעכע ביישפּילן, פאַרוואָס מיר באַשולדיקן אייך, אַז איר טרייבט חוזק פון די יידישע אָרעמע מאַסן:

„אין דער קהילה־קאַנצעלאַריע ליגן הונדערטער ביטעס, וואָס פון יעדער ביטע שרייט אַרויס אַ גוואַלדיקער געשריי פון צרות און פיין און איר קוקט די ביטעס אפילו נישט איבער. עס האָבן זיך פאַררעגיסטרירט 12 טויזנט אַרבעטסלאָזע און אָרעמע מענטשן אויף קוילן, בכדי צו האָבן מיט וואָס צו באַהייצן זייערע שטובן, ווו די קינדער זענען נישט באַקליידט און נישט באַשיכט. דער דאָזיקער פיין פון צרות, הונגער, נאַקעטקייט און קעלט — רופן און מאָנען ביי אונז, — ביים „בונד", אַז מיר זאָלן אויסשרייען זייער געשריי. און דאָס וועלן מיר טאָן, ווייל דער „בונד" איז פלייש פון זייער פלייש, בלוט פון זייער בלוט!"...

## די אגודה און די אומפּאַרטייאישע אין דער יידישער קהילה
## זוכן צו מאַכן שלום.

אין דער יידישער קהילה אין לאָדזש איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקע מחלוקה צווישן דער „אגודה" און די „אומפּאַרטייאישע". איינגעשלאָסן צווישן די גערער און אַלעקסאַנדערער חסידים. זיי האָבן געהאַט כמעט גלייכע כודית אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, און בכדי צו ווערן די פאַקטישע מערהייט האָט יעדער צד געמוזט אָנקומען צו דעם פאַרטרעטער פון די „פאָלקיסטן", אַדוואָקאַט ווייצמאַן, און ער האָט זיך געלאָזט קויפן (נישט פאַר זיך, נאָר פאַר די פאָלקיסטן). האָט ער טאַקע ביי פאַרשידענע קאַדענצן געהערט אַמאָל צו דער „אגודה" און אַמאָל צו די „אומפּאַרטייאישע".

עס האָט אויך געטראָפן, אַז ווען ווייצמאַן האָט זיך אַמאָל פאַרעקשנט, האָבן זיי געפּרוווט זיך ווענדן צום בונדישן פאַרטרעטער אין דער קהילה, אָבער דער לעצטער האָט זיי געענטפערט, אַז בונדישע פאַרטרעטער קען מען נישט קויפן. מיר וועלן ווען עס איז אויסקעמפן אַ מערהייט און פירן די קהילה אין די אינטערעסן פון יידישע מאַסן. די אָנהענגער פון „אגודה" און „אומפּאַרטייאישע" האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן די שטענדיקע מחלוקה און נאָך מער האָבן זיי נישט געקענט פאַרטראָגן, וואָס אַדוואָקאַט ווייצמאַן זאָל זיין דער, וואָס זאָל שאַפן די מערהייט. זיי האָבן דאָך געוווּסט, אַז אַדוואָקאַט ווייצמאַן איז אַ פרייער מענטש — און ער זאָל דאָס זיין אַ דירעקטער שותף צו דער ארבעט פון דער קהילה...

זענען די צוויי אָרטאָדאָקסישע טיילן אין דער קהילה געקומען צו אַ באשלוס, אַז מען דאַרף זען צו מאַכן שלום. האָבן זיי ביידע מסכים געווען, אַז דער פּאַרמיטלער זאָל זיין דער ניי־שטעטער רבי. איז ער טאַקע געקומען קיין לאָדזש, זיך באַזעצט אויף עטלעכע חדשים און געאַרבעט פאַר שלום. די אונטערהאַנדלונגען זענען געפירט געוואָרן ביי משתה ושמחה, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. זיי האָבן נישט געקענט אַדורכקומען. פאַרשטייט זיך,

אַז ביי די צדדים זענען נישט געווען קיין פּרינציפּיעלע אונטערשיידן. מען האָט געוואָלט אויסנוצן די קהילה־קאַריטע נאָר פאַר די אייגענע כלי־קודש. פאַרוואַלטונג, ווו עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מערהייט פון די „אומפּאַרטייאישע" מיטן פאָלקיסט אַדוואָקאַט וויצמאַן.

ענדלעך איז דעם 27־סטן יוני גערופן געוואָרן אַ זיצונג פון דער קהילה־

אַזוי ווי דער פאָרזיצער הער רוס האָט געעפנט די זיצונג האָב איך גענומען דאָס וואָרט און אָפּגעגעבן די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„שוין איייניקע חדשים ווי עס איז נישט פאָרגעקומען קיין זיצונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג און דאָס איז איינציק און אַליין צוליב דער שולד פון די צוויי גרעסטע פראַקציעס אין דער קהילה — די „אגודה" און די „אומפּאַרטייאישע" מיט זייער נאָכשלעפּער דעם פאָלקיסט אַדוואָקאַט וויצמאַן. אייך גייט נישט אָן די נויט און די לײַדן פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן. עס האָבן זיך אין דער צווישנצייט אָנגעזאַמלט הונדערטער ביטעס, וואָס פון יעדער ביטע שרייט אַרויס אַ ים צרות. צו דעם דאָזיקן געשריי זענט איר טויב און שטום. איך פּראָטעסטיר קעגן אַזאַ האַנדלונג! און בעט מיין דערקלערונג אַרייַנטראָגן אין פּראָטאָקאָל"...

## די יידישע קהילה אין לאָדזש ווערט איינגעלאַדן צו באַטיי־ליקן אין דעם 50־יאָריקן יובל פון שלום אַש.

זונטיק, דעם 8־טן פעברואַר 1931, איז אויף אַ זיצונג פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג איבערגעליינט געוואָרן אַ בריוו פון אַ יובל־קאָמיטעט, וואָס פּראַוועט דעם 50־יאָריקן יובל פון שלום אַש. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער יידישער קהילה זענען געזעסן אַ מערהייט אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס זיי האָבן בכלל פיינט געהאַט סיי אַ יידישן שרייבער, און סיי אַ יידיש בוך. זיי האָבן געקענט פאַרטראָגן, אַז זייערע טעכטער זאָלן לייענען ביכער אויף אַלע לשונות, אָבער אַ יידיש בוך — דאָס נישט. אָבער ווען עס איז געשטאַנען אַ פראַגע וועגן אַ יידישן שרייבער, צי דאָס איז געווען אַ יובילײ אָדער חלילה אַ לוויה האָבן זיי זיך דערמיט געשטיקט. אָבער אַ באַשטימטע גרופּע אין דער קהילה האָט געדריקט, אַז מען זאָל האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו שלום אַשס יובל. ביי דער דיסקוסיע האָב איך גענומען אַ וואָרט אויף אָפּצוגעבן אַ דערקלערונג אין נאָמען פון דער בונדישער פראַקציע אין דער קהילה.

„איך וועל אין דער אָפּשטימונג וועגן שיקן אַ באַגריסונג צו דעם 50־יאָריקן יום־טוב פון שלום אַש זיך נישט באַטייליקן — האָב איך געזאָגט — און אָט צוליב וואָס: מיר די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו אַשן דעם קינסטלער, שרייבער און דיכטער. זיינע ווערק פאַרנעמען איינעם פון די חשובסטע פּלעצער אין אונזערע ביבליאָטעקן אין די שטעט און שטעטלעך און ווערן געליינט אין די יידישע וועלטלעכע שולן. דער יידישער אַרבעטער איז דער יסוד פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער נייער וועלטלעכער קולטור און מיר ווייסן ווי אָפּצושאַצן די שאַפונגען פון שלום אַש; פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך האָט זיך אין די לעצטע יאָרן שלום אַש געשטעלט מיט דעם פּנים צו די, וואָס זענען פיינד פון יידיש און יידישער קולטור. ער האָט זיך אויך געשטעלט מיטן פּנים צו די, וואָס מאַכן זיך נישט זעענדיק די אָרגאַניזאַטאָרן פון פּאָגראָמען אויף אַ קינאָ צוליב יידישע אויפשריפטן — צו די, וואָס לאָזן נישט רעדן קיין יידיש אויף פאַרזאַמלונ־

גען. ווען די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג, באַזונדערס זייער פּרעסע, האָבן געפירט די העסלעכסטע קאַמפּאַניע קעגן דער יידישער וועלטלעכער שול, איז אויך שלום אַש געשטאַנען אויף זייער זייט. שלום אַש האָט אַלע יאָרן זיך געהאַלטן ווייט פון פּאָליטיק. די לעצטע יאָרן אָבער האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט פּאָליטיק. האָט ער זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער שוואַרצער רעאַקציע אין אונזער לאַנד. אָט צוליב די מאָטיוון באַטייליק איך זיך נישט אין דער אָפּשטימונג".

# איך געזעגן די ווילנער טרופּע.

לאָדזש האָט מיט אומגעדולד דערוואַרט די ווילנער טרופּע. די יידישע מאַסן, וואָס האָבן זיך קולטורעל אויסגעלעבט אין יידיש, האָבן געבענקט נאָך אַ יידישן קינסטלערישן טעאַטער. דאָ קומט אַ ידיעה, אַז די ווילנער טרופּע קומט קיין לאָדזש. דאָס איז געווען אין יאָר 1930. די לאָדזשער יידישע מאַסן האָבן דערפילט, אַז עס וועט זיין אַ יום־טוב אויף דער יידישער גאַס, אָבער באַזונדערס האָבן זיך געגרייט די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער־מאַסן. די בונדישע פראַקציע אין לאָדזשער שטאָט־ראַט, אויסנוצנדיק, וואָס אין לאָדזש איז אין יענעם יאָר געווען אַ סאָציאַליסטישער שטאָט־ראַט, האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז דער מאַגיסטראַט זאָל באַשטימען אַ סובסידיע פאַר דעם יידישן קינסטלערישן טעאַטער, פאַר דער ווילנער טרופּע (אין לאָדזש). די בונדישע פראַקציע האָט פאַרלאַנגט, אַז די סובסידיע זאָל געגעבן ווערן דורך דעם קולטור־אַמט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס האָבן אַרומגענומען אַלע פּראָפעסיאָנעל אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער פון אַלע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס.

דער לאָדזשער מאַגיסטראַט האָט באַשטימט די סובסידיע אין דער גרויס פון דריי טויזנט זלאָטעס. דער קולטור־אַמט האָט די דריי טויזנט זלאָטעס איבערגעגעבן דער ווילנער רופּע אין דער האַנט פון איר דירעקטאָר מאַזאָ, און עס איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן דעם דירעקטאָר מיט די פאָרשטייער פון קולטור־אַמט, אַז דער קולטור־אַמט קריגט הנחה־בילעטן צו זייער ביליקע פּרייזן, וואָס עס זאָל מעגלעך מאַכן די אַרבעטלאָזע צו באַזוכן די ווילנער טרופּע. און דער קולטור־אַמט האָט טאַקע אַרויסגעגעבן איז פאַרלויף פון די צוויי חדשים, וואָס די ווילנער טרופּע האָט געשפּילט אין לאָדזש פיר טויזנט בילעטן פאַר אַרבעטסלאָזע.

אָבער אויסער דעם האָט דער קולטור־אַמט געקויפט אַ גאַנצע פאָרשטעלונג. די ווילנער טרופּע האָט געשטעלט דעם „גולם" פון ה. לייוויק. פאַר דער פאָרשטעלונג האָט דער חבר ליכטענשטיין, אַ גרויסער קענער פון דער יידי־

שער ליטעראַטור און דער פירער פון „בונד" אין לאָדזש, געהאַלטן אַ באַ־לערנדיקן רעפעראַט וועגן לייוויקס „גולם". די פאָרשטעלונג איז געווען באַ־זוכט פון פופצן הונדערט אַרבעטער און אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ, אָבער פיל הונדערטער זענען אַוועקגעגאַנגען אָן בילעטן. דער קולטור־אַמט האָט דעריבער געצווונגען אַ צווייטע פאָרשטעלונג פון לייוויקס „גולם". אויך די צווייטע פאָרשטעלונג איז געווען פול באַזעצט, און חבר י. ליכטענשטיין האָט איבערגעחזרט דעם רעפעראַט. די אַרטיסטן, רעזשיסער, דירעקטאָר און רע־פערענט — האָט מען שטאַרק אַפּלאָדירט, און עס זענען צוגעטראָגן געוואָרן בלומען פון קולטור־אַמט און פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דאַן האָבן זיך אויף דער בינע פאַרזאַמלט אַלע אַרטיסטן און געדאַנקט די יידישע אַרבעטער און אינטעליגענץ פאַר זייער מאַסנווייזע באַזוכן די פאָרשטעלונ־גען. באַזונדערס דאַנקען זיי דעם קולטור־אַמט פאַר די לעצטע צוויי פאָר־שטעלונגען, וואָס האָט מיט באַגייסטערונג אויפגענומען די אַרטיסטן, און אַ באַזונדערן הארציקן דאַנק פאַר דעם אינהאַלטרייכן רעפעראַט, וואָס חבר י. ליכטענשטיין האָט געהאַלטן. „דאָס איז געווען אַ גרויסע דערהויבונג נישט בלויז פאַר די באַזוכער, נאָר אויך פאַר אונזער טרופּע".

די ווילנער טרופּע האָט פאַר איר אָפּפאָרן פון לאָדזש איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע געזעגנונגס־פאָרשטעלונג און פאַרבעטן דעם „בונד", ער זאָל צו־שיקן אַ רעדנער, וואָס זאָל זיך מיט זיי געזעגענען אין נאָמען פון די לאָדזשער אַרבעטער. איך האָב געהאַט דעם כבוד, אַז איך זאָל באַשטימט ווערן פאַר דעם רעדנער.

קומענדיק אין טעאַטער האָט מיך אַרומגענומען אַ יום־טובדיקייט, ווייל די אַרטיסטן, דער דירעקטאָר, דער אָרקעסטער און אַלע באַזוכער האָבן גע־האַט אַ יום־טובדיקן אויסזען. פאַר דעם לעצטן אַקט האָב איך באַקומען דאָס וואָרט.

איך האָב דערקלערט אין אָנפאַנג, אַז איך וועל אין מיין רעדע נישט אָפּשאַצן דאָס שפּילן פון די אַרטיסטן און דעם אויסוואַל פון די פּיעסעס, אָבער איך וויל זאָגן דער ווילנער טרופּע און דעם דירעקטאָר מאַזאָ און דעם גאַנצן פאַרזאַמלטן עולם, אַז די יידישע קולטור, דער יידישער שרייבער, די יידישע אַרטיסטן האָבן דעם שטאַרקסטן אָנשפּאַר אָן דעם יידישן אַרבעטער, יידישן פאָלקס־מענטש, ווייל ער, דער יידישער פאָלקס־מענטש, פילט, אַז ער דאַרף דאָס האָבן פּונקט ווי לופט צום אָטעמען, ווי ברויט צום עסן. און אַ באַווייז דערפאַר איז טאַקע, וואָס דער „בונד" האָט אויסגעווירקט, אַז דער סאָציאַליסטישער מאַגיסטראַט זאָל סובסידירן דעם ווילנער קינסטלערישן

טעאַטער, און אויך דאָס, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען פון די יידישע אַרבעטער האָבן אַזוי מאַסנהאַפט באַזוכט די פאָרשטעלונגען און מיט אַזאַ באַגײַסטערונג אויפגענומען די אַרטיסטן. עס מוז אויך געזאָגט ווערן, אַז די קולטור פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, פונקט ווי די קולטור פון אַלע מינ־דערהייטן, קען האָבן אויף א קיום, נאָר אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. א באַווייז, אַז מיר האָבן דאָ א סאָציאַליסטישע מערהייט — האָט זי סובסי־דירט דעם יידישן טעאַטער.

ביי די רייד האָט דער בירנגערלעכער טייל פון די באַזוכער אָנגעהויבן צו שרייען: „דאָ איז נישט קיין וואָל־מיטינג"...

נישט וועלנדיק, אַז דער געזעגנונגס־יום־טוב פאַר דער ווילנער טרופּע זאָל נישט פאַרשטערט ווערן — האָב איך זיי געוווּנטשן אינם נאָמען פון „בונד", און אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטער־ און פאָלקס־מאַסן ווייטער־דיקע דערפאָלגן אויף זייער קינסטלערישן וועג...

# מיין מאַטל ווערט אַרעסטירט.

עס איז נאָוועמבער 1936. אין שפּאַניע קומט פאָר אַ העראָאישער גע־ראנגל פון דער שפּאַנישער רעפּובליק קעגן דעם פראַנקאָ־רעזשים. די גאַנ־צע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג און די קלאַסן־פאַריינען אין פּוילן האָבן געלעבט און געאָטעמט מיט די שפּאַנישע געשעענישן.

איינע פון די הויפּט־סיבות, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן האָט געאָטעמט מיט די געשעענישן אין שפּאַניע, איז געווען, ווייל פּוילן האָט דע־מאָלט געהאַט די סאַנאַציע־רעגירונג, וועלכע איז געווען האַלב פאַשיסטיש און איז געגאַנגען אויפן וועג צו אַ טאָטאַלן פאַשיזם. עס האָט אין יענער צייט עקזיסטירט דער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע. די אַר־בעטער־צייטונגען פלעגן אַרויס מיט ווייסע פלעקן (פון דער צענזור). אַרבע־טער־מיטינגען האָבן נישט געקענט פאָרקומען, ווייל די באַלקנס האָבן גע־האַלטן ביים איינפאַלן...

באַזונדערס האָט געקאָכט וועגן שפּאַניע אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. אין „בונד", אַזוי אויך ביים יוגנט־בונד „צוקונפט" און אין די פּראָ־פעסיאָנעלע פאַריינען — איז דאָס געווען אַ געשפּרעך פון טאָג. אויף אַלע קרייזן־פאַרזאַמלונגען אין די פאַריינען איז די טעמע געווען שפּאַניע. מען האָט געזאַמלט געלט פאַר די שפּאַנישע קעמפער. די יוגנט האָט אויף דעם באָדן פון די יוגנט־סעקציעס אין די פאַריינען געשאַפן אַ געמיינזאַמען קאָ־מיטעט, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט די יוגנט פון פ.פּ.ס., „בונד" און לינקע. יעדער האָט געשיקט צו צוויי פאָרשטייער. איינער פון די צוויי „צו־קונפטיסטן" איז געווען חבר שלמה פּאַוו.

אין אַ באַשטימטן שבת־צו־נאַכט אין נאָוועמבער האָט דער יוגנט־בונד „צוקונפט" אָרגאַניזירט אַ פאַרזאַמלונג וועגן שפּאַניע. די יוגנט אויסגעפּוצט מיט רויטע שלייפעלעך אין די לאַצן. דעם מיטינג עפנט פילאָזאָף. די רעד־נער: חברטע וויינבערג און מאַטל זעלמאַנאָוויטש. מען ענדיקט מיט רעוואָלו־ציאָנערע לידער און אַ זאַמלונג פאַר די שפּאַנישע אַרבעטער.

איך בין דעם זעלבן אָוונט געווען פאַרנומען און אהיים געקומען אײנס אַזייגער בײַנאַכט. איך קום אַרײַן אין שטוב — מײַן ווײַבל שטייט אַ צע־טראָגענע, דאָס פּנים פּלאַמט; אין מיטן שטוב ליגט אָנגעוואָרפן מײַן גאַנצע ביבליאָטעק, צײַטונגען, זשורנאַלן, אויפן טיש אָנגעוואָרפן פּאַפּירן, פאָטאָ־גראַפיעס.

איך פרעג, וואָס איז געשען? ענטפערט מיר מײַן ווײַבל: „מען האָט מאָטלען אַרעסטירט”. און זי דערציילט מיר, ווען די אַגענטן זענען אַרײַנגע־קומען, אין דער באַגלייטונג פון דער פּאָליציי, האָבן זיי געפרעגט ווו איז מאָטל זעלמאַנאָוויטש? מײַן פרוי האָט זיי געענטפערט, אַז ער איז נאָך נישטאָ, אָבער — זאָגט מײַן פרוי — איר מיינט געוויס אפרים־אליעזר זעל־מאַנאָוויטש. זיי ענטפערן קאַטעגאָריש — מיר זענען געקומען נאָך מאָטל זעלמאַנאָוויטש! און גלייכצייטיק מיט אַ פאַראָרדנונג — האָבן זיי געזאָגט — אדורכצופירן דאָ אַ רעוויזיע!...

דאָס ערשטע האָבן זיי אָנגעהויבן אין שלאָף־צימער און מײַן ייִנגערער זון שלאָמעק, וואָס איז געלעגן אין בעט, האָט באַקומען פון זיי אַ באַפעל אויפשטיין. זיי האָבן געזוכט אין די בעטן, אַרויסגעוואָרפן אַלצדינג און שפּע־טער זיך גענומען צו דער ביבליאָטעק און די שופלאָדן פון די שענק און שרייב־טיש. אַלץ צעוואָרפן און איבערגעקוקט. צווישן די זאַכן האָבן זיי גע־פונען אַ בלאָק צו זאַמלען געלט פאַרן „סקיף” (סאָציאַליסטישער קינדער פאַרבאַנד). מײַן ייִנגערער זון שלאָמעק, וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען 13 יאָר זאָגט: „דאָס איז מײַן בלאָק, איך זאַמל געלט פאַר דעם „סקיף”!

אין דער צײַט, וואָס זיי האָבן געזוכט — איז דערווײַל מײַן מאָטל אהיים געקומען מונטער, אין אַ גוטער שטימונג, אָנגעטאָן אין בלויען אַנצוג מיט אַ רויט שלייפל אויפן לאַץ. זיי, די אַגענטן, האָב אים באַלד אַרומגענו־מען און געפרעגט: „דו ביזט מאָטל זעלמאַנאָוויטש?” דער ענטפער איז גע־ווען — „יאָ”! האָבן זיי ווײַטער געטאָן זייער אַרבעט. אָבער מאָטל האָט זיך צוגערוקט צו דער מאַמען און זאָגט איר שטיל:

„מאַמע, דו האָסט שוין אַזוי פיל פּראַקטיק בײַ רעוויזיעס, וואָס מען האָט אַדורכגעפירט בײַ אונז אין שטוב, ווען מען איז געקומען אַרעסטירן דעם טאַטן און אָפטמאָל האָסטו אַרויסגעראַטעוועט דאָקומענטן, וואָס וואָלטן באַשווערט די באַשולדיקונג פון טאַטן. ראַטעווע מיך איצט — נעם דאָס פּאַסט־קאַרטל!”...

די מאַמע האָט דאָס באַלד גענומען און האָט עס בײַ זיך פאַרשטעקט...

דאָס קאַרטל איז געווען צו מאָטלען: „אַזוי ווי די בעלאָכאָטאָווער אָר־

גאניזאציע אָרדנט איין אויף דעם און דעם דאטום א געמיינזאמען יוגנט־מיטינג געווידמעט שפּאניע, אין וועלכן עס באטייליקן זיך דער יוגנט־בונד „צוקונפט", די יוגנט פון פּ.פּ.ס. און די לינקע יוגנט — בעטן זיי, אז מען זאָל זיי שיקן א רעדנער — מיר וואלטן וועלן, אז דאָס זאָל זיין מאָטל"...

די אגענטן האָבן אדורכגענישטערט און מיטגענומען מיט זיך עטלעכע ביכער אויף סאָציאַליסטישע טעמעס און פארשטיים זיך אויך מאָטלען.

טרייסטן מיין פרוי האָב איך נישט געקענט. מיר אַלע דריי האָבן בשעת מעשה געטראכט וועגן איין זאך: קיין פּראָצעס קענען זיי נישט און וועלן נישט מאכן קעגן מאָטלען, אָבער אוועקשיקן אים אין קאָנצענטראציע־לאַגער קיין קארטוז־בערעזע קענען זיי יאָ. עס איז איבעריק צו באשרייבן, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. מיר האָבן געוווסט, אז מען האָט אים אוועקגע־פירט אין דער דעפּענסיווע.

אזוי ווי נישט ווייט פון דער דעפּענסיווע האָט געוווינט אונזערער א איבערגעגעבענער חבר הערש רובינשטיין, איינער פון די העכסטע אָנגע־שטעלטע ביי דער פירמע עטינגער (חבר רובינשטיין איז אומגעקומען מיט זיין גאנצער פאמיליע אינם ווארשעווער געטאָ), וועלכער איז ערשט נישט לאַנג געזעסן עטלעכע טעג אין דער דעפּענסיווע — האָב איך זונטיק אין דער פרי געמאכט א פּעקל עסן אריינצוגעבן מאָטלען. אָבער איך בין ראשית כל אריין צום חבר רובינשטיין, אים דערציילט וועגן מאָטלס ארעסט און גע־פרעגט: ווי אזוי גיט מען אים אריין דאָס פּעקל עסן?

חבר רובינשטיין און זיין פרוי האָבן מיר געזאָגט, אז מען נעמט נישט אָן קיין שום פּעקלעך. „עס איז אומזיסט אייער גיין אהין!...

איך האָב זיי אָבער נישט געפאָלגט און בין אוועק אין דער דעפּענסי־ווע. דאָרט פלעגט קענען אריינקומען בלויז דער, וואָס האָט באקומען פון זיי אן „איינלאַדונג". ביים אריינגאַנג האָט מען געמוזט אָפּגעבן די איינלאַ־דונג דעם פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר און ער האָט ארויס־געגעבן א נומער און געוויזן ווו מען דאַרף גיין.

עס איז געווען זונטיק. קיין פּאָליציאַנט איז נישט געווען, ווייל די קאַנ־צעלאַריע איז זונטיק נישט אָפן.

איך הייב אָן צו גיין. איך עפן פארשידענע טירן, אָבער איך טרעף נישט קיינעם. ענדלעך עפן איך א טיר, און דאָרט זיצט א באַאמטער. איך דער־צייל אים וועגן אַרעסט פון מיין מאָטלען און בעט ביי אים, אז מען זאָל אים אריינגעבן דאָס פּעקל עסן. ער האָט מיר געגעבן א צעטל איך זאָל קומען מאָרגן פרי, וועט ער מיר דאַן קענען זאָגן צי מען האָט אים אריינגעגעבן דאָס

עסן צי נישט, און אויך וואָס עס וועט זיין מיט מיין זון... היינט איז זונטיק וויים ער גאָרנישט.

צו מאָרגנס בין איך דאָרט אריין מיטן צעטל, זענען שוין דאָרט געזעסן צוויי באַאַמטע. איך דערציי̈ל נאָך אַמאָל די זעלבע זאַך און בעט ביי זיי מען זאָל אים באַפרייען.

אָבער דאָ הויבט איינער פון די באַאַמטע אויף אַ געוואַלד: „וואָס הייסט מיר וועלן אים באַפרייען? — ער איז דאָך אַ קאָמוניסט!"...

זאָג איך, אַז דאָס איז נישט ריכטיק.

„פונוואַנען ווייסט איר? — שרייט ער נאָך העכער — איר גייט דען מיט אים מיט?"

איך ענטפער, אַז ער גייט מיט מיר, ווייל ער געהערט צום יוגנט־בונד „צוקונפט" און די אָרגאַניזאַציע געפינט זיך אין דעם זעלבן לאָקאַל, וואָס דער „בונד", ווו איך קום יעדן אָוונט און דאָרט געפינט זיך אויך מיין זון.

דאָ רופט ער זיך אָפּ צו מיר שוין מיט אַ שטילן טאָן, אַז עס איז נאַר־מאַל, אַז דער טאַטע איז אַ „בונדיסט", זאָל דער זון זיין אַ „קאָמוניסט".

אויף מיין פראַגע צי ער וועט ווערט באַפרייט, איז געקומען דער ענטפער, אַז ער וועט גיין קיין קאַרטוז־בערעזע.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב פאַר דער מאַמען גאָרנישט דערציילט; איך האָב אָנגעהויבן טרעטן וועגן גיין מיט אַ דעלעגאַציע צום וואָיעוואָדע, פעסטשטעלן, אַז ער געהערט צום יוגנט־בונד „צוקונפט", און אַז די באַשולדיקונג, אַז ער איז אַ קאָמוניסט איז פאַלש און אויסגעטראַכט...

אָבער דעם זעלבן מאָנטיק אָוונט איז אונזער מאָטל באַפרייט געוואָרן.

ער האָט דערציילט, אַז ער האָט געהאַט אַן אויספאָרשונג, בעת וועלכער מען האָט אים געפרעגט צי ער איז אַ קאָמוניסט? דערויף האָט ער געענטפערט: „ניין". מען האָט אים אויך געפרעגט צי געהערט ער נישט צו אַ קאָמיטעט צו העלפן די שפּאַנישע רעוואָלוציאָנערן? אויך דערויף האָט ער געענטפערט מיט אַ ניין.

מען האָט אים דאַן געגעבן אַ זעץ אין פּנים, אַז ער האָט דערזען פונקען פאַר די אויגן, און אים צוריק אַריינגעוואָרפן אין דער צעל.

שפּעט אין דער נאַכט האָט מען אים באַפרייט.

ביי אונז אין שטוב איז געווען אַ גרויסע פרייד, דאָס זעלבע אויך ביי דעם לאָדזשער יוגנט־בונד „צוקונפט"...

# איך ווער געטראָגן אויף די כוואַליעס פון מלחמה-שטורם פון לאָדזש קיין אַמעריקע.

שוין פון מיטן אויגוסט 1939 האָט פוילן געפיבערט. יעדן טאָג האָט מען זיך געריכט אויף אַן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד אויף פוילן. יעדער בירגער פון פוילן האָט פאַרשטאַנען, וואָס עס באַדייט אַן אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד, כאָטש קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די מיליטערישע קראַפט פון היטלער־דייטשלאַנד איז אַזוי גרויס, און הגם מיר אַלע האָבן איבערגעשאַצט דעם מיליטערישן כוח פון פוילן, זענען אָבער אַלע געווען ארומגענומען מיט שרעק. גאַר אַ באַזונדערער שרעק האָט באַהערשט די יידישע מאַסן. דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אַרויסגעלאָזט אַן אַפּיש, וואָס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן איבערן שטאָט. אין דעם אַפּיש איז די יידישע באַפעלקערונג גערופן געוואָרן צו זיין גרייט ווען עס וועט זיין נייטיק העלפן אונזער מיליטער פאַרטרייבן די נאַציישע אָנגרייפער פון אונזער לאַנד.

אין פוילן איז געווען איינגעפירט, אַז אויף יעדער עפנטלעכער געדרוקטער אויסגאַבע האָט געמוזט זיין אונטערגעשריבן אַ פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר. דעם אַפּיש פון „בונד" האָב איך אונטערגעשריבן. ווען די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט אין לאָדזש, האָבן זיי נאָך געטראָפן די אַפּישן.

דער קריג צווישן היטלער־דייטשלאַנד און פוילן איז אויסגעבראָכן דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, אָבער נאָך דעם 26־סטן אויגוסט האָט די פוילישע מיליטער־מאַכט מאָביליזירט מיין עלטסטן זון מאָטל. שוין דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה איז ער געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט, וואָס האָט זיך געפונען ביי שעראַדז. אין לאָדזש האָט מען געהערט דעם אָפּקלאַנג פון די שלאַכטן, וואָס זענען דאָרט פאָרגעקומען. אויך אויף לאָדזש זענען געוואָרפן געוואָרן צינד־ און אויפרייס־באָמבעס, אָבער קיין גרויסע שאָדנס האָבן זיי נישט פאַראורזאַכט.

מיר האָבן באַקומען גרוסן, אַז דאָס דייטשע מיליטער דערנענטערט זיך

צו לאָדזש. די גרוסן האָבן מיר באַקומען פון די טויזנטער יידישע וואַנדערער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון ווילנע, קאַליש, שעראַדז און אַנדערע שטעטלעך אַרום לאָדזש.

אין מיטן דער נאַכט פון 5־טן און 6־טן סעפּטעמבער האָט מען געקלאַפּט ביי אונז אין טיר און מאָטל מיט נאָך צוויי זעלנער, קריסטן, זענען אַריינגעקומען. דאָס אויסזען פון מאָטלען: דאָס פּנים בלאָס, די אויגן טיף אין קאָפּ ברענען, אָבער מיט אַ העליש פייער, די האָר פון קאָפּ אויפגעשטעלט און צעשויבערט, די לופּע פון זיין מאַשין־ביקס אָפּגעשאָסן, און ער ווענדט זיך צו דער מאַמע: „גיב אונז אָפּצוואַשן און אָפּצועסן, מיר האָבן שוין צוויי טעג גאָרנישט געהאַט אין מויל". ס'איז זיך פאַרצושטעלן אונזער פרייד, ווען מיר האָבן דערזען מאָטלען. פינף טעג איז ער געלעגן אויפן שלאַכט־פעלד, וווּ עס האָט געברענט מיט פייער, און אָט זעען מיר אים אַ גאַנצן, געזונטן, און דאָך איז אונזער פרייד געווען געמישט מיט מורא: אין מיטן נאַכט, ער מיט צוויי זעלנער — עס איז דאָך מלחמה־צייט, מען וועט עס באַטראַכטן פאַר דעזערציע, און דאַן זענען מיר אַלע פאַרלוירן. מאָטל האָט דאָס באַמערקט און אונז בארואיקט, אַז זיי קומען פון אַ צעשלאָגענעם פראָנט, זיי האָבן נישט בדעה צו דעזערטירן. נאָך דעם ווי זיי האָבן אָפּגעגעסן און געטרונקען, זענען די צוויי קריסטלעכע זעלנער אוועק אין די קאַשאַרן און מאָטל האָט זיך אַביסל אוועקגעלייגט. אַביסל שפּעטער, מען קלאַפּט ווידער אין טיר און עס באַווייזט זיך חבר מנחם זילבערשטיין (ער איז דער קאַסירער פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" און געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק, געראַטעוועט דורכן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט), דעם רוקזאַק אויף די פּלייצעס, און זאָגט צו מיר: „אויב דו ווילסט נישט אַריינפאַלן אין היטלערס נעגל, קום מיט מיר".

— „מען קען דאָך נישט, אויף 7 פרי איז באַשטימט אַ זיצונג פון קאָמיטעט".

ענטפערט ער מיר, אַז עטלעכע חברים האָבן געמאָלדן, אַז זיי בלייבן אַנצופירן מיט דער אַרבעט און אַז דער גרעסטער טייל פון די קאָמיטעט־מיטגלידער איז שוין אוועק. דאָס מיליטער און פּאָליציי פאַרלאָזן לאָדזש, און צוזאַמען מיט זיי גייט אוועק דער גרעסטער טייל פון דער מענלעכער באַפעלקערונג. מאָטל האָט דאָס דערהערט אין שלאָף, האָט ער זיך אויפגעהויבן, גענומען די ביקס מיט דער גאַז־מאַסקע אין דער האַנט, און זיך אָנגעהויבן געזעגענען, מיין פרוי צעוויינט זיך היסטעריש און פון די ליפּן רייסן זיך די ווערטער. עס איז דאָך אומנאַטירלעך, אַז אונזער ליבע משפּחה

:אל אזוי צעריסן ווערן. מאטל גייט אין די קאשארן און פון דארט אויפן פראנט, און איך — אויף וועגן, אין א ציל. שלאמעק, דער יינגערער זון בלייבט מיט דער מאמען. ער וויינט נישט, אבער אין זיין פנים און אין זיינע אויגן שפיגלט זיך אפ דער גאנצער צער, און ער פרוווט בארואיקן מיין פרוי מיט די ווערטער: „מאמע, וויין נישט, א וועלט קומט דאך אום!"

מיין פרוי גיט מיר מיט עטלעכע שטיקלעך וועש און וואלעריאן־טראפן צום הארצן.

איך בין אראפ אין גאס, לאדזש איז וואך. דאס מיליטער ציט זיך צוריק אויף דער מיט פון גאס, און די ציווילע באפעלקערונג אויף די טראטוארן. עס איז א פאלקס־וואנדערונג. אלץ פארנעמט זיך אויף ווארשע. צו פארן איז אוממעגלעך, ווייל די גאנצע לאקאמאציע איז פארנומען פון מיליטער. עס האבן זיך גרופירט אביסל נאענטע חברים, דער גרעסטער טייל פון דער יוגנט, פון דער „צוקונפט"־ארגאניזאציע, וואס איך האב אזוי הארציק ליב געהאט, און אזוי האט מען זיך געלאזט אין וועג אריין. דעם גאנצן וועג האבן אונז באגלייט היטלערישע עראפלאנען, און ווען זיי פלעגן זיך באווייזן, האבן די טויזנטער וואנדערער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, ווייל ווי נאר זיי זענען אנגעפלויגן, האבן זיי זיך אראפגעלאזט נידעריק און אנגעהויבן שיסן פון מאשין־ביקסן, און ווער ס'האט זיך נישט באוויזן אוועקצולייגן אדער האט אויס נייגעריקייט אויפגעהויבן דעם קאפ, איז דערשאסן געווארן פון א קויל. טויזנטער זענען טאקע אין וועג אומגעקומען פון היטלערישע קוילן. יעדעס שטעטל אויפן וועג איז געשטאנען אין פלאמען. אבער ווען מיר זענען אנגעקומען קיין לאוויטש, האבן מיר באשלאסן אביסל צו רוען. די גאסן זענען געווען פול מיט פויליש מיליטער. דאס שטעטל איינגעהילט אין פינצטערניש, אלע פענצטער, טירן זענען פארקלאפט. עס איז נישט מעגלעך אריינצוקומען צו קיינעם, דער הימל איבערן שטעטל איז פורפור־רויט, ווייל א ריי געביידעס שטייען אין פלאמען. די וואנדערנדיקע קריכן דורך מיליטערישע וועגענער, פערד און סאלדאטן, וואס גייען צופוס. מיר פילן, אז מיר מוזן זיך ענדלעך אוועקלייגן אויף אביסל צייט, ווייל מיר פאלן פון די כוחות. מיר גייען אין בית־המדרש, עס איז פינצטער און ס'ליגן שוין צענדליקער מענטשן אויף די בענק און אויף דער פאדלאגע. מיר לייגן זיך אויך אוועק אויף דער פאדלאגע, אבער עס דויערט נישט לאנג און א ייד קומט אריין מיט א געשריי: „יידן לאמיר ווייטער גיין, ווייל די דייטשן דערנענטערן זיך צום שטעטל". מיר שפאנען שוין ווייטער, און דערשלעפן

זיך ביז בלוינע. מיר טרעפן עטלעכע וואנדערער, וואָס האנדלען מיט א פויער, וועלכער פירט א וואָגן מיט מעל קיין ווארשע, און בעטן אים ער זאָל זיי מיטנעמען. ער איז מסכים, נאָר פאר 15 זלאָטעס פון א פערזאָן. איך און ארטור זיגלבוים געפינען זיך שוין אויפן וואָגן, אָבער עס דויערט נאָר 15 מינוט ווי א גאנצע כמארע דייטשישע עראָפּלאנען פליען איבער אונזערע קעפּ. עס דערהערט זיך א שטארקע שיסעריי, מיר לאָזן זיך אלע אראָפּ פון וואָגן און יעדער לויפט ערגעץ אין א לאָך זיך באהאלטן. איך ליג צווישן קוסטעס. לעבן מיר ליגן צוויי פון אונזערע מיטרייזנדיקע, א טאטע מיט א זון פון בעלאָכאטאָוו. דער זון — א יאָר 30, און דער פאָטער א יאָר 60-70, א הויכער, ברייטער, געזונטער ייד, אָבער דאָ ליגנדיק אין די קוסטעס הערנדיק די אויפרייסן פון די באָמבעס איז דער ייד געוואָרן איינגעשרומפּן. איך וואָלט געזאָגט אזוי ווי א שלאנג האָט ער זיך איינגעקורטשעט און ער האָט עפּעס גערעדט צום זון אזעלכע מאָדנע ריד: „פיר מיך צוריק אהיים". דער זון האָט אים מיט איין האנט צוגעהאלטן דאָס מויל און מיט דער צווייטער האנט געגלעט דאָס פּנים פון פאָטער, און די ליפּן האָבן שטיל געשעפּטשעט אין פאָטערס אויער: „טאטע, וואָס רעדסטו, מיר זענען דאָך שוין 220 קילאָמעטער פון דער היים". פון זונס אויגן האָבן זיך געגאָסן שטראָמען הייסע טרערן אויפן פאָטערס פּנים. פרעג איך ביים זון: „ווי אזוי האָסטו גענומען אזא עלטערן מענטשן אויף אזא שרעקלעכן וועג?" זאָגט ער צו מיר: „ליבער פריינד, איך בין אן איינציקער זון, איבערלאָזן דעם טאטן אין די היטלעריסטישע מערדערישע הענט האָב איך נישט געקענט. איך האָב פארבונדן מיין טאטנס גורל מיט מיינעם, אויב לעבן וועלן מיר צוזאמען, אויב חלילה אומקומען, איז אויך צוזאמען". די שיסעריי האָט אויפגעהערט. ס'איז געווען אָוונט. נישט אלע פּאסאזשירן זענען צוריקגעקומען. צווישן די פעלנדיקע איז אויך געווען ארטור זיגלבוים. איך האָב געבעטן מען זאָל וואָרטן נאָך א 15 מינוט, אפשר וועלן זיי זיך געפינען. דערווייל בין איך ארומגעגאנגען איבערן פעלד און גערופן אויפן קול „ארטור", אָבער איך בין געבליבן אָן אן ענטפער. דער וואָגן האָט גערירט און פאָרנדיק האָבן מיר געזען ליגן זייער א סך מתים, די קרבנות פון דער שיסעריי. יעדעס מאָל האָט מיר געגעבן א ריס אין קאָפּ, ווער ווייסט צי צווישן זיי געפינט זיך נישט אמאָל ארטור. אָפּפאָרנדיק עטלעכע קילאָמעטער האָב איך דערזען ארטורן. די פרייד איז געווען גרויס.

קיין ווארשע זענען מיר אָנגעקומען דעם 7-טן סעפּטעמבער 3 אזייגער ביינאכט.

ארטור איז אוועק צו חבר קאסטעלאנסקי (געשטארבן אין אמעריקע) און איך בין אוועק צום חבר יאשקע ליפשיץ. איך קום צום טויער. עס איז פארמאכט, אבער עס שטייט דארט א וואך פון די לאקאטארן. זיי פרעגן מיך צו וועמען איך גיי און איך ענטפער — צום דאקטאר י. ליפשיץ. זאגן זיי, אז ער איז נישטא; דאן פרעג איך זיי צי די פרוי איז דא, און זיי ענטפערן מיר, ז יא. זיי פירן מיך ארויף. איך קום אריין. זאגט צו מיר עסטושא: „חבר אפרים־אליעזר, דער גאנצער בונדישער אקטיוו איז אוועק, מיט זיי אויך יאשקע". אויף מארגן פרי בין איך אוועק אין דער רעדאקציע פון דער „פאלקסצייטונג". דארט האב איך שוין געטראפן ארטור זיגלבוים, שולמא־נען, גאבודטן. איך האב געטראפן די דרוקער און זעצער. צווישן זיי לאזער קלאג. אין זעלבן הויז פון דער רעדאקציע האט געוווינט אויפן זעקסטן שטאק א זעצער לעוויט. זאגט ער צו מיר: „חבר אפרים־אליעזר, ווו וווינט איר?" זאג איך ביי יאשקע ליפשיץ. שלאגט ער מיר פאר — „אזוי ווי איר וועט זיך דאך געפינען אין רעדאקציע גאנצע טעג, וואס דארפט איר גיין יעדן טאג צוויי מאל איבער די גאסן, וואס ווערן מוראדיק באשאסן דורך די דייטשן, איך וועל אייך בעסער אפגעבן א באזונדער צימער און וווינט ביי מיר". איך האב מסכים געווען, און אים געפרעגט, צי האט ער נישט קעגן דעם, אז עס זאל אין מיין צימער וווינען נאך א לאדזשער. ער ענטפערט: „מיט פארגעניגן". האב איך דארט געוווינט צוזאמען מיטן חבר מנחם זיל־בערשטיין.

אין ווארשע האבן זיך פארזאמלט צענדליקער טויזנטער פליטים פון לאדזש, קאליש, שעראדז, און פון צענדליקער אנדערע שטעטלעך ארום לאדזש, אבער דער גרעסטער טייל פליטים זענען געווען לאדזשער. איך האב זיך באלד באטייליקט אין א זיצונג פון צענטראלן קאמיטעט פון „בונד" אין פוילן, און איך האב דארט אוועקגעשטעלט די פליטים־פראגע. אלע האבן געוווסט, אז די טויזנטער פליטים זענען אוועק פון זייערע היימען אן א גראשן געלט. אפט מיטן איינציקן העמד אויף זייער לייב. עס איז באשלאסן געווארן צו עפענען דריי קיכן, וועלכע זאלן באדינען נאר די פליטים. עס איז אויך אויסגעטיילט געווארן א קאמיטעט פון עטלעכע חברטעס, וואס דארפן באזארגן די פליטים מיט נאכטלעגער און וועש.

ווארשע איז געהילט אין פינצטערניש. די שטאט ווערט כסדר באמבאר־דירט. די געזעצלעכע רעגירונג איז אנטלאפן, עס איז אנטשטאנען א קריגס־ראט, וואס רופט צו באשיצן די שטאט, עס ווערן געגראבן אקאפעס און



פון רעכטס צו לינקס: אפרים־אליעזר, שלמה, מאָטל, יענטע.
די משפּחה זעלמאַנאָוויטש (לאָדזש 1930)

געבויט באַריקאַדן.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן מיר געעפנט דריי קיכן און אַרויסגע־געבן דריי טויזנט מיטאָגן. מען קען זיך פאָרשטעלן מיט וואָס פאַר אַ מסירת־נפש עס איז געווען פאַרבונדן דאָס איינשאַפן פּראָדוקטן. יונגע חברה האָבן זיך געלאָזט אונטער אַ האָגל פון קוילן, וואָס האָט געזייט פאַרניכטונג און פאַרוויסטונג, אַ 25 קילאָמעטער פון וואַרשע, און געגאַנגען פון כאַטע צו כאַטע און איינגעקויפט פּראָדוקטן, ווייל אין שטאָט האָט מען זיי נישט גע־קראָגן. די געוועלבער זענען געווען צעשטערט, די מענטשן האָבן מורא גע־האַט זיך צו ווייזן אין גאַס. אָפטמאָל האָט אונז געדריקט אויף דעם קאָפּ אַ שווערע מאַסע, און מיר זענען אַרומגעגאַנגען מיט וויסטע געדאַנקען. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען עס האָט געדויערט צו לאַנג ביז די חברה איז געקומען צוריק. מיר האָבן מורא געהאַט דאָס וואָרט צו ברענגען איבערן מויל, אָבער געטראַכט האָבן מיר, ווער ווייסט, צי זיי זענען נישט אומגע־קומען. אָדער אַ שטייגער די חברטעס און חברים, וואָס זענען געשטאַנען און געאַרבעט אין דער קיך אין דער צייט, וואָס איבערן דאַך האָבן געפּלאַצט שראַפּנעלן.

איין מאָל האָט געטראָפן: דאָס איז געווען אויף דלוגאַ 26, מיר זיצן ביי די טישן, די קעלנער דערלאַנגען דאָס עסן, די קיך אַרבעט, גיט אַ זעץ אַריין אַ שראַפּנעל, אַלע פענצטער ווערן אויסגעהאַקט, די צימערן ווערן איינגעהילט מיט געדיכטע וואָלקנס רויך, שטויב און גלאָז, די טעלער פליען פון די טישן. צווישן די עסער ווערט אַ בהלה, אָבער אויף מאָרגן — די חברים זענען ווידער ביי דער אַרבעט. אין זייערע אויגן זעט זיך נישט קיין שרעק, נאָר ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט. אָדער אַזאַ בילדל: די פּליטים דאַרפן העמדער, זאָקן און אַז אָרט ווו איבערצושלאָפן, גייען אונזערע חבר־טעס, אונטער די פליגלען פון טויט, פון הויז צו הויז, פון שטוב צו שטוב, און שאַפן אייז די דאָזיקע זאַכן, און מען זעט נישט ביי זיי קיין סימן פון מידקייט אָדער נערוועזקייט. זיי באַציִען זיך ווי אַ גוטע מאַמע צו אַ קראַנק קינד: פאַר יעדן אַ גוט וואָרט, אַ מוטערלעכן שמייכל.

אויסער דער הילפס־אַרבעט האָבן מיר אויך געזאָרגט, אַז די „פאָלקס־צייטונג" זאָל דערשיינען טעגלעך. מיר האָבן געפילט די גרויסע אחריות פאַר אונזער פּאַרטיי דעם „בונד", פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן, אַז זיי טאָרן נישט בלייבן אין דער דאָזיקער שווערער ביטערער צייט, וואָס איז מסוגל אַריינצוואַרפן אין יאוש יעדן מענטשן, אָן זייער אָרגאַן, און די צייטונג האָט נאָך איר אויפגאַבע פאַרגרעסערט. אויסער די פּאָליטישע און מלחמה־

געשעעניש, אויסער דעם שווערן קאמף קעגן דעם היטלעריזם און פאשיזם, מוז אין דער ערשטער ריי געזאָרגט ווערן פאר דער הילפס־ארבעט און ס׳מוז געפירט ווערן א קאמף קעגן יאוש און אפאטיע, און די דאָזיקע אויפגאבע איז דערפילט געוואָרן. עס ברענען א גאנצע ריי שכנישע הייזער, עס ראטע־ווען זיך מענטשן פון די פייער־צונגען, וואס זענען גרייט צו פארצוקן אלץ, וואס זיי טרעפן אין וועג. ביי אזעלכע באדינגונגען זיצט מען און מען שרייבט נאָטיצן, הילפס־רופן, ארטיקלען, וואס באלייכטן די געשעענישן, וואס מוטיקן און שטארקן. עס ארבעטן די זעצער, עס רוישן די דרוק־מאשינען, די צייטונג ווערט פארטיק 5 פארטאָג. גיין אין גאס איז פארווערט פון 7 אָוונט ביז 5 פארטאָג. האלב זעקס באגינען איז דער הויף אויף נאָוואָ־ליפיע 7 פול מיט הונדערטער יונגע חברים און חברטעס. עס ווערן צעווישן זיי צעטיילט די פרישע צייטונגען. און חברה לאָזט זיך איבער די גאסן און געסלעך פון ווארשע און עס צעהילכן זיך זייערע שטימען: „קויפט די איינ־ציקע יידישע סאָציאַליסטישע צייטונג וואס קעמפט קעגן פאשיזם און רע־אקציע, פאר א באפרייטער און אויסגעלייזטער וועלט”... די ארבעט ווערט געטאָן, ווען איבער די קעפ שווישטשען די שראפנעלן.

ביטאָג איז ווארשע באשאָסן געוואָרן פון די דייטשן דורך שווערע קאַ־נאָנען און ביינאכט האָבן זיי באהאָגלט די הייזער מיט צינד־באָמבעס. היי־זער האָבן געברענט און מענטשן זענען געלאָפן פון פייער, געלאָפן צו דעם נאָענטסטן אָרט, ווו עס האָט נאָך נישט געברענט. אלע איינוווינער פון נאָוואָ־ליפיע 7 האָבן ביינאכט זיך באהאַלטן אין קעלער. דער קעלער האָט געהערט צו דער „פאָלקסצייטונג”. אָבער ווען די, וואס זענען געלאָפן פון פייער האָבן געוואָלט אריין אין קעלער האָבן די שכנים נישט געלאָזט, ווייל עס איז גע־ווען ענג. דאן בין איך ארויף אויף א טיש און געהאַלטן א שארפע רעדע קעגן זייער באציאונג: „ווי קענט איר אזוי האנדלען, אין א שעה ארום קען דאָך דאס הויז (ווו מיר געפינען זיך איצט) ברענען, און איר וועט זוכן אן אָרט אַוווּ זיך צו שיצן!”... איך האָב די רעדע געהאַלטן מיטן גאנצן כוח, וואס איך האָב פארמאָגט, און זי האָט געהאַט א ווירקונג. די, וואס האָבן נישט געוואָלט אריינלאָזן די מענטשן, וועלכע האָבן געזוכט רעטונג — האָבן די אויגן אראָפּגעלאָזט פאר בושה.

נישט אלע נעכט בין איך אראָפּ אין קעלער.

איין מאָל, איך ליג ביינאכט, עס האָגלט מיט באָמבעס, דאָ און דאָרט ווערט דער הימל פייער־רויט. דאָס איז דער אָפּגלאַנץ פון אָנגעצונדענע היי־

זער. איך פאַרמאַך די אויגן און באַמי זיך איינצושלאָפן. איך קען נישט. פאַר מיינע אויגן ציען זיך בילדער שווידערלעכע. איך זע דעם פראָנט. די אָקאָפּעס. איך זע יונגע זעלנער מיט אָפּגעריסענע אברים, דורכגעשאָסענע ברוסטן, איך זע שטראָמען יונג קאָכיק בלוט, און צווישן זיי זע איך מיין טאַטען. אין קאָפּ ווערט אַ קאַשמאַר, די אויגן ווערן איבערגעצויגן מיט אַ פייכטקייט. דאָס האַרץ קלאַפּט שטילער און שטילער. עפּעס דאַכט מיר, אַז באַלד שטעלט זיך עס אינגאַנצן אָפּ. צו וועמען צו רעדן האָב איך נישט, די באַלעבאַטים געפינען זיך אין קעלער. זיי האָבן מורא צו זיין אויפן פערטן שטאָק. ענדלעך ווער איך אַנטשלאָפן. פּלוצלונג דער טעלעפאָן קלינגט. איך גיי צו און הער די שטימע פון חברטע ליפשיץ: „חבר אפרים, אייער טאַטע געפינט זיך ביי מיר". עס איז זיך לייכט פאַרצושטעלן, אַז איך בין נישט געגאַנגען, נאָר עס האָט מיך געטראָגן. איך דערזע מיין טאַטען ווידער מיט צוויי זעלנער, איצט יידישע. איך פרעג אים, ווער זענען זיי:

„זיי באַטראַכטן מיך פאַר אַ מזלדיקן מענטשן. איך בין שוין געווען אויף דריי פראָנטן. אַלע דריי פראָנטן זענען שווידערלעך צעשלאָגן געוואָרן, מיר האָבן דאָרט איבערגעלאָזט צענדליקער טויזנטער געפאַלענע און פאַרוווּנדעטע, און איך בין נאָך גאַנץ און געזונט, ווילן זיי פון מיר נישט אָפּטרעטן".

ער דערציילט מיר, אַז פון לאָדזש איז ער איבערגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע. דאָ איז ער שוין געווען אויף צוויי פראָנטן, איבערגעלעבט שווידערלעכע טעג און נעכט. מיר עסן צוזאַמען און ער זאָגט:

„טאַטע, די פליכט רופט, די פליכט פון מיין לאַנד, אויב דו ווילסט, איז עס די פליכט פון מיין פאָלק, פון מיין קלאַס. די פליכט צום הייליקן קאַמף קעגן היטלעריזם, פאַשיזם".

מיר האָבן זיך געזעגנט. וואָס איך האָב איבערגעלעבט, איז מיר אוממעגלעך צו באַשרייבן.

אין אַ באַשטימטן טאָג, ווען איך קום אַריין אין רעדאַקציע פון „פאָלקסצייטונג", גיט מען מיר איבער אַ בריוו פון מאַטלען, וואָס אַ זעלנער האָט געבראַכט. איך לייען איבער דאָס בריוו און עס ווערט מיר קאַלט אין יעדן אבר. ער שרייבט, אַז ער גייט אויס פון הונגער. וואָס איך קען, זאָל איך אים שיקן דורך דעם זעלנער. דער זעלנער האָט מיר איבערגעלאָזט אַן אַדרעס. דאָס איז געווען ערגעץ אין פּראַגע.

חברטע צלבה האָט דאָס דערהערט האָט זי מיר געגעבן צוויי שטיקלעך

ברויט מיט פוטער. חבר מלינעק האט געקראגן א גרויסע געבאקענע זעמל, וואס ער האט געדארפט פאר זיך, האט ער מיר דאס אוועקגעגעבן. איך האב נאך חוץ דעם באקומען ברויט מיט הערינג, א פעקל שאקאלאד און דאס אוועקגעטראגן. אבער ווי אזוי קומט מען דארט אהין. איך בעט א יונגנט־חבר, ער זאל מיט מיר מיטגיין, אויף וואס ער ענטפערט מיר מיט צופרידנ־קייט — „גוט, איך גיי מיט אייך, חבר אפרים־אליעזר". מיר הייבן אן זוכן א דראזשקע. איך גיי צו — א יידישער דראזשקארזש. איך זאג צו אים, אז מיר דארפן אויף פראגע, פארט מיט אונז! דער דראזשקארזש קוקט מיך אן און זאגט צו מיר: „חבר אפרים־אליעזר, איך וואלט מיט אייך גערן געפארן, אבער איך וויים נישט דעם וועג. איך בין א לאדזשער. איך האב געבראכט עטלעכע יידן פון לאדזש און איך האב נישט געקענט צוריקפארן. דער וועג איז שוין פארמאכט פון די דייטשן". איך האב געזאגט מיין לאנדסמאן, דעם דראזשקארזש, אז דער יונגערמאן מיט וועלכן איך גיי איז א װארשעװער, ער קען גוט דעם וועג און ער וועט אים ווייזן.

מיר זענען געפארן. דער וועג איז געווען א שווערער. װארשע ווערט נאך באשאסן גאנצע טעג און דאס ארט, וווּ דער זעלנער האט זיך געפונען איז געווען באליינגט מיט מיליטער. אבער מיר האבן זיך דאך דערשלאגן און געטראפן צום זעלנער. ער זאגט, אז איך האב מזל. ווען איך קום מיט 15 מינוט שפעטער טרעף איך אים נישט, ווייל ער גייט צוריק צום פראנט. ווי מאטל האט שפעטער דערציילט האבן 4 זעלנער געגעסן פון דעם פעקעלע, וואס איך האב אים געשיקט.

דער היטלער־אנגריף אויף װארשע איז געווארן אלץ גרויזאמער און בעסטיאלישער. עס זענען צעשטערט געווארן די גאזאוניע, עלעקטראוניע, וואסער־לייטונג. עס איז נישט געווען קיין עסן, עס איז פינצטער חושך. מען באדט זיך אין שמוץ און אומריינקייט. א דריטל װארשע איז צעשטערט און ליגט אין חורבות. אין אלע הייזער זענען די שויבן אויסגעהאקט; אין די גאסן וואלגערן זיך געפאלענע מענטשן, הינט און פערד. דא אדער דארט זעט איר שטיין א גרופע מענטשן מיט מעסערס אין די הענט און שינדן אונטער דעם שרעק פון טויט א געפאלן פערד. יעדער שניידט אוים א שטיק פלייש און נעמט עס מיט זיך אהיים, כדי צו דערהאלטן ביים לעבן דאס ווייב און קינדער.

דעם 28־סטן אדער 29־סטן אקטאבער האט זיך װארשע אונטערגעגעבן: צוויי טעג האט געדויערט ביז די היטלער־חילות זענען אריין, ווייל זיי האבן געשטעלט א פאדערונג, אז די גאסן זאלן אפגערייניקט ווערן פון די גרוזעס.

די טויטע האָט מען נישט געפירט צו די בית־עולמס, נאָר יעדן סקווער און גערטנדל, וואָס זענען פאַראַן זייער א סך אין וואַרשע, האָט מען אין בית־עולמס פאַרוואַנדלט. מען האָט ברידער־ און שוועסטער־קברים באַשאַפן, צו 20־30 אין אַ נאָמענלאָזן קבר. עס זענען ברעטלעך מיט אויפשריפטן אוועקגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָ געפינט זיך אַ ברידער־קבר פון 30 און אַזוי ווייטער. מיט איין וואָרט — וואַרשע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חורבה און בית־עולם. די לעבעדיקע גייען פון שטאָט אַרויס: מיט אַ טיפן צער און שרעק אין זייערע אויגן. דאָס איז דער אויסזען פונם שיינעם, קאָכיקן, ליבן וואַרשע.

אָבער כדי צו פאַרענדיקן מיט וואַרשע, מוז איך זיך ווידער אומקערן צו מיין מאָטלען.

„עס איז יום־כפּור — זאָג איך צו די חברים, וואָס געפינען זיך אין רעדאַקציע — איר ווייסט, איך טראַכט, אַז מיין מאָטל וועט היינט קומען צו מיר. עס איז יום־כפור, וועט מען אפשר די יידישע זעלנער באַפרייען. טאָמער קומט ער, ברענגט אים אַרויף צו מיר, צום חבר לעוויט אין הויז".

עס איז שוין פאַרנאַכט. איך פאַרליר שוין די האָפענונג, אַז ער וועט היינט קומען, און דערביי, פאַרשטייט זיך, קומען שוין פינצטערע געדאַנקען אין קאָפּ. אָבער ווי איך געפין זיך אַזוי אין אַזאַ ביטערער שטימונג — עפנט זיך פּלוצלונג אויף די טיר און עס קומט אַריין מאָטל. זיין אויסזען איז נישט צו באַשרייבן. אָפּגעריסן, אין ציווילע קליידער, מען האָט זיי געגעבן, וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט. דערביי דערציילט ער, אַז ווען מען האָט זיי באַפרייט, האָט מען נאָך באַשאָסן די מיליטערישע פּעסטונגען. דעריבער האָבן די באַפרייטע זעלנער געמוזט אַ שטיק וועג פויזן אויף די בייכער, אַז די דייטשן, וואָס פליען איבער זיי זאָלן נישט באַמערקן, אַז עס באַוועגן זיך דאָרט מענטשן. חברטע צלבה האָט דערזען זיין אויסזען איז זי באַלד אַוועק, געבראַכט וועש, אַן אַנצוג, אַ פּאַלטן פון איר זון, און מאָטל האָט זיך אָפּגעוואַשן און איבערגעטאָן; חבר לעוויט האָט אים געגעבן עפּעס אָפּצועסן — האָט ער באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען. אָבער חבר לעוויט זאָגט צו מיר: „דו דאַרפסט באַלד געפינען וווּ צו וווינען, ווייל אַז די דייטשן וועלן אַריינקומען וועלן זיי זיכער מאַכן אַ רעוויזיע אין דער „פאָלקסצייטונג", און דער הויז־וועכטער, ווען זיי וועלן אים פרעגן, ווו קען מען געפינען וועמען פון דער רעדאַקציע — קען ער נאָך אָנווייזן אויף דיר, ווייל דו וווינסט דאָ".

איך האָב אים פאַרשטאַנען און אַראָפּ צום חבר אַבראַשע בלום. איך

דערציילט אים, וואָס לעוויט האָט געזאָגט. ביי דעם געשפּרעך איז געשטאַנען חברטע מאַנדעלמאַן (זי געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק, איר מאַן איז דער באַקאַנטער קולטור־טוער משה מאַנדעלמאַן, ער איז אין יענער צייט אוועק מיטן גאַנצן בונדישן אַקטיוו פון פּוילן), זאָגט זי: „חבר אפרים, איר מיט אייער זון וועלן וווינען ביי מיר".

וואָס זאָל איך זאָגן. די עטלעכע טעג, וואָס מיר האָבן ביידע געוווינט ביי חברטע מאַנדעלמאַן — האָט זי מאַטלען באַהאַנדלט, ווי די בעסטע מאַמע, וואָס האָט איין איינציקן זון. זי האָט אים אָפּגעגעבן דאָס בעסטע געלעגער, צוגעגרייט פאַר אים עסנס פונם בעסטן און שענסטן, וואָס זי האָט אין יענער צייט פאַרמאָגט. מיין פעדער איז צו אָרעם איך זאָל קענען באַשרייבן איר גוטסקייט און צאַרטקייט, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן צו מיין מאַטלען, וואָס איז געווען אַ רפואה פאַר דעם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט העכער אַ חודש צייט.

צוויי טעג פאַרן אָפּגעבן ווארשע איז מאַטל באַפרייט געוואָרן. די מיליטער־אָנפירונג האָט שוין געוווסט, אַז ווארשע גיט זיך אונטער, האָבן זיי געוואָלט, אַז וואָס ווייניקער זעלנער זאָלן אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, האָבן זיי גענומען עטלעכע טויזנט זעלנער, געגעבן זיי ציווילע קליידער און געהייסן אַהיים גיין. דער פּרינציפּ, וועלכע זעלנער צו באַפרייען איז געווען: עלטערע, שוואַכע, און די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אויף דריי שלאַכט־פראָנטן. אַזוי ווי מאַטל האָט געהערט צו דער דריטער קאַטעגאָריע, איז ער באַפרייט געוואָרן.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען ווארשע, האָב איך געזאָגט צו מאַטלען, אַז מיר וועלן גיין אַהיים. אויב שוין לעבן אונטערן היטלער־רעזשים, איז בעסער שוין אין דער היים, מיט מיין פרוי, מיטן יינגערן זון, מיט שוועער און שוויגער, שוועסטער און ברידער, אין דעם לאָדזש, ווו איך האָב מיינע אַלע יאָרן פאַרבראַכט. ער האָט מסכים געווען און מיר האָבן זיך ביידע געלאָזט אין וועג אַריין.

דער וועג אַהיים איז געווען פאַרבונדן מיט שווידערלעכע איבערלעבונגען, אָבער איך וועל זיך באַנוגענען מיט עטלעכע בילדלעך. מיר מיט נאָך 20 יידן האָבן געדונגען אַ פורעריש וועגעלע אונז צו פירן קיין לאָדזש. אָבער ביים ערשטן שטעטל לעבן ווארשע איז אונז אַנטקעגנגעלאָפן אַ דייטשער ליוטענאַנט מיט אַ כאַפּטע דייטשע זעלנער און גענומען שרייען: „אַלע יידן צו דער אַרבעט, און ווער עס וועט זיך אויסדרייען — דערשיסן ווי אַ הונט".

„טאַטע — זאָגט מאָטל אָן מורא — נאָך דעם ווי דער טויט האָט געשוועבט כסדר פאַר אונזערע אויגן, טאָרן מיר זיך נישט איבערגעבן צו די דייטשע הענקער, מיר מוזן זיך דורכרייסן".

איך בין געווען אוממעכטיק עפּעס צו זאָגן קעגן און מיר האָבן זיך דורכגעריסן. באַלד האָבן מיר געטראָפן אַ וואָגן מיט יידן און זיך איינגעבעטן, מען זאָל אונז אַרויפנעמען. ווען מיר זענען אָנגעקומען אין לוּוויטש, האָב איך איבערגעלעבט אַ סצענע, וואָס וועט אייביק בלייבן אין מיין זכרון, און ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם פאַקט, קילט מיר דאָס בלוט אין די אָדערן. ווידער האָבן די דייטשן אָפּגעשטעלט דעם וואָגן מיט אַ געשריי: „גיט אַהער דאָס געלט". נישט ווייט פון דעם וואָגן זענען געשטאַנען עטלעכע הונדערט ציווילע מענטשן, וואַרשיינלעך פּאָליאַקן, און זיך צוגעקוקט, ווי מען רויבט ביי אונז אַוועק דאָס געלט, די מלבושים, די זייגערס און בכלל אַלץ, וואָס מען טראָגט אויף זיך. די ציווילע צוקוקער האָבן געלאַכט מיט אַ ציניש געלעכטער, און ווען די זעלנער האָבן שוין געהאַט דעם רויב ביי זיך אין דער האַנט, האָבן זיי דאָס געראַבטע אַוועקגעגעבן דער ציווילער באַנדע. דעמאָלט האָבן זייערע פרייד־געשרייען, זייער ציניש געלעכטער, זייער חוזק איבער די בארויבטע און באַשפּיגענע גאָר קיין גרענעץ נישט געהאַט. איך האָב געטראַכט: „איז נישטאָ קיין גרענעץ צו מענטשלעכער פאַרדאָרבנקייט? דיין לאַנד ווערט געשענדעט, דיין פאָלק ווערט באַליידיקט און באַשפּיגן, און דאָ אַזאַ מעפּיסטאָפעלשער געלעכטער!" מיר פאָרן שוין נישט, נאָר מיר גייען ווייטער. אַ 10 קילאָמעטער פון לאָדזש האָבן מיר באַגעגנט צוויי יידישע אַרבעטער־פרויען. זיי זענען געגאַנגען פון לאָדזש קיין סטריקאָוו קויפן אַביסל פּראָדוקטן, ווייל אין לאָדזש איז שווער צו באַקומען. זיי ווענדן זיך צו מיר מיט אַ פראַגע:

„חבר אפרים, וווּ גייט איר"?

„קיין לאָדזש –– ענטפער איך — צו מיין, צו אונזער לאָדזש". אויף דעם באַקום איך אַן ענטפער:

„טוט דאָס נישט, איר גייט דעם לייב אין פּיסק אַריין. עס זענען אַרעסטירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פירער פון דער בונדישער באַוועגונג. איר ווערט אויך געזוכט".

אָבער דער ווילן צו זיין אין מיין, אין אונזער היים, ביי ווייב און קינד, ביי פריינד און חברים האָט איבערגעוווגן די שרעק פאַר אַן אַרעסט. ווען מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען קיין לאָדזש, זענען מיר אַוועק צו מיינעם אַ שוואָגער קאַץ. באַלד איז געקומען מיין פרוי מיטן יינגערן זון. די פרייד איז גע־

ווען א גרויסע, באזונדערס ווען זיי האבן געזען מאטלען א געזונטן, און טאקע מיך צוריק א געזונטן. דאך אבער איז די פרייד געווען מיט א געמיש פון מורא: טאמער פאל איך אריין אין די הענט פון דער געסטאפא, דאן איז מיין לעבן פארענדיקט. און די שרעק איז געווען באגרינדעט, ווייל באלד אויפן דריטן טאג, ווי די דייטשן האבן פארנומען לאדזש, האבן זיי דורכגעפירט הויז־דורכזוכונגען ביי 18 בונדישע טוער פון לאדזש. געטראפן און ארעסטירט האבן זיי 7.

די ארעסטירטע זענען געווען חיים לייב פאזנאנסקי, א מיטגליד פון לאדזשער קאמיטעט פון „בונד", ראטמען פון לאדזשער שטאט־ראט; ד"ר מארגאליס, לאווניק פון לאדזשער מאגיסטראט, מיטגליד פון לאדזשער קאמיטעט פון „בונד", שפעטער דערמארדעט געווארן דורך די דייטשע הענקער; מארגענטאלער, פארוואלטער פון טעקסטיל־פארבאנד, מיטגליד פון לאדזשער קאמיטעט פון „בונד", ראטמאן אין לאדזשער שטאט־ראט; ראזע אייכנער, פארזיצער פון „יאף" (יידישע פרויען ארבעטער־ארגאניזאציע), מיטגליד פון לאדזשער קאמיטעט פון „בונד", מיטגליד אין לאדזשער שטאט־ראט; הערש מאיר זילבערבערג, פארוואלטער פון דער בונדישער צייטונג „לאדזשער וועקער"; הערץ, פארוואלטער פון בונדישן לאקאל; יעדוואב, פארוואלטער פון טעקסטיל־לאקאל.

ווען איך בין אוועק פון לאדזש איז מיין שלאמעק געבליבן ביי דער מאמען. אבער די מאמע האט מורא געהאט, אז די געסטאפא וועט אויך מיך זוכן און נישט געפינענ, וועט זי נעמען שלאמעקן. האט זי געטריבן שלאמעקן ער זאל אויך אוועק.

נאך 8 טעג וואנדערן דורך פעלד און וואלד און זיך נישט קענען דערשלאגן צו מיר, איז ער געקומען צוריק צו דער מאמען קיין לאדז. וואס ער האט איבערגעלעבט אויף זיין וואנדערונג איז א באזונדער קאפיטל. אבער איין פאקט מוז איך ארויסברענגען. גייענדיק אין וועג צוזאמען מיט זיינעם א לערער פון דער מעדעם־שול, חבר מעלמאן, האט שלאמעק נישט געוואלט, אז דער לערער זאל טראגן דעם רוקזאק, אבער ביי א שיסעריי פון די דייטשן האבן זיי זיך פארלוירן און דער רוקזאק איז געבליבן ביי שלאמעקן. קומענדיק נאענט פון לאדזש, האט אים א דייטשער פאטרול אפגעשטעלט, און דער ליוטענאנט האט געמעלדעט, אז אלע מוזן גלייך אוועקגעבן דאס געווער, און ווער עס וועט אליין נישט אפגעבן, און עס וועט זיך ארויסווייזן, אז ער האט געווער, וועט אויפן ארט דערשאסן ווערן. און איינער פאר שלאמעקן, א קריסטלעך יינגל, איז טאקע פאר די אויגן פון אלעמען דערשאסן געווארן.

א זעלנער האָט באַטאַפּט שלאָמעקס רוקזאַק און געהייסן אים גיין. ווען ער איז אַהיים געקומען און אַלץ אַרויסגענומען פון רוקזאַק, האָט ער דאָרט געפונען א מעסער.

איך בין געבליבן וווינען ביי מיין שוואָגער. אין שטאָט האָט מען נישט געוווּסט, אַז איך בין דאָ. אין דער צייט האָט לאָדזש איבערגעלעבט גיהנום־סצענעס. איך וועל דאָ באַשרייבן בלויז עטלעכע פון זיי. מען האָט געכאַפּט אויף אַרבעט, מענער און פרויען. האָט מען געכאַפּט א פרוי און זי געפירט צו א מיליטערישן אויטאָמאָביל, וואָס איז געשטאַנען אויף וסכאָדניע גאַס. אַרום דעם אויטאָמאָביל זענען געשטאַנען עטלעכע צענדליק היטלערישע זעלנער, און מען האָט באַפוילן דער פרוי, אַז זי זאָל רייניקן דעם אויטאָמאָביל. די פרוי האָט געבעטן מען זאָל איר געבן א שמאַטע מיט וואָס צו רייניקן, האָט מען איר באַפוילן זי זאָל אויסטאָן דאָס קלייד און דערמיט וואַשן דעם אויטאָמאָביל. די יידישע פרוי איז געשטאַנען אין מיטן גאַס אָן א קלייד, געוואַשן דעם אויטאָמאָביל און די דייטשע יונגען האָבן געלאַכט א טייוולאָניש געלעכטער.

א געוויסן פּרייטיק אין דער פרי זענען אויפן באַלוטער מאַרק, אינם געדיכטסטן יידישן צענטער, ווו עס גייען דורכן טאָג פּאַרביי טויזנטער מענטשן, אויפגעשטעלט געוואָרן 3 תליות, אויף וועלכע עס זענען געהאָנגען געוואָרן 3 מענטשן: צוויי יידן און איין פּאָליאַק. דאָס איז געטאָן געוואָרן אָן דין און אָן משפּט. אַזוי זענען זיי געהאָנגען 24 שעה. פון די טויזנטער, וואָס האָב דאָס געזען, האָבן זיך געהערט שטילע קרעכצן, ביי אַנדערע האָבן זיך געגאָסן טרערן, שוואַכערע האָבן ספּאַזמירט אין מיטן גאַס.

אויף אַליע „ערשטער מאַי" (פּאַסאַזש שולץ) נומער 30 (דאָרט האָב איך געוווינט) האָט געפּלאַצט א רער פון דער קאַנאַליזאַציע. דאָס אומריינקייט האָט פאַרגאָסן די קעלערס פון יענעם הויז. באַלד זענען געקומען דייטשע זעלנער, צוזאַמענגענומען אַלע יידן פון הויז און באַפוילן, אַז זיי זאָלן זיך אויסלייגן אין דער אומריינקייט. שפּעטער האָבן זיי געצוווּנגען דורכפירן די רייניקונג מיט די הוילע הענט. די עטלעכע קריסטן, וואָס האָבן דאָס צוגעזען, האָבן זיך געווענדט צו די דייטשע זעלנער, מען זאָל אַרויסרופן די פייערלעשער צו מאַכן די אַרבעט, אויף דעם האָבן זיי באַקומען אַן ענטפער, אַז אַזא שמוציקע אַרבעט איז נאָר געמאַכט פאַר יידן, און זיי מוזן די אַרבעט טאָן מיט די הוילע הענט. איין ייד האָט זיך אָפּגעזאָגט אויסצופירן זייער באַפעל, האָבן די דייטשע בעסטיעס אים אַזוי צעשלאָגן, אַז קיינער האָט שוין נישט געגלויבט, אַז דער ייד וועט נאָך לעבן.

אָנהייב נאָוועמבער 1939 האָט מען צו מיר אין דער וווינונג געבראַכט אַן איינלאַדונג צו אַ דרינגענדיקער זיצונג פון דער גמינע־פאַרוואַלטונג. איך בין געזעסן באַהאַלטן, ווייל די געסטאַפּאָ האָט מיך געזוכט. מיין פרוי אוןביידע זין האָבן זיך בּאַראַטן און באַשלאָסן, אַז מיין פרוי זאָל אַרויפגיין אין דער גמינע און דערקלערן, אַז איך בין נישטאָ אין לאָדזש. אַזוי איז טאַקע געשען. דאָרט האָט מען זי צוגעפירט צו אַ טיש, ביי וועלכן עס איז געזעסן אַ געסטאַפּאָ־אַגענט. מיין פרוי האָט אים דערקלערט, אַז ביים אויסברוך פון קריג בין איך אַוועק פון לאָדזש, און פון דעמאָלט אָן הערט זי נישט פון מיר. דער געסטאַפּאָניק האָט אָנגעהויבן שרייען אויף מיין פרוי, אַז דאָס, וואָס זי דערציילט איז אַ ליגן, און אויב איך וועל נישט קומען צו דער זיצונג, וועט מען זי מיט ביידע זין אַרעסטירן. צו דעם האָט זיך צוגעהערט דער סעקרעטאַר פון דער יידישער קהילה י. שפער, האָט ער דעם געסטאַפּאָ־אַגענט דערקלערט, אַז ער ווייסט גאַנץ זיכער, אַז זעלמאַנאָוויטש איז נישטאָ אין לאָדזש. דער געסטאַפּאָ־אַגענט האָט אָנגעשריבן אויף אַ פּאַפּיר, אַז אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז זעלמאַנאָוויטש איז אין לאָדזש, וועט ער און זיין פרוי דערשאָסן ווערן. דעם טעקסט האָט מיין פרוי געמוזט אונטער־שרייבן.

איך בין אַלעמאָל געווען אַן אָפּטימיסט, אַ לעבנס־לוסטיקער. ביז 18 יאָר בין איך געווען פרום, ס׳איז ביי מיר געווען אַ טיפער גלויבן אין גאָט, שפּעטער בין איך געוואָרן אַ בונדיסט, האָב איך ווייטער געהאַט דעם זעלבן טיפן און לויטערן גלויבן אין דער באַוועגונג, אין דעם אינטערנאַציאָנאַליזם, אין דער ערלעכקייט און אין דער ריינקייט פון דעם קינפטיקן און אויסגע־לייזטן מענטש. דאָס האָט מיר געגעבן כוח איבערצוטראָגן אַלע ליידן, וואָס איך האָב איבערגעטראָגן ווי אַ סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער. בין איך דאָך פון דער צאַרישער מאַכט געווען אַרעסטירט 9 מאָל און פאַרבראַכט אין טורמע העכער 3 יאָר, דורכגעמאַכט פאַרשידענע נגישות, געפירט הונ־גער־שטרייקן; בין איך דאָך געזעסן אין תפיסה ביי די דעמאָקראַטישע דייטשן אין 1916 און איבערגעלעבט יונקערישע באַליידיקונגען; בין איך דאָך געזעסן אין תפיסה אין 1920 אין אומאָפּהענגיקן פּוילן; האָב איך דאָך אַדורכגעמאַכט קאַרטוז־בערעזע אין 1937, און דאָס אַלץ איבערגעטראָגן מיט חדווה. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך קעמף פאַר אַ נייער און שענערער וועלט, אָבער איצט האָבן אָנגעהויבן געבוירן ווערן געדאַנקען פון יאוש און אַפּאַטיע, פון אָנמעכטיקייט. און אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען

מיין זון שלאָמעק איז אַריינגעקומען צו אונז — האָט ער באַמערקט, אַז איך בין אויסערגעוויינלעך נערוועז. מיינע אויגן זענען געווען איבערגעצויגן מיט אַ פייכטקייט. ער האָט מיך געפרעגט דערשראָקן: „טאַטע, וואָס איז געשען? דאַכט זיך, אַז דו האָסט געוויינט".

איך האָב זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן און געזאָגט:

„איך האָב גענוג געלעבט, גענומען און אויך געגעבן דעם לעבן, וואָס איך האָב געקענט. 30 מיליאָן מענטשן ביי אונז אין לאַנד לעבן אַזוי ווי סנעכט, ווי ווערים און איך מיט זיי, און מיר שווייגן אונטערטעניק, קנעכטיש. איך קען אָבער מער נישט, עס איז גענוג געלעבט!"

איך האָב אים אַביסל דערציילט ווי שווער עס איז פאַר מיין שוועגערין פעלאַ און שוואָגער פּינקוס קאַץ מיין זיין ביי זיי. ער האָט געוווינט ראָג (קאָרנער) דזשעלנאַ און פּעטריקאָווער. עס איז אַ הויז פון בלויז געשעפטן, וועלכע זענען אַלע געווען פאַרמאַכט. קיינער האָט דאָרט נישט געוווינט חוץ דעם ווירט פון הויז און מיין שוואָגער, וואָס האָט געוווינט אויפן פערטן שטאָק. קיין „טאָילעט" איז נישט געווען. דער הויז־וועכטער, אַ פּאָליאַק, האָט געוווינט קעגנאיבער דעם טויער, פון וואַנען ער האָט געקענט אָבסערווירן, ווער עס קומט אַריין אין הויז. האָט מיך מיין שוועגערין נישט געלאָזט אַראָפּגיין און איך האָב דעם מענטשלעכן געברויך געמוזט טאָן אין שטוב. יעדעס מאָל האָט דערפון ביי מיר געברענט דאָס פּנים, עפּעס האָב איך זיך געשעמט. אויסער דעם לעבן זיי דאָך נישט אין קיין קלענערן שרעק ווי איך, טאָמער געפינט מען מיך ביי זיי. מיין שוואָגער איז געווען אַ הויזן־שניידער, האָט דער ווירט פון הויז אים צוגעשאַרט אַרבעט ביי די דייטשן. די שטוב, ווו איך האָב געוווינט, איז שטענדיק געווען אָפּגעשלאָסן, און זיי, דער שוואָגער און די שוועגערין, מיט זייער ליב טעכטערל — האָבן געלעבט אין קיך. איין מאָל, דאָס איז געווען 11 ביינאַכט, מען קלאַפּט אין טיר און עס באַפאַלט אַלעמען אַ שרעק. אויב אַזוי שפּעט מוזן עס זיין דייטשן. ער עפנט די טיר. עס קומט אַריין דער ווירט פון הויז און אַנטשולדיקט זיך. דער דייטש, וואָס האָט געזאָלט אָפּנעמען אַ פּאָר הויזן 8 אָוונט — מוזן פאַרן 8 אין דער פרי, אַזוי אַז ער מוז האָבן די הויזן נישט שפּעטער ווי 7 אַזייגער. אָבער מיין שוואָגער האָט באַקומען פון שרעק אַ האַרץ־אַטאַקע און מען האָט די גאַנצע נאַכט געמוזט וואַכן איבער אים.

איך זאָג צו שלאָמעקן: „איך מוז אַרויס פון דאַנען, ווייל איך האָב מורא, אַז פעלאַ פאַלט אַ קרבן צוליב מיר."

שלאָמעק איז אוועק און באַלד זענען אַלע דריי, מיין פרוי מיט ביידע זין געקומען און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז איך מוז אוועק. דער וועג איז געווען אַן אָנגעצייכנטער: ווילנע. אָבער גליקציטיק איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַליין פאָר איך נישט. מאָטל פאָרט מיט מיר און שלאָמעק בלייבט מיט דער מאַמען.

גליקצייטיק האָט מיין פרוי מיר געמאָלדן, אַז זי האָט געקראָגן פאַר מיר אַ וווינונג ביז מען וועט פאַר אונז אויסקויפן די בילעטן אויף אַן אויטאָבוס קיין וואַרשע. געשאַפן די וווינונג האָט מיין ברודערס זון לוי־יצחק ביי זיינעם אַ פריינד, אונזער אַן איבערגעגעבענער פאַרטיי־חבר, אברהם קעניג. דאָס אַריבערגיין פון שוואָגער צו חבר קעניג איז געמאַכט געוואָרן זייער פאָרזיכטיק. מיין ברודערס זון איז געגאַנגען פאַר מיר, מיין שוועגערינס טעכטערל — הינטער מיר. איך האָב אָנגעטאָן אַ הוט, וואָס האָט טייל־ווייז פאַרשטעלט דאָס פּנים. ווען איך בין אַריין צו קעניגן אין שטוב, האָב איך אָפּגעאָטעמט. ער האָט געוווינט אין אַ באַקוועמער וווינונג. קעניג און זיין ווייבל האָבן מיך אויפגענומען מיט פרייד. דאָס האָט מיך אַביסל באַרואיקט. אָבער אויך זיי האָבן איבערגעלעבט אַ שווערע נאַכט. פונקט די זעלבע נאַכט האָט מען דאָרט עמיצן באַגנבעט. איז געקומען פּאָליציי און גע־זוכט אין די שטובן. קעניגן מיט זיין פרוי איז באַפאַלן אַ גרויסע שרעק. אָבער דאָך האָב זיי מיך באַרואיקט. מען איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

בלויז צוויי טעג האָב איך געוווינט ביי אים. די לערערין פון דער מע־דעם־שול, די חברטע מעלמאַן, האָט אויסגעקויפט צוויי בילעטן אויף דעם אויטאָבוס, וואָס גייט פון לאָדזש קיין וואַרשע. די אויטאָבוסן זענען געשטאַנען אין אַ הויף אויף לוטאָמירסקי גאַס, 2 הייזער ווייטער האָט זיך געפונען אַן אָפּטיילונג פון דער געסטאַפּאָ. דער אויטאָבוס האָט געדאַרפט אָפּפאָרן 6 אין דער פרי, האָב איך געמוזט זיין ביים אויטאָבוס אין אָוונט. די לערערין מעלמאַן האָט אין יענעם הויף געהאַט אַ שילער, האָט זי אָפּגערעדט מיט די עלטערן פון דעם שילער, אַז איך מיט מיין מאָטלען וועלן ביי זיי איבערנעכטיקן, ווייל 6 פרי פאָרן מיר קיין וואַרשע. מען האָט אונז דאָרט אַריינגעפירט, אָבער מיר האָבן דערפילט, אַז די עלטערן פונם שילער לעבן אין שרעק צוליב אונז. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר גייען אַראָפּ. אין זעלבן הויז איז געווען אַ רעסטאָראַן, וועלן מיר דאָרט עסן און אַדורכזיצן די נאַכט, ווייל אַלע פּאַסאַזשירן צום מאָרגנדיקן אויטאָבוס זענען געקומען אין אָוונט. אָבער אויך דאָרט האָבן מיר איבערגעלעבט אַביסל שרעק. די שאָפערן, אַלע

פּאָליאַקן, האָבן זיך אָנגעטרונקען און אָנגעהויבן זינגען דעם פּוילישן הימן „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ". און געזונגען מיט ברען... מיר האָבן זיך געשראָקן, אַז אָט־אָט קומט אַריין דייטשע פּאָליציי. אָבער עס איז אַדורך בשלום. אַ האַלבע שעה פאַרן אָפּגיין פון אויטאָבוס זענען מיר אַריין פאַרנעמען אונזערע פּלעצער. דער אויטאָבוס איז געווען פול. אין מיטן קומט אַריין אַ פּוילישע פרוי, זי וויל פאָרן קיין וואַרשע. דער שאָפער זאָגט איר, אַז עס איז מער נישטאָ קיין פּלאַץ. הייבט זי אָן שרייען: — אַ פולער אויטאָבוס מיט „זשידעס" און קיין פּאָליאַק האָט נישט קיין אָרט. זי וועט באַלד רופן וועמען פון געסטאַפּאָ, וועט ער שוין די „זשידעס" פאַרטרייבן — געזאָגט און געטאָן. עס דויערט נישט קיין 10 מינוט איז זי דאָ מיט אַ געסטאַפּאָ־אַגענט און ער שרייט טאַקע, אַז דער שאָפער זאָל גלייך מאַכן אַ פּלאַץ פאַר דער פּוילישער פרוי און אַרויסטרייבן אַ „יודע". דער שאָפער האָט אים גענומען אָן אַ זייט, אים אָפּגעקויפט. ביידע זענען צוריקגעקומען און די פּוילישע פרוי האָט געקראָגן אַ בילעט אויף דעם אויטאָבוס, וואָס דאַרף אָפּגיין 12 בייטאָג.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע, זענען מיר צוגעפאָרן צום חבר מאַנדעלמאַן. אָבער חברטע מאַנדעלמאַן איז שוין געהאַט אוועק. דאָרט האָט געוווינט דער לערער ברווידע, זענען מיר דאָרט געבליבן.

איך האָב זיך נישט אַזוי געיאָגט אַוועקצופאָרן, ווייל וואַרשע האָט גאָר אַנדערש אויסגעזען ווי לאָדזש. די שטימונג איז דאָרט געווען גאָר אַן אַנדערע. מען האָט געהאַנדלט. עס איז ניכער מענלעך געווען עפּעס צו קויפן. איך האָב זיך נאָך באַטייליקט אין אַ זיצונג פון צ. ק. פון „בונד". דאָס איז געווען די שווערסטע, די פּיינלעכסטע זיצונג אין מיין לעבן. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַזוי האָבן זיך געפילט אַלע באַטייליקטע. די חברטע גסטעראַ איוווינסקאַ (די שוועסטער פון חבר וויקטאָר אַלטער) האָט איבערגעגעבן, אַז דער שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי האָט זיך געווענדעט צו איר, היות ווי די דייטשע מאַכט פאַרלאַנגט זאַקלאַדניקעס — מיינט ער, אַז פון די יידן דאַרפן זיין צוויי, און אַזוי ווי דער „בונד" האָט געהאַט אין לעצטן שטאָט־ראַט די גרעסטע פאַרטרעטערשאַפט, דאַרף דער „בונד" געבן איינעם. זי האָט אים אויפן אָרט געענטפערט, אַז קיינער פון די ראַטמענער חוץ איר געפינט זיך נישט אין וואַרשע. דעריבער קען זי זיין דער זאַקלאַדניק פון „בונד". אויף דעם האָט סטאַזשינסקי געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז עס איז עפּעס נישט שיין, אַז אַזאַ אָנגעזעענע פאַרטיי אויף דער יידישער גאַס

ווי דער „בונד" זאָל געבן פאַר אַ זאַקלאַדניק — אַ פרוי. האָט אים חברטע איווינסקי צוגעזאָגט, אַז זי וועט זיך באַמיען צונויפרעדן מיט עטלעכע אירע פּאַרטיי־חברים און זי וועט מאָרגן אים געבן אַ תשובה.

אַז מיר האָבן אויסגעהערט די חברטע איווינסקאַ, איז די זיצונג געבליבן שטום. קיינער האָט נישט געבעטן קיין וואָרט, ווייל עס איז געווען שווער ווען פאָרצושלאָגן. מיר האָבן אַלע גוט פאַרשטאַנען, אַז ווערן אַ זאַקלאַדניק ביי די דייטשן, נאָך פאַר אַ יידן, באַזונדערס פאַר אַ יידישן סאָציאַליסט, הייסט — פאַראורטיילן אַ מענטש ער זאָל גיין אויף אַ שאַרף פון אַ שווערד און אין רעזולטאַט אומקומען. יעדער האָט געפילט, אַז חברטע איווינסקאַ דאַרף נישט ווערן דער זאַקלאַדניק. אָבער נאָך עטלעכע מינוט שטיל־שווייגן האָט חבר אַרטור געבעטן אַ וואָרט און געזאָגט פאָלגנדיקס:

„איך האַלט, אַז דער „בונד" טאָר זיך נישט אָפּזאָגן צו געבן אַ זאַקלאַדניק. חברטע איווינסקאַ טאָר דאָס נישט זיין. אין דער גרופּע, וואָס איז דאָ פאַרזאַמלט זע איך נישט קיין אַנדערן, וואָס דאַרף דאָס איבערנעמען — ווי איך! אמת, שוין עטלעכע יאָר ווי איך בין נישט אין וואַרשע, אָבער דאָך בין איך געווען (אַמאָל) אַ ראַטמאַן אין וואַרשעווער שטאָט־ראַט".

מיר האָבן דורך שטיל־שווייגן מסכים געווען... און דערביי האָב איך ביי זיך אין האַרצן געטראַכט: יצחקן האָט מען געפירט צו דער עקדה, און אונזער חבר אַרטור גייט אַליין.

אין וואַרשע איז אין יענער צייט אויך געווען מילמאַן און מנחם זילבערשטיין. האָבן מיר גערעדט וועגן נעמען דעם וועג קיין ווילנע. איך האָב וועגן דעם גערעדט מיט אַבראַשע בלום, וואָס איז געווען די נשמה פון דער באַוועגונג, און אויך מיט דעם חבר אַרטור זיגלבוים און ביידע האָבן געהאַלטן, אַז פאַר מיר איז פּוילן נישט קיין אָרט צו בלייַן, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר פיר: איך, מאָטל, מילמאַן און זילבערשטיין לאָזן זיך אין וועג אַריין. אָבער מיר האָבן געזוכט אַ שמוגלער, וואָס זאָל אונז אַריבערפירן אויף דער סאָוועטישער זייט.

אַ באַשטימטן נאָכמיטאָג מאַך איך אַ וויזיט ביי שעפּנערן אין דער וווינונג. דאָרט זענען געווען שעפּנערס פרוי, בוימגאַרטנס פרוי, קאַסטעלאַנסקיס פרוי. אַלע האָבן זיי זייערע מענער אין ווילנע און טראַכטן וועגן פאָרן. ווערע בעט ביי מיר און מאָטלען, אַז אויב מיר וועלן האָבן אַ שמוגלער — וויל זי גיין מיט אונז צוזאַמען. אַ האַלבע שעה פאַר דער פּאָליציי־שעה („שפּערע") ווען מען האָט שוין נישט געטאָרט גיין — זענען מיר געקומען אַהיים. טרעפן

מיר זיצן דעם ליבן אבראשע בלום. ער זאָגט צו אונז: „עס איז דאָ אַ שמוג־לער, וועלכער נעמט אייך. איר מוזט שוין מיט מיר צופאָרן צום חבר לע־וויט. פון דאָרט וועט איר גיין". ער איז מיט אונז צונעפאָרן ביז צום טויער. מיר האָבן זיך הארציק געזעגנט.

טאַקע באַלד אין דער פרי זענען מיר געפאָרן מיט דער באַן ביז מאַל־קין. אין מאַלקין — מען גייט אראָפּ פון דער באַן, ווערט אַ געיעג פון די דייטשן אויף די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אין זייער גרעסטן טייל געווען יידן. מיר האָבן זיך אַלע אדורכגעשלאָגן דורך די דייטשן און דער שמוגלער האָט אונז אוועקגעפירט צו אַ פּויער. אָבער אַזוי ווי מיר קומען אריין — קומען באַלד נאָך די דייטשן. טונקל איז געווען אין דער כאַלופּע, האָבן זיי מיט אַ טאַשן־לאָמפּ יעדן יידן געקוקט אין פּנים און האָבן געפרעגט: „יודע", ווער פון אייך איז געווען אין מיליטער? און זענען אוועק. איינס אַזיינער ביינאַכט זאָגט דער פּויער, אַז יעדערער זאָל באַצאָלן און זיין זון וועט אונז אריבערפירן אויף דער סאָוועטישער זייט.

אַ יונגער פּויער פירט אונז גלייך אריין אין די הענט פון דער סאָוועט־טישער גרענעץ־וואַך. דער יונגער שייגעץ איז אוועק, און זיי, די סאָוועט־טישע זעלנער, טרייבן אונז צוריק. צוריק אין קיינעמס לאַנד. מיר זוכן ווי־דער אַ פּויער און ער נעמט זיך אונטער אונז אריבערצופירן די גרענעץ. אָבער אויך דער צווייטער פירט אונז אריין גלייך אין די הענט פון די סאָ־וועטישע גרענעץ־זעלנער. זיי טרייבן אונז ווידער אין קיינעמס לאַנד, אָבער שוין מיט געשריי און זידלעריי. ווי מיר שטייען אַזוי אומבאַהאָלפן און ווייסן נישט וואָס צו טאָן — קומט צו איינער פון די גרענעץ־זעלנער, ציינדט אָן זיין לעמפּל, קוקט יעדן אריין אין די אויגן און פרעגט אויף רוסיש: „אַ יידן?" יעדערער פון אונז ענטפערט: „יאָ". דאַן ווייזט ער אונז אַ וועג ווי מיר זאָלן גיין. מיר וועלן אָנקומען צו אַ באַן־סטאַנציע „טשעמבי־קאָשטשעל־נע. דאָס איז שוין אויף דער סאָוועטישער זייט.

מיר הייבן אָן צו גיין. די נאַכט איז אַ פינצטערע. פעלד און וואַלד. האָב איך מורא צו גיין, מיר זאָלן ווידער אַמאָל נישט צוריק קומען אויף דער דייטשער זייט. עס רעגנט. שטייען מיר אַזוי אונטערן רעגן, מיד און אויסגעשעפּט. זאָג איך — לאָמיר אָנקלאַפּן אין אַ כאַטע. עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. מיר קלאַפּן אָן אין דער ערשטער כאַטע. עס רופט זיך אָפּ אַ פרויען־שטימע, זי מאַכט ליכטיק און פרעגט ביי אונז, וואָס מיר ווילן. זאָגן מיר — עס רעגנט, לאָז אונז אריין איבערנעכטיקן. ענטפערט זי, אַז זי

קען דאָס נישט טאָן. זי איז א פרוי, איינע אליין, און גיט באלד צו, אז איינער וועט אונז נישט אריינלאָזן, ווייל זיי האָבן מורא פאר די רוסן. דאָן לייגן מיר איר פאָר, זי זאָל אונז פירן צו דער באן־סטאנציע זארעמבי־קאָשטשעלנע. איז זי מסכים אונז צוצופירן צו די באן־רעלסן, אָבער פון דאָרט זאָלן מיר אליין צוגיין. מילמאן גייט מיט איר און רעדט און מיר דריי הינטער זיי. אז מיר קומען שוין באלד צו די באן־רעלסן זאָג איך צו מאָטלען: „גיי דו איצט מיט איר, דו האָסט ליב א וויץ, א געלעכטער, וועסט זי ארייננברענגען אין א גוטער שטימונג, וועסטו זי בעטן, אז זי זאָל אונז שוין צופירן גלייך ביז דער סטאנציע. און אזוי איז טאקע געווען. מיר האָבן איר באצאָלט און דערצו נאָך איר הארציק באדאנקט.

די סטאנציע האָט געהייסן זארעמבי־קאָשטשעלנע. דער וואָקזאל שטייט אין וואלד. אָנגעקומען זענען מיר ארום צוויי ביינאכט. אָבער אין וואלד איז געווען פריילעך. עס זענען דאָרט געווען הונדערטער און אפשר טויזנטער יונגעלייט און יונגע מיידלעך, אנטלאָפענע פון פוילן. 8 אין דער פרי האָט געדארפט אָנקומען א צוג, וואָס וועט פאָרן קיין ביאליסטאָק. דערווייל האָט די יונגע חברה געזונגען, אָבער אלץ סאָוועטישע לידער. איך ווייס נישט, וואָס איטלעכער פון זיי איז געווען אין דער היים, אָבער דאָ האָט מען זיך איבערגעשטעלט, און א סך האָבן טאקע געהאט גרויסע האָפענונגען. זיי האָבן געגלויבט, אז זיי פאָרן אין א סאָציאליסטיש לאנד.

8 אין דער פרי איז טאקע אָנגעקומען א צוג. דער צוג איז געווען אינגאנצן ליידיק. געפירט האָבן דעם צוג מיליטער־לייט. אלע פענצטער פונם צוג זענען געווען צעבראָכן. עס זענען באלד פול געוואָרן אלע וואגאָנען. דאָ זענען גלייך אריינגעקומען זעלנער און האָבן דערקלערט דעם עולם, אז דער צוג גייט נישט קיין ביאליסטאָק, נאָר קיין מאלקין, דאָס איז דער גרענעץ־פונקט, וואָס די דייטשן האָבן געהאלטן באזעצט. האָט מען אָנגעהויבן שנעל ארויסשפרינגען פון די וואגאָנען, אָבער א טייל איז געבליבן זיצן אין דער איבערצייגונג אז די זעלנער נארן אָפּ. דער צוג גיין קיין ביאליסטאָק.

די זעלנער האָבן דערווייל פארשלאָסן די וואגאָנען. וואָס א מינוט וויי־טער איז אלץ שטארקער געוואָרן די איבערצייגונג, אז דער צוג גייט קיין ביאליסטאָק. די טירן זענען פארשלאָסן, איז אָבער געווען א גליק, וואָס די שויבן זענען געווען אויסגעהאקט — זענען מיר אלע אריינגעקראָכן דורך די פענצטער. דער צוג איז טאקע אוועק קיין ביאליסטאָק.

ווען מיר זענען ארויס פון צוג האָבן מיר געטראָפן באקאנטע און זי־

האָבן אונדז דערציילט ווי עס זעט אויס די לאַגע: עס דרייען זיך אַרום טויזנ־טער פּליטים נאַקעט און באָרוועס. קיינער ווערט נישט באַזאָרגט. מען דרייט זיך אַרום נישט געגעסן, שמוציק, פּאַרלויזט. ביינאַכט שלאָפט מען אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע אין די שולן, בתּי־מדרשים און שטיבלעך. מען שלאָפט אויפן וואָקזאַל, און ווען מען איז שטאַרק אויסגעמאַטערט — שפּאַרט מען זיך אָן אָן אַ וואַנט און אַזוי שלאָפט מען.

מיר האָבן געהאַט אָן אַדרעס צו אונדזערער אַ חברטע, פרידמאַן איז איר נאָמען, זענען מיר אַהין אַריין. זי האָט מיר דערקלערט, אַז מיך מיט מאָט־לען וועט נעמען צו זיך אירער אַ שוואָגער. ער וווינט אין אַ האָטעל. מיר מוזן זיצן אין שטוב ביז דער צוג וועט אָפּגיין קיין וואָלקאָוויסק, ווייל דאָ דרייען זיך אַרום יידישע קאָמוניסטן פון אַלע שטעט אין פּוילן. זיי ווילן גוט מאַכן זייער מערכה פאַר דער מאַכט דורך מסרן. און זיי באַטראַכטן דאָס פאַר אַ מצווה.

דער שוואָגער פון דער חברטע פרידמאַן האָט אונדז זייער גוט אויפ־גענומען, געגעבן צו עסן און צו טרינקען, געקויפט פאַר אונדז בילעטן קיין וואָלקאָוויסק. ווען מיר זענען אַהין אָנגעקומען, זענען מיר אַריין צו סאַלעק ליכטענשטיינס שוויגער־עלטערן. ווידער האָבן מיר געהאַט זייער אַ פריינד־לעכע חברישע באַציאונג. מיין מאָטלען האָט מען דאָרט באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד. מיר דאַרפן פאָרן ווייטער. אונדזער וועג איז דאָך געווען ווילנע. זאָג איך צו מיין מאָטלען: „ווייסטו נאָר וואָס, מיר ווייסן דאָך נישט וואָס אין ווילנע טוט זיך איצט. מילא, איך בין אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט אין דער באַוועגונג, וועט מען מיך דאָרט נישט לאָזן הונגערן, אָבער דו ביסט יונג, בלייב דו דאָ, און איך וועל מיט מילמאַנען פאָרן קיין ווילנע. אַז איך וועל זען, אַז מען קען דאָרט לעבן, וועל איך דיר גלייך אָנשרייבן". ער איז מסכים געווען דערמיט. מיר זענען אַוועק צו דעם גרענעץ־שטעטל בעניעקון. געהאַט האָבן מיר אַן אַדרעס צו אַ יידן, וואָס ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ער וועט אונדז אַריבערפירן די סאָוועטיש־ליטווישע גרענעץ. מיר זאָלן זיך פאַררופן אויפן חבר מאַטוויי. מיר קומען אַהין אַריין, איז דער ייד נישטאָ, נאָר די פרוי זיינע. פרעגט זי אונדז: „וואָס דאַרפט איר?" מיר ווילן איר נישט זאָגן. זי טענהט צו אונדז: „איך בין די פרוי און איך מעגט מיר זאָגן". האָבן מיר איר געזאָגט, דאַן האָט זי אונדז באַזונגען און אַרויסגע־טריבן פון שטוב.

ס'איז אונדז געוואָרן זייער ביטער. דאָס שטעטל איז באַלייגט מיט מי־

ליטער. מיר ווייסן נישט צו וועמען זיך צו ווענדן. ווי מיר שטייען אזוי אומבאהאלפן, רוקט זיך אונטער א יידישע פרוי און פרעגט אונז, אפשר ווילן מיר עפעס אפעסן? מיר האבן זיך דערפרייט און געענטפערט, אז יא. מיר זענען אריין און זיך געזעצט צום טיש עסן. דא הייבט זיך אן א שמועס מיט אונז, און מיר רעדן מיט איר גאנץ אפן: מיר ווילן גיין קיין ליטע. די פרוי זאגט אונז, אז זי וועט אונז געבן א קריסט, וואס ווייסט גוט דעם וועג און ער וועט אונז אריבערפירן, אבער באצאלן דארף מען איר. ווען מיר האבן דערזען דעם פויער, זענען מיר עפעס נישט צופרידן געווארן. אבער קיין אנדער עצה האבן מיר נישט געהאט און האבן זיך מיט אים געלאזט אין וועג אריין. די נאכט איז אויך נישט געווען קיין פאסיקע אויף דורכצושמוגלען זיך. עס איז געווען א ליכטיקע נאכט, און דער פירער האט מיט אונז אויסגערעדט, אז טאמער פאלן מיר אריין, זאלן מיר זאגן, אז מיר קענען אים נישט. ער האט געהאט, ווייזט אויס, א גוטן פארגעפיל. ס'איז געווען אן ארט, ווו מיר האבן געדארפט אריבערגיין די באן־רעלסן. טרעפט מען דארט א סאוועטישע וואך. ער הייסט אונז אויפהייבן די הענט, באטאפט אונז, און הייסט אונז זיך שטעלן מיטן פנים צו דער וואנט. מיר זענען אזוי געשטאנען ביז ס'איז אנגעקומען א פאטרול און אוועקגעפירט אונז אין שטאב אריין. דארט האט מען אונז אריינגעפירט אין א צימער, ווו עס זענען שוין געזעסן עטלעכע צענדליק ארעסטירטע. אלע זענען געווען שמוגלער. מען האט געפירט פון ליטע קיין סאוועט־רוסלאנד פעטס, און קיין ליטע — מאכארקע. מיר זענען דארטן געזעסן דריי טעג. עסן האט מען אונז נישט געגעבן, אבער מען האט געקענט קויפן. אויף דעם דריטן טאג שפעט ביינאכט רופט מען אלעמען אויף א פארהער. איך רעד אפ מיט מילמאנען, אז ער גייט דער ערשטער און ביידע זאלן מיר דערקלערן, אז מיר זענען אנטלאפן פון די היטלעריסטן, אבער אין וועג האבן מיר פארלוירן אונזערע פרויען. צו אונז האט זיך דערטראגן א קלאנג, אז זיי געפינען זיך אין ווילנע, ווילן מיר אהין גיין.

מילמאן גייט צום פארהער. ער דערציילט אלץ. ווען מען האט אים גענומען גענוי אויספרעגן, פון וואנען ער איז, און וואס ער האט דארט געטאן און אזוי ווייטער, האט ער אויף אלץ געענטפערט, נאר ער האט אויך געזאגט, אז דארט (אין ווילנע) איז פאראן זיינער א פריינד, וועלכער איז אן אלטער רעוואלוציאנער, ער איז נאך געזעסן ביי דער צארישער מאכט אין תפיסה. איך האב געהערט זיינע רייד און ס'איז מיר קאלט געווארן. איך בין אריין צו דער אויספארשונג האט מען מיך אויך וועגן אלץ אויסגע־

איך האָב געזאָגט, אַז איך בין אַ וועבער, אָבער איך אַרבעט שוין נישט אַ לאַנגע צייט, ווייל מיין שוועך האָט אַ געוועלב און ער איז קראַנק, אַרבעט איך דאָרט. עס ווייזט אויס, אַז דער אויספאָרשער האָט פאַרגעסן, וואָס חבר מילמאַן האָט אים געזאָגט. ווען מען האָט שוין אַלעמען אויס־געפרעגט, זענען מיר צוריק אַריין אין קאַמער.

אויף מאָרגן 12 בייטאָג האָט מען די אַרעסטירטע אויסגעשטעלט אין צוויי גרופעס: די, וואָס האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן גיין קיין ביאַליסטאָק, האָט מען געשטעלט באַזונדער; און די, וואָס האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן גיין קיין ליטע — ווידער באַזונדער. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען געווען אין דער גרופע, וואָס גייט קיין ליטע. עס האָבן אונז אַרומגערינגלט סאָוועטי־שע זעלנער מיט אַ סאָוועטישן אָפיצער פאָרויס. אַז מען איז צוגעקומען צום וואַלד, האָט מען אונז געהייסן שטיין און דער אָפיצער האָט צו אונז גע־זאָגט: „דאָ האָט איר אַ וועג, וואָס פירט קיין ליטע. איר דאַרפט גיין שטיל, די ליטווישע גרענעץ־זעלנער זאָלן נישט הערן, ווייל טאָמער טרייבט מען אייך צוריק, ווייס איך נישט, וואָס מיט אייך וועט זיין.” אונזער גרופע איז באַשטאַנען פון אַ דרייסיק מאַן. מיר גייען ביז ס'ענדיקט זיך דער וואַלד און מיר זענען אויף אַ גרויסן פרייען פעלד. די הינט זענען אַרויס מיט אַ געביל. די מענטשן זענען אַרויס פון די כאַטעס און באַלד הערט מען אַ געשריי: מען זאָל שטיין. איך מיט מילמאַנען האַלטן זיך צוזאַמען. מיר לויפן. מען הערט פון ווייטנס געשרייען, מ'הערט אַפילו אַ שיסעריי. מיר לויפן... אַזוי זענען מיר אַפגעלאָפן עטלעכע קילאָמעטער, ביז פון אַ כאַטע האָט אונז אַ ווינק געטאָן אַ יונגערמאַן אַ ייד. מיר גייען אַריין. מיט אונז זענען אַריין נאָך דריי פון די שמוגלערס. דער ייד זאָגט צו אונז: „איר זענט שוין 5 קילאָמעטער אויף דער ליטווישער טעריטאָריע. איר קענט זיך דאָ אָפרוען, עפעס עסן, טרינקען און אויב איר ווילט איבערנעכטיקן, האָט איר אין דער פרי אַן אויטאָבוס, וואָס גייט פון דאַנען קיין ווילנע: טאַקע ערשט פון היינט אָן האָט ער אָנגעהויבן צו גיין”.

מיר זענען מסכים. מיר זענען שוין רואיק. אָבער פּלוצלונג באַווייזט זיך פון ווייטנס אַ ליטווישער אָפיצער. צוויי פון די שמוגלער זענען שוין אין קליידער־שאַנק און פאַרמאַכן זיך. איך מיט מילמאַנען און אַ קריסטלעכע פרוי זיצן און וואַרטן. ער קומט אַריין און פרעגט פון וואַנען מיר זענען: מיר ענטפערן: פון ווילנע. ער הייסט אונז ווייזן די פּעסער. מיר ווייזן די פּעסער און זענען זיכער, אַז מיר פאַלן אַריין, ווייל אונזערע פּעסער זענען

געמאָלדן אין לאָדזש. אונזער גליק איז אָבער, וואָס ער קוקט און ווייסט נישט, וואָס דאָרט איז געשריבן. זאָגט ער אונז: „איר וואַרט דאָ, אין 15 מינוט אַרום וועל איך זיין צוריק". מילמאַן זאָגט: לאָמיר גיין. איך וויל נישט, טאָמער כאַפּט מען אונז ווידער. אָבער אַז די 15 מינוט זענען שוין אַוועק, ווילן מיר שוין גיין. זאָגט דער יונגערמאַן צו אונז, אַז אַביסל ווייטער וווינט זיין שווער און מיר קענען דאָרטן נעכטיקן און אין דער פרי וועלן מיר קענען ווייטער פאָרן.

ער האָט אונז צוגעפירט. מיר זיצן דאָרט און מילמאַן זאָגט צו מיר: „אפרים, דאָס איז דער שווער, מען קען אויך אַהער קומען אונז זוכן, לאָמיר גיין". אָבער איך וויל נישט. אַזוי איז געווען אין גאַנצן וועג. מילמאַן וויל אַלץ ווייטער גיין, אָבער איך האַלט אים אָפּ. אַזוי ווי מיר רעדן, קומט אַריין איינער פון די שמוגלערס מיט א קריסט. ער פירט אים אין א יידישער קרעטשמע, זעקס קילאָמעטער פון דאַנען. „אפשר ווילט איר אויך גיין?" מיר זענען מסכים. עס איז שוין געווען אָוונט. געגאַנגען זענען מיר מיטן וואַלד, מיר זאָלן זיך מיט קיינעם נישט טרעפן אויפן וועג. מיר זענען אַריינגעקומען אין קרעטשמע, זיצן דאָרט עטלעכע יידן און רעדן צווישן זיך. מיר זאָגן זיי א ברייטן „גוט וואָך". מען נעמט אונז דאָרט גוט אויף. מען גיט אונז אָפּ־צועסן, מען מאכט אונז צוויי בעטן. שוין לאַנג נישט געהאַט אַזאַ פאַרגע־ניגן. איבערגעשלאָפן, אָפּגעוואַשן זיך, עפּעס געגעסן. 8 אין דער פרי דאַרף פאַרבייפאָרן דער אויטאָבוס קיין ווילנע. קיין סטאַנציע איז דאָרטן נישט, אָבער אַז מען בעט, שטעלט זיך דער אויטאָבוס אָפּ. אַזוי איז טאַקע געווען. מיר זענען געקומען קיין ווילנע. מיר האָבן דאָרט געהאַט דעם אדרעס פון חבר אבראַם שמויש און מיר זענען צו אים אַוועק.

פון שמויסן זענען מיר געגאַנגען טרעפן די חברים. אין ווילנע האָט זיך דעמאָלט געפונען דער בונדישער אַקטיוו, וואָס איז אַוועק פון וואַרשע און אויך די מערהייט פון צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד". איך האָב זיי באַריכטעט ווי עס זעט אויס מיט אונזער באַוועגונג אין וואַרשע און לאָדזש און דאַן האָבן זיי מיך געפרעגט צי איך וויל נעמען א צימער אָדער איך וויל גיין אין אן אינטערנאַט. האָב איך זיי דערקלערט, אַז איך האָב געלאָזט מיין מאַטלען אין וואָלקאָוויסק. איך האָב פריער געוואָלט זען, וואָס אין ווילנע טוט זיך, צי עס זענען דאָ יונגע מענטשן, און וואָס זיי קענען דאָ טאָן. אויף דעם האָב איך געקראָגן אַן ענטפער, אַז אין ווילנע געפינען זיך ביז 25 טויזנט פליטים, און זיי ווערן אויסגעהאַלטן פון „דזשאָינט"־געל־

טער, וואָס ווערן געשיקט פון אַמעריקע. צווישן די פּליטים זענען דאָ טויזנטער יונגע מענטשן, אַזוי אַז איר קענט באַלד שרייבן נאָך מאָטלען.

איך האָב טאַקע באַלד געשריבן. אָבער קיין וווינונג האָב איך נישט געוואָלט נעמען, האָט מען מיך געשיקט אין אַן אינטערנאַט, וואָס האָט זיך געפונען אינעם הויז פון ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין. דאָרט האָט זיך טאַקע געפונען דער גרעסטער טייל פון דער שרייבערישער משפּחה. מ'האָט טאַקע געוווינט צו 6 און 8 מענטשן אין איין צימער, אָבער עס איז גוט געווען. ריין און ציכטיק, ריינע געלעגערס, גוט עסן און די אַטמאָספערע אַ גאַנץ קולטורעלע. דעם ערשטן פרייטיק בין איך געווען גאָר איבערראַשט. עס איז געווען ליכטיק, ווייסע טישטעכער אויף די טישן. אַ שבתדיק עסן מיט פיש מיט פלייש. עס האָט נישט געדויערט קיין 8 טעג, און מיין זון איז געקומען צו מיר. ער האָט געהאַט מזל: דער שמוגלער, וואָס האָט אים אַריבערגעפירט די גרענעץ, האָט אים נישט אַריינגעפירט צו דער סאָוועטישער גרענעץ־וואַך. אַז ער איז געקומען, האָט אים די פאַרוואַלטונג פון אינטערנאַט אויך אַריינגענומען.

אין ווילנע האָט עקזיסטירט דער אַזוי גערופענער הילפס־קאָמיטעט, אויסגעטיילט פון דער יידישער קהילה. די אַרבעט האָט געטראָגן דעם זעלבן כאַראַקטער ווי יעדע הילפס־אַרבעט, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך די קהילות אין פוילן אָדער דורך בירגערלעכע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. פּראָטעקציע איז געווען דער יסוד פון דער אַרבעט. דאָס ערשטע האָט מען געפרעגט דעם אָפּשטאַם פון פּליט: צי איז ער אין דער היים געווען אַ גביר, אָדער האָט געווען צו די כלי־קודש, אָדער ער האָט געהאַט דעם טיטל דאָקטאָר, אינזשענער, אָדער אַדוואָקאַט — די אַלע האָבן באַקומען אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט, נאָך מער ווי זיי האָבן באַדאַרפט. פאַר זיי זענען געווען אָפן די טירן צו די פּרעזעסן און וויצע־פּרעזעסן, במילא שוין אויך צו אַלע אָנגעשטעלטע. דעם המון. דעם אַרבעטס־מענטש, דעם פאָלקס־מענטש האָט מען באַהאַנדלט ווי אַ באַשעפעניש פון אַ נידעריקער מדרגה. מיר די אַרבעטס־מענטשן, באַזונדערס די מיטגלידער פון „בונד” אין פוילן, האָבן אויף אַזאַ באַציאונג נישט געקענט מסכים זיין, און מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל פאַר אונז באַשטימען אַזוי פיל געלט אויף באַשפּייזונג און דירה, וויפל עס מאַכט אויס פאַר אַ פּליט. אויך די קליידער, האָבן מיר פאַרלאַנגט, זאָל מען פאַר אונז אויסטיילן אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע, וואָס זיי קריגן פאַר אַלע פּליטים. מיר האָבן אָבער אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן. מיר האָבן געפירט אַ גרויסע קאַמפּאַניע צווישן די פּלי־

טים דורך פאַריאַמלונגען. מיר האָבן אויך גענומען צו הילף דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז געווען דער גרעסטער דרוק, וואָס האָט ווייך געמאַכט די הערצער פון הילפס־קאָמיטעט. זיי האָבן מסכים געווען אויף אונזערע פאָרשלאָגן בתנאי זיי זאָלן האָבן אַ קאָנטראָל אויף דער הילפס־אַקציע. מיר זענען, פאַרשטייט זיך, אויף דעם איינגעגאַנגען. מיר האָבן געדונגען אַ הויז ווי אַ פּאַלאַץ. דאָרט אויפגעשטעלט אַ קיך און געקאָכט מיטאָגן. מען האָט דאָרט געקענט עסן דריי מאָל אַ טאָג. מען האָט דאָרט איינגעאָרדנט אַ ליינ־זאַל. מיר האָבן אויך געהאַט אַ קלוב. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ באַשפּייזונגס־קאָמיסיע און אויך אַ קולטור־קאָמיסיע. מיר האָבן איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען, דיסקוסיעס, אָוונטן, געשאַפן אויך אייגענע אינטערנאַטן. מיט איין וואָרט — „בונד" איז געווען שטאָלץ מיט זיין אַרבעט. מיר זענען געוואָרן אַ מוסטער־אינסטיטוציע. עס זענען געקומען דעלעגאַציעס פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן און מען האָט ממש באַוווּנדערט אונזער אַרבעט. ס'איז געווען געווען אַ קוק צו טאָן אויפן עס־זאַל. ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ שיינעם, ליכטיקן רעסטאָראַן, אַזוי ריין און ציכטיק איז דאָרט געווען. אויף די פאָרלעזונגען און דיסקוסיעס זענען געקומען הונדערטער מענטשן. פריינד האָבן זיך געפרייט און שונאים האָבן אונז מקנא געווען און גלייכצייטיק געזוכט מיטלען צו דערשטיקן אונזער אַרבעט.

די שונאים האָבן דאָ באַנוצט אַ באַקאַנט מיטל: מען האָט אַ ווונק געטאָן ווו מען האָט באַדאַרפט און די ליטווישע מאַכט־האָבער האָבן זיי צוליב געטאָן. דעם 15־טן אַפּריל 1940 האָבן מיר באַקומען פון די ווילנער מאַכט־האָבער אַ מעלדונג, אַז דער באַשפּייזונגס־פּונקט, וואָס ווערט אָנגעפירט פון „בונד" ווערט אויפגעלייזט און דערצו געוואָרנט זיינע עסערס, אַז זיי וועלן אַרויסגעשיקט ווערן פון ווילנע. אויף ליקווידירן דעם באַשפּייזונגס־פּונקט האָט מען אונז געגעבן צייט ביז דעם 22־טן אַפּריל. קיין אינטערווענציעס פון דער בונדישער זייט האָבן נישט געהאָלפן. דעם 21־טן אַפּריל האָבן מיר געקאָכט אַן אָוונט־ברויט פאַר אַלע עסערס פון אונזער קיך און אויך פאַר איינגעלאַדענע געסט. דאָס איז געווען אַ געזעגנונגס־אָוונט מיט די עסערס. דער אָוונט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גראַנדיעזן פּראָטעסט קעגן די, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן, אַז מען זאָל אונזער אינסטיטוציע ליקווידירן, און קעגן די, וואָס האָבן זי פאַרמאַכט. אָבער דעם 21־טן אַפּריל איז אויסגעפאַלן דער יאָרצייט נאָך אונזער אומפאַרגעסלעכן חבר ישראל ליכטענשטיין, האָט מען מיר געגעבן אַ וואָרט צו דערמאָנען דעם יאָרצייט און

די ראָלע, וואָס ישראל ליכטענשטיין האָט געשפּילט אינעם לאָדזשער „בונד".
אויף ווי ווייט אויף דער פאַרזאַמלונג זענען געווען כמעט דורכאויס קרבנות
פונעם פּאַשיסטישן אַריינמאַרש אין פּוילן, האָב איך נישט געקענט נישט
אויפהייבן מיין שטימע פון שאַרפן פּראָטעסט קעגן דער סאָוועטישער רעגי־
רונג, וואָס האָט געשלאָסן אַ פּאַקט מיט היטלערן און אַזוי אַרום לייכטער
געמאַכט דעם נאַציישן אָנגריף אויף פּוילן. איך האָב גלייכצייטיק שאַרף
פּראָטעסטירט אין מיין רעדע קעגן אַרעסטירן די שענסטע זין און טעכטער
פון „בונד" אין פּוילן און דערמאָנט אונזערע ליבע פירער און לערער הענ־
ריק ערליך און וויקטאָר אַלטער.

עס האָט זיך אַריבערגעטראָגן אַ געמורמל אין זאַל. דער פּאָרזיצער ביים
אָונט־ברויט איז געווען מנחם ראָזענבוים. ער האָט מיך אַ צי געטאָן פאַרן
אַרבל איך זאָל אויפהערן, ווייל יעדן טאָג האָט מען זיך שוין געריכט אויפן
אַריינמאַרש פון סאָוועטישן מיליטער. עס איז געווען אַ שטורמישער אָוונט,
אַזוי ווי עס פּאַסט פאַרן „בונד".

מיין פרוי און דער יינגערער זון, ווען זיי האָבן דערהאַלטן פון אונז
אַ קאַרטל, אַז מיר געפינען זיך אין ווילנע און אַז זיי זאָלן אויך אַדורכמאַכן
דעם זעלבן וועג, האָבן טאַקע אונז געפאָלגט און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.
דעם 3־טן יאַנואַר 1940 זענען זיי אָנגעקומען קיין וואַרשע. דער וועג איז
געווען אָן אַן ערך שווערער ווי אונזער וועג איז געווען. דאָס שמוגלען זיך
פון פּוילן קיין סאָוועט־רוסלאַנד איז אין 1940 געווען פיל, פיל שווערער
ווי אין 1939. אָבער זיי האָבן זיך דערשלאָגן ביז לידע. דאָס איז אינגאַנצן
אַ 50 קילאָמעטער פון ווילנע. נאָר דאָס אַדורכגיין די סאָוועטיש־ליטווישע
גרענעץ איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער. איז מען אַריינגעפאַלן, איז דער
וועג געווען — סיביר. מען איז אויך געווען אויסגעשטעלט אויף באַשאָסן
צו ווערן פון דער סאָוועטישער אָדער ליטווישער גרענעץ־וואַך. מילמאַן און
איך האָבן געשיקט שמוגלער, זיי זאָלן ברענגען אונזערע פאַמיליעס, אָבער
מיין פרוי האָט גוט באַטראַכט יעדן פיער, צי ער האָט אַ סאָלידן אויסזען,
און אים אויסגעפרעגט, צי ער ווייסט דעם וועג אָדער צי ער איז נישט שיכור.
זי האָט דאָך געוווּסט, אַז זי שטעלט איין צוויי לעבנס. איז ווען מיר האָבן
געשיקט, איז איר נישט געפעלן געוואָרן. איין מאָל איז איר שוין געפעלן
געוואָרן דער פיער און געהאָפט, אַז ער וועט זיי מיט מזל אַריבערפירן,
אָבער ווי מיר האָבן געהאַט אָפּגערעדט, האָט דער אַריבערפירער צום ערשטן
געדאַרפט ברענגען מילמאַנס פרוי מיט ביידע קינדער. אָבער זיי האָבן גע־
האַט אַ שלעכט מזל און זיי זענען אַריינגעפאַלן. ווען מען האָט זיי אַרויס־

געלאָזט, זענען זיי צוריקגעקומען קיין לידע. דער פויער איז געקומען דאָס צווייטע מאָל נעמען די מילמאַנס, אָבער אַזוי ווי זיי זענען געווען אויסגעשעפּט פונם גיין און דורכפאַל, האָט פרוי מילמאַן געזאָגט, אַז מיין פרוי און זון זאָלן גיין די ערשטע. אַזוי איז טאַקע געווען. מיין פרוי מיטן זון און מנחם זילבערשטיינס פרוי מיט דער טאָכטער זענען געגאַנגען. אויפן וועג האָבן זיי איבערגעלעבט גרויס שרעק. מען האָט זיי באַהאַלטן אויף אַ בוידעם ביי אַ רייכן פּריץ, ווייל די סאָוועטישע גרענעץ־וואַך איז עפּעס געפאַלן אויף שפּורן פון טריט. עס האָט זיי אָבער אָפּגעגליקט און זיי זענען אין אויגוסט 1940 אָנגעקומען קיין ווילנע.

אָבער אונזער פרייד האָט לאַנג נישט געדויערט. די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען ליטע. ווייסן מיר שוין פון דערפאַרונג, אַז די בונדיסטן וועלן זיין דאָס ערשטע כפּרה־הינדל און עס וועלן פאַלן נישט ווייניק קרבנות. דאָס איז נאָך געווען ביים ערשטן מאָל ווען די סאָוועטן האָבן באַזעצט ווילנע. שוין דעמאָלט האָט מען אַרעסטירט אַ גאַנצע ריי בונדישע טוער. און איצט זענען באַלד אַרעסטירט געוואָרן פּרץ גוטערמאַן, לעאָן אַלער און אַנדערע. האָט מען געטראַכט, אַז מען מוז זען זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַזוי פיל ווי עס וועט מעגלעך זיין.

דער „בונד" האָט גענומען צוויי צימערן מיט אַ קיך אין דער מאַגיסטראַטסקע קאָלאָניע. דאָס איז געווען הינטערן שטאָט. דאָרט זאָלן וווינען מיין משפּחה און דער חבר וולאַדימיר קאָסאָווסקי. אָבער וולאַדימיר קאָסאָווסקי האָט זיך נישט געוואָלט אויסבאַהאַלטן און איז געבליבן אין זיין וווינונג. האָט אַרטור לערמער געוווינט מיט אונז צוזאַמען. אָבער דערווייל קומט אָן די נייס פון אַמעריקע, אַז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט מיט דער הילף פון וויליאַם גרין, פּרעזידענט פון „אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר" האָט אויסזיכטן אַריבערצונעמען קיין אַמעריקע אַ באַשטימטע צאָל חברים. האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" אין פּוילן, וואָס האָט זיך געפונען אין ווילנע, באַשלאָסן, אַז אין דער ערשטער ריי דאַרפן פאָרן די מיטגלידער פון צ. ק. שפּעטער — די אַקטיווע טוער, וואָס זענען באַדראָט אַרעסטירט צו ווערן. און דער צ. ק. האָט אויסגעאַרבעט די רשימה און אַוועקגעשיקט צום „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט" און עס זענען טאַקע באַלד אָנגעקומען אַ טייל וויזעס. צווישן זיי אַ וויזע אויך פאַר מיר, אָבער נישט פאַר מיין משפּחה. האָב איך דערקלערט, אַז איך וועל אָן מיין משפּחה נישט פאָרן. מיר זענען 8 חדשים געווען צעשיידט און מיט אומגעהייערע נסים האָבן מיר זיך פאַראייניקט. איצט וויל איך זיך פון זיי מער נישט שיידן. עס

האָט לאַנג נישט געדויערט איז אָנגעקומען אַ בריוו פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, אַז זיי אויך זענען קעגן צעשיידן פאַמיליעס, דעריבער אויב עס געפינען זיך חברים, וואָס זענען באַדראָט אַרעסטירט צו ווערן פון דער סאָוועטישער מאַכט — שיקן זיי וויזעס פאַר זייער גאַנצער פאַמיליע. ווי מען האָט אונז שפּעטער איבערגעגעבן, האָט זיך פאַר דעם איינגעשטעלט דער חבר כאַנין. איך האָב טאַקע באַלד געקראָגן די וויזע פאַר מיין גאַנצער פאַמיליע.

נאַטירלעך האָט מען געמוזט גיין נאָך די וויזעס צום אַמעריקאַנישן קאָנסול, דאָרט איז עס נישט אָנגעקומען שווער. די וויזעס זענען געווען וויזיטאָרס־וויזעס. די שרעק האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ביים סאָוועטישן קאָנסול. פון זיי האָט מען געדאַרפט קריגן אַ דורכפאָר־שיין, ווייל אונזער וועג איז געווען איבער יאַפּאַן. מען האָט געדאַרפט דורכפאָרן גאַנץ סאָוועטן־פאַרבאַנד ביזן פּאַסיפיק (דורכן גרויסן סיבירער וועג).

מען איז געגאַנגען צום סאָוועטישן קאָנסול, וועלכער האָט זיך געפונען אין קאָוונע. איך האָב געדאַרפט זיין אין קאָנסולאַט 9 אין דער פרי, בין איך אַרויסגעפאָרן מיט אַן אָוונט פריער. אָבער עס איז אוממעגלעך געווען אין קאָוונע צו קריגן אַ האָטעל. דערמאָן איך זיך, אַז מאָניע פּאַט מיט דער פרוי ברכה און זיין שוועסטער עמאַ און די מוטער וווינען אין אַ האָטעל, בין איך אַוועק צו זיי און טאַקע דאָרט איבערגענעכטיקט.

אויב איך דערמאָן שוין די משפחה פּאַט, מוז איך באַשרייבן אַ טיף טראַגישע איבערלעבונג: מיר האָבן שוין געהאַט באַקומען די וויזעס, אויסער עמאַ פּאַט. זי האָט די וויזע אין קאָוונע נישט באַקומען, אָבער מען האָט איר צוגעזאָגט, אַז זי וועט איר וויזע באַקומען אין מאָסקווע. אין צוויי טעג אַרום האָבן מיר געזאָלט פאָרן. זיצט חברטע רבקה פּאַט אין אַ קאַפע אין ווילנע און זאָגט, אַז זי פילט זיך נישט גוט. מען פאָרט מיט איר אַהיים און עס געדויערט אַ קורצע צייט און זי שטאַרבט. דאָס איז געווען אַ שוידערלעכע איבערלעבונג, שוין נישט רעדנדיק וועגן די קינדער — עמאַ, ברכה און מאָני — נאָר אַלע בונדיסטן אין שטאָט זענען געווען דערשיטערט. גאָר באַזונדער האָב איך געפילט די דערשיטערונג. בין איך דאָך פון צייט צו צייט אַריינגעקומען אין פּאַטס הויז און איך האָב רבקה פּאַט גוט געקענט און געשעצט. איך האָב רבקה פּאַט מיט עמאַן געזען אין וואַרשע בעת דער באָמבאַרדירונג. אַנומלטן זיך איך ביים חבר קאַסטעליאַנסקין אין שטוב, קומט אַריין רבקה פּאַט מיט דער טאָכטער. זיי האָבן מאָדנע אויסגעזען. אויף דעם הויז, וווּ די פּאַטס האָבן געוווינט, איז געפאַלן אַ באָמבע און דאָס הויז איז אויפגעריסן געוואָרן. אַזאַ באַגעגעניש לאָזט איבער אַן איינדרוק, וואָס לאָזט

זיך נישט פאַרגעסן.

די חברים האָבן זיך געגרייט צו באַגלייטן זי צו איר אייביקער רו. איך זיץ אַזוי אין שטוב און טראַכט וועגן דעם גורל פון אַ מענטשן. פּלוצים קומט אַריין מיין מאַטל מיט אַ בריוול, געשריבן פון מאַניען. ער האָט גע־שריבן: „ליבער חבר אפרים, איר ווייסט ווי אונז, די קינדער, וואָלט געווען לייכטער, ווען נאָענטע פריינד פאַרזאַמלען זיך ביי אונזער ליבער מאַמעס קבר. אָבער מיר געפינען זיך דאָ אין אויסערגעוויינטלעכע באַדינגונגען. עס קוקן אויף אונז טויזנטער אויגן פון שונאים. דעריבער בעטן מיר אייך, אַז איר זאָלט צו דער לוויה נישט קומען". איך האָב זיך געפילט זייער דער־שלאָגן, אָבער איך האָב זיי גוט פאַרשטאַנען.

אויף מאָרגן בין איך אַוועק צום סאָוועטישן קאָנסול. אַ גרויסע ריי. אַ שטיק פאַר מיר איז געשטאַנען סאַלעק ליכטענשטיין. ווען ער איז אַרויס־געקומען פון קאָנסול, זאָגט ער צו מיר: „חבר אפרים־אליעזר, גייט נישט אַריין, ווייל איך האָב עפּעס געהערט דאָרט רעדן וועגן אַ זעלמאַנאָוויטשן". איך האָב אויסגעהערט און ווייטער געשטאַנען אין דער ריי און געטראַכט דאָב איך — עס קען געשען, אַז מען וועט מיך פאַרהאַלטן. אויב אָבער איך וועל נישט אַריינגיין, מוז איך אָנהייבן צו לעבן באַהאַלטענערהייט. די פרוי מיט די קינדער וועלן אָן מיר נישט פאָרן. האָב איך באַשלאָסן ביי מיר אַריינ־צוגיין.

פאַר מיר איז געשטאַנען חבר פעדערמאַן. ווען ער איז אַרויס פונם קאָנסול, האָט ער מיר אַ שעפּטשע געטאָן: „אפרים, גייט נישט אַריין". פונ־דעסטוועגן בין איך אַריין. אויפן שרייבטיש פונם סאָוועטישן קאָנסול איז אונטער אַ גלאָז געלעגן אַ רשימה מיט נעמען. ער פרעגט מיך, ווי איך הייס און קוקט בשעת מעשה אויף דער רשימה. ער פרעגט מיך אויס וועגן מיי־נע פערסאָנאַליען, דער פרוי, די זינס און שטעלט מיר אַ גאַנצע ריי פראַגן, וועלכע איך געדענק שוין נישט איצט. צום סוף הייסט ער מיר איינצאָלן אַ באַשטימטע סומע ביים סעקרעטאַר, וואָס איז טאַקע דאָרט געזעסן. איך נעם אַרויס דאָס געלט, זאָגט ער צו מיר: „בירגער זעלמאַנאָוויטש, צאָלט נאָך נישט איין. גייט אַרויס, איך וועל אייך באַלד אַריינרופן". איך בין אַרויס. עס האָט געדויערט אַ רעכט ביסל צייט און ער רופט מיך אַריין און זאָגט מיר: „איר מוזט קומען פאַרנאַכט 6 אַזייגער".

וואָס איך האָב אין יענער צייט איבערגעלעבט, איז נישט צו באַשרייבן, ווייל אַלע חברים האָבן מיר געזאָגט, אַז אויב מען הייסט קומען 6 אַזייגער,

איז אַ סימן, אַז מען וועט פאַרהאַלטן. איך האָב קיינעם נישט געפרעגט און 6 אַזייגער בין איך געקומען. אַן אַפּיס־אָנגעשטעלטער פון קאָנסולאַט האָט מיך אויסער מיין נאָמען גאָרנישט מער געפרעגט און ווייטער געהייסן קומען מאָרגן 9 אינדערפרי. צו מאָרגנס בין איך ווייטער געווען ביים קאָנסול און ער האָט מיר ווייטער אָפּגעלייגט אויף 6 פאַרנאַכט. איך בין ווידער געקומען. דאָ האָט שוין דער אָנגעשטעלטער גענומען ביי מיר דאָס געלט און אַרויסגעגעבן דעם דורכפאָר־שיין.

אַז מען האָט שוין געהאַט אויפן האַנט די טראַנזיט־וויזעס, האָט מען געמוזט אייַנצאָלן אינם „אינטוריסט", אַ סאָוועטישע רייזע־ביוראָ, די גאַנצע רייזע־הוצאות דורך סאָוועט־רוסלאַנד. די רייזע האָט געקאָסט 6 דאָלאַר פון אַ פּערזאָן אויסער די באַן־בילעטן. די רייזע ביז צו דער שיף קיין וולאַדיוואָסטאָק, וואָס גייט אָפּ קיין יאַפּאַן, האָט געדויערט עטלעכע און צוואַנציק טעג. חוץ דעם האָב איך אין אַ קאָוונער באַנק איינגעצאָלט 300 דאָלאַר, אין מאָסקווע האָט מען באַדאַרפט אויסצאָלן די סומע.

אין מאָסקווע האָט מען אונז אַוועקגעפירט אין אַ פיינעם האָטעל. דאָרט האָט מען געקראָגן פון דעם שענסטן און בעסטן. געווען זענען מיר אין מאָסקווע 6 טעג. מיין פרוי האָט מיך נישט געוואָלט אַרויסלאָזן אין גאַס אַריין, ווייל עס איז שוין באַקאַנט געווען, אַז חבר קאַזשדאַן איז אַרעסטירט געוואָרן אין מאָסקווע, ווען אַ יונגער בחור האָט אים דערקענט, זיך דערפרייט מיט אים און טאַקע אָנגעוויזן אויף אים ווו מען דאַרף. איך בין פונדעסטוועגן אַוועק אָפּנעמען אין באַנק די 300 דאָלאַר. אין באַנק האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ פרוי און זאָגט צו מיר: „זענט איר נישט חבר אפרים־אליעזר?" איך ענטפער אַז יאָ, זי האָט זיך מיט מיר דערפרייט, באַלד בין איך אָבער אַוועקגעגאַנגען.

שוין האָבנדיק דאָס געלט אין טאַש, האָב איך געטראַכט, מען דאַרף עפּעס קויפן. פאַקטיש האָבן מיר גאָרנישט באַדאַרפט. מיר זענען אַריין אין אַ גרויס געוועלב, ווו מען האָט געקענט קריגן פאַרשידענע געטראַנקען: וויינען, ליקער, שאַמפּאַניער ווי אויך פרוכטן. איך האָב מיר געהייסן געבן אַ פלאַש וויין און אַ קילאָ עפּל. פאַרן פלאַש וויין האָב איך באַצאָלט 19 רובל און פאַרן קילאָ עפּל — 8 רובל. דאָס געוועלב איז טאַקע געווען גרויס, איינגעאָרדנט מיט געשמאַק און מיט אַ סך פאַרקויפערינס. עס וואָלט זיך אפילו נישט געהאַט צו שעמען אין די פאַראייניקטע־שטאַטן. אָבער קיין בייטל צו די עפּל האָט מען נישט געגעבן. אָפּגעריסן אַ שטיק גראָב פּאַפּיר, אַריינגע־

ליינס די עפּל און מיר דאָס אוועקגעגעבן. אויפן וועג, גייענדיק אהיים, האָב איך געזען, עס שטייט אַ לאַנגע ריי פרויען ביי אַ סטראגאַן. דאָ האָט מען פאַרקויפט עפּל, אָבער נאָר צו פיר רובל אַ קילאָ.

נאָך די זעקס טעג האָט מען אונז געפירט צום באַן, וואָס גייט קיין וולאַדיוואָסטאָק. עס איז געווען אַ לאַנגער צוג מיט אַ סך וואַגאָנעס: 1־טער, 2־טער און 3־טער קלאַס. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע אונזערע חברים זענען גע־פאָרן מיטן דריטן קלאַס. דער דריטער קלאַס איז נישט שלעכט, ווייל די וואַ־גאָנעס זענען איינגעאָרדנט מיט קופּעס אויף צו זיצן, פאַר 4 פּערזאָן אין אַ קופּע. איבערן קאָפּ זענען געווען אַזעלכע בענק אָדער פּאָליצעס. דאָס האָט געדינט פאַר געלעגערס אויף ביינאַכט. אָבער מיין משפחה האָט גע־האַט אַזאַ מזל: אינם צוג זענען געווען ווייניק וואַגאָנעס, וואָס זאָלן קענען אויפנעמען אַלע פּאַסאַזשירן. איז צוגעשטעלט געוואָרן נאָך אַ וואַגאָן, דאָס האָט געהייסן דער צענטער וואַגאָן. קיין קופּעס זענען שוין דאָרט נישט גע־ווען, נאָר אַן אָפּענער וואַגאָן מיט בענק. אהין האָט מען אַריינגעלאָזט, וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט. ס'איז געווען אַ געפּערלעכע ענגשאַפט, איינער איז געלעגן אויפן אַנדערן. די רייזע פון מאָסקווע ביז וולאַדיוואָסטאָק האָט געדויערט 10 טעג. מיר האָבן זיך געקענט טרייסטן, אַז עס איז דאָ עפּעס ערגערס, ווייל מיר האָבן באַגעגנט אין וועג פּראַכטצוגן, ווו מאַמעס מיט קליינע קינדער זענען געפאָרן צוזאַמענגעדריקט, שמוציק, נישט באַשוכט און נישט באַקליידט.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין וולאַדיוואָסטאָק, האָבן שוין געוואַרט אויף אונז אויטאָבוסן, וואָס דאַרפן אונז אוועקפירן אין האָטעל. אָבער עס באַווייזט זיך אַ באַגלייטער, אַ פאָרשטייער פון „אינטוריסט" (מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ מענטש פון דער „עג־קאַ־ווע־דע") און מעלדעט, אַז די אַלע, וואָס זענען געפאָרן מיטן דריטן קלאַס, בלייבן אין די וואַגאָנעס בונם ערשטן און צווייטן קלאַס ביז די שיף וועט אָפּגיין, און די פּאַסאַ־זשירן פון צווייטן און ערשטן קלאַס גייען אַריין אין די אויטאָבוסן און מען וועט זיי צופירן צום האָטעל.

איך בין אַרויס פון געדולד און שריי צו דעם פאָרשטייער פון „אינ־טוריסט": וואָס, אויך אין דער סאָציאַליסטישער מלוכה האָט די בורזשוא־זיע דעם פאָרצוג?...

די פּאַסאַזשירן פון דעם ערשטן און צווייטן קלאַס זענען כמעט אַלע געווען דייטשע יידן. זיי האָבן מיך געוואָלט לינטשן... „מען דאַרף דאַנקען דער סאָוועט־רעגירונג, ווי זי באַהאַנדלט אונז, קומט אַ פּוילישער „יודע"

און האָט אַזאַ גרויסע „שנאָוצע"... איך האָב נישט לאַנג געטראַכט און נעם מיין משפּחה, זעץ זיך אַריין אין אויטאָבוס און מיר פאָרן צום האָטעל. דאָרט שטעל איך זיך מיט אַלעמען אין דער ריי ביים טישל, ווו מען טיילט צימערן. איך זאָג, אַז מיר זענען אַ פאַמיליע פון 4 פּערזאָן. מען גיט אונז אַ צימער. מיר גייען אַריין מיט אונזער באַגאַזש.

באַלד קומט אַריין צו אונז מנחם ראָזענבוים. ער איז דאָרט שוין געווען פון פריער. איך דערצייל אים דעם אינצידענט, ווי איך האָב נישט אויסגעפירט די פאַראָרדנונג פון דעם פאָרשטייער פון „אינטוריסט". זאָגט ער צו אונז: „זייט שטיל, עס קען זיין, אַז מען וועט אייך נאָך אַרויסנעמען פון דעם צימער. אָבער דערוויייל טוט איין זאַך: איר זענט דאָך מיד, לייגט זיך גלייך שלאָפן". ער לערנט נאָך אַ זאַך, ער איז שוין דאָרט עטלעכע טעג און איז שוין פּראַקטיצירט: „זעט איר אַ באַקאַנטן אין אַ האָטעל, באַגריסט זיך נישט, מאַכט זיך נישט ווייסנדיק".

מיר האָבן זיך טאַקע באַלד געלייגט שלאָפן, ס'געדויערט אָבער אַ קליין ביסל צייט און מען קלאַפּט אין דער טיר. עס קומט אַריין אַן אָנגעשטעלטער פון האָטעל און פרעגט אונז, ווי קומען מיר אין דעם צימער? מיר ענטפערן, אַז דאָס מיידל ביים שרייבטיש האָט אונז געגעבן דעם צימער. ער זאָגט, אַז דאָס צימער געהערט גאָר צו אַן אַנדערן. ער הייסט אָבער אונז נישט אַרויסגיין, נאָר ער פרעגט, צי וועלן מיר מסכים זיין, אַז דאָ זאָל אַריינגיין נאָך איינער. מיר זענען מסכים געווען און באַלד איז ער געקומען מיט אַ מאַן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז יענער האָט נישט געוואָלט זיין קיין פינפטער. אַזוי אַרום זענען מיר שוין דאָ געבליבן ביז צום אָפּגאַנג פון דער שיף קיין יאַפּאַן.

אויך אין וולאַדיוואָסטאָק זענען מיר געשטאַנען גאַנצע 6 טעג. דאָ האָט שוין גאָר אַנדערש אויסגעזען ווי אין מאָסקווע. אין מאָסקווע איז די באַפעלקערונג געווען אָנגעטאָן נישט מיט קיין צופיל גלאַנץ, אָבער גאַנץ נעט און שיין. קיין רייען ביי די געוועלבער האָט מען אויך נישט געזען. ווער ס'האָט געהאַט געלט, האָט געקענט קויפן. אָבער אין וולאַדיוואָסטאָק האָט מען נאָך יעדער זאַך געמוזט שטיין אין דער ריי. נאָך פלייש און געבעקס, נאָך אַ צייטונג און נאָך אַ הערינג. אויך דאָ האָבן מיר גאָרנישט געדאַרפט. אַכט אַזייגער אין דער פרי בין איך מיט מיין זון אַראָפּ נאָך אַ צייטונג. ביים צייטונגס־קיאָסק איז געווען אַ ריי פון מענטשן, וואָס איז מיר גאָרנישט מעגלעך געווען צו ציילן. איך בין נאָך געשטאַנען ווייט פון דעם פענצטער, האָט זיך דאָס פענצטער פאַרמאַכט, ווייל קיין צייטונגען זענען שוין מער

נישט געווען. ווען אַלע זענען אַוועק, איז מיין זון צוגעגאַנגען צום צייטונגס־פאַרקויפער און אים געפרעגט, ווען וועט ווידער זיין אַ צייטונג. ענטפערט אים דער פאַרקויפער, אַז יעדן אין דער פרי קריגט מען צייטונגען, אָבער אַז אויב ער וויל באַקומען אַ צייטונג, מוז ער קומען 6 אין דער פרי. איך גיי פאַרביי אַ בעקעריי. אַ גרויס געוועלב מיט עטלעכע פאַרקויפערינס. איך גיי אַריין אינעווייניק און וויל עפּעס קויפן. עס איז גאָרנישט נישטאָ, אַפילו וואָס אַ פיינעלע וואָלט געקענט אַוועקטראָגן. איין פאַרקויפערין זאָגט, אַז 5 אַזייגער וועט זיין געבעקס. איך בין צוגעקומען 5.30 איז שוין געשטאַנען אַ לאַנגע ריי, אַזוי ווי איך האָב גאָרנישט געדאַרפט, בין איך געשטאַנען און זיך צוגעקוקט. יעדע פרוי אָדער מאַן, וואָס איז פון דאָרט אַרויסגעקומען, האָט געהאַלטן געבעקס און מען האָט געזען, ווי אויף זייערע פנימער ליגט אויסגעדריקט אַן עכטע צופרידנקייט.

ווען מיר זענען צוגעפאָרן צום שיף, האָט מען דאָרט רעווידירט אונ־זערע זאַכן און געפרעגט איטלעכן פון אונז, וואָס פאַר אַ געלט מען האָט. איך האָב געהאַט איבעריקע 200 רובל, האָבן זיי מיר דערקלערט, אַז איך קען דאָס איבערלאָזן פאַר אַ פאַמיליע אָדער אַ פריינד. איך דערקלער זיי, אַז איך האָב קיינעם נישט אין סאָוועטן־רוסלאַנד — האָבן זיי מיר אַרויס־געגעבן אַ קוויטונג אויף דעם געלט.

די שיף, וואָס האָט אונז געפירט פון וולאַדיוואָסטאָק קיין יאַפּאַן איז געווען אַ קליינע, אַ שמוציקע. מיר האָבן געוווינט אַזוי ווי אין גרויסע באַ־ראַקן. דאָס עסן איז געווען ווייניק און שלעכט, די באַהאַנדלונג — זייער אַ ביטערע. די שיף־באַדינער האָבן געהאַלטן אין איין זידלען און שרייען. דאָס איינציקע גליק איז געווען, וואָס מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי שרייען. אַרויסגעפאָרן פון סאָוועט־רוסלאַנד איז מיין משפּחה אָן אַ גראָשן געלט. מיר האָבן געוווסט, אַז דער אַרבעטער־קאָמיטעט וועט באַזאָרגן קיין יאַפּאַן צו 40 דאָלאַר פאַר יעדן מענטשן, ווען נישט לאָזט מען נישט אַראָפּ פון שיף. אַז מיר זענען אָנגעקומען קיין קאָבע (יאַפּאַן) האָט מען שוין איינעקע פון אונז אויסגעצאָלט דאָס געלט אויפן שיף. מיין משפּחה און נאָך אַנדערע משפּחות האָבן אויפן שיף דאָס געלט נישט דערהאַלטן. מיר זענען אָבער געווען זיכער, אַז מיר וועלן דאָס געלט דערהאַלטן דורך אַ באַנק, ווייל וועגן דעם האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט אונז צו וויסן געגעבן.

דער פאַקט, וואָס מיר האָבן אויפן שיף קיין געלט מיט זיך נישט געהאַט, האָט אונז פאַרשאַפט שוועריקייטן. די יאַפּאַנישע מאַכט האָט אונז נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן פון שיף. אָבער אַזוי ווי אין קאָבע האָט עקזיסטירט אַ

יידישער הילפס־קאָמיטעט פון די אַרטיקע יידן — האָבן זיי גוט געזאָרגט פאַר אונז און די זאַך איז רעכט געוואָרן.

ווען מיר זענען אַראָפּ פון שיף האָט דער דערמאָנטער יידישער הילפס־קאָמיטעט אונז איינגעלאַדן מיר זאָלן גיין צו זיי. זיי האָבן אַן אייגן הויז פאַר עמיגראַנטן. אַ טייל פון אונזערע חברים האָבן אָבער נישט געוואָלט גיין אַהין. זיי האָבן שטילערהייט צווישן זיך געשמועסט, אַז דאָס שמעקט מיט פילאַנטראָפּיע. אָבער מיין משפּחה, אַזוי אויך מאָני פּאַט מיט זיין פרוי ברכה און זיין שוועסטער עמא און אַנדערע חברים האָבן דערקלערט, אַז מיר גייען אין עמיגראַנטן־הויז. ווען מיר וועלן באַקומען דאָס געלט, וועלן מיר דאַן גיין אין אַ האָטעל.

די אויפנאַמע אין יידישן עמיגראַנטן־הויז איז געווען אויסערגעוויינ־לעך וואַרעם. אַמבעסטן איינגעאָרדנט איז מען דאָרט, פאַרשטייט זיך, נישט געווען. שלאָפן האָט מען געמוזט אויף דער ערד, עס איז געווען נאַטירלעך ווייך אויסגעבעט, און טאַקע ריין. עסן האָבן מיר באַקומען. אָבער דער עיקר — עס איז געווען אַ וואַרעמע באַציאונג. פיינע האַרציקע מענטשן. יאַ־פּאַן בכלל האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק. מען זעט דאָ נישט קיין וואָלקן־קראַצער, אָבער די הייזלעך, אין וועלכע די יאַפּאַנער ווױ־נען, זענען שיין און ריין. אַז זיי גייען אַריין אין דער וווינונג, גייען זיי נישט אַריין מיט די שיך. פאַר דער טיר שטייען שוין אָנגעגרייט שטעק־שיך, וואָס מען טוט אָן. און אַזוי ריין ווי די הייזלעך, אַזוי ריין זענען די גאַסן. און אויך די מענטשן זענען ריין, באַזונדערס די פרויען. עס מאַכט נאָר אויפן אייראָפּעאישן מענטשן אַ מאָדנעם איינדרוק, וואָס די פרויען טראָגן זייערע קינדער אויפן רוקן. אָבער ווי ציכטיק, ווי ריין די מאַמעס זענען. איך בין געווען אַזוי באַגייסטערט פונם אויסזען פונם לאַנד און פון די מענטשן, אַז איך האָב געוואָלט בלייבן אין יאַפּאַן נאָך אַ צוויי וואָכן, אָבער מיין פרוי האָט נישט געוואָלט. מען האָט שוין דעמאָלט גערעדט, אַז אָט־אָט ברעכט אויס אַ מלחמה צווישן יאַפּאַן און אַמעריקע.

פון יאַפּאַן קיין אַמעריקע האָבן מיר שוין געהאַט אַ באַקוועמע שיף. אמת, די רייזע האָט אַביסל צו לאַנג געדויערט. מיר זענען געפאָרן 20 טעג. אָנגעקומען זענען מיר אין סיאַטל — וואַשינגטאָן. ווי איבערראַשט זענען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן דערהערט, אַז דער יידישער אַרבעטער־קאָמי־טעט האָט געשיקט אַ חבר אונז אַראָפּנעמען פון שיף, און דער חבר איז ישעיה מינקאָוו. שוין דאָס אַרויפקומען אויפן שיף און פרעגן אויף יעדן פון אונז באַזונדער, און טאַקע זיך באַקענען מיט איטלעכן, זיין האַנט־דרוק

און שמייכלדיקער פנים, דאָס אַלץ האָט מיך אַזוי געוואָרעמט, און איך מיין, אַז נישט נאָר איך אַליין, נאָר אַלע אונזערע האָבן דאָס זעלבע געפילט. מיר וואָלטן געהאַט גרויסע שוועריקייטן מיט דעם אראָפּלאָזן אונז פון שיף, ווען חבר ישעיה מינקאָוו וואָלט נישט געווען.

ווען מיר זענען אַראָפּ פון שיף, האָט שוין אויף אונז געוואַרט אַ גרויסע פריינד פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און פון אַרבעטער־רינג. זיי האָבן אונז אַלעמען באַזאָרגט אַ האָטעל און שפּעטער האָבן מיר צוזאַמען געגעסן אַן אָוונט־ברויט. צו מאָרגנס האָבן זיי אונז אַרומגעפירט, געוויזן אַביסל די שיינקייט און מערקווירדיקייטן פון שטאָט, און אין אָוונט איז געווען צוגעגרייט אַ באַנקעט, איינגעאָרדנט מיט גרויס רחבותדיקייט, ליכטיק און פריילעך. עס האָט אַרויסגעשטראַלט אַ סך וואַרעמקייט פון די אָרטיקע פריינד צו אונז. מען האָט געגומען אַ לחיים און פאַרביסן. ווען דער עולם איז געוואָרן גוט אויפגעלייגט, האָט מען געוואָלט הערן אַ וואָרט פון די געקומענע.

פאָרזיצער פון באַנקעט איז געווען מנחם ראָזענבוים און ער האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע, געווידמעט די חברים, וואָס האָבן אונז באַגעגנט מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט און האַרציקייט. שפּעטער האָב איך באַקומען אַ וואָרט און גערעדט וועגן דעם, וואָס פאַר אַ לעבן מיר האָבן פאַרלאָזט, געשילדערט דאָס יידישע לעבן אין פּוילן. אָבער מיט באַזונדערע פאַרבן האָב איך געמאָלן דאָס בילד פון דער בונדישער באַוועגונג, גערעדט וועגן דעם גייסטיקן כוח, וואָס דער „בונד", מיט זיין פאַרצווייגטער באַוועגונג, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. און איך האָב שוין אַביסל געקענט און געהאַט וואָס צו דערציילן וועגן דעם גרויסן חורבן, וואָס האָט זיך שוין דאָרט אָנגעהויבן. איך האָב גערעדט וועגן דעם, וואָס אַלע פון אונז האָבן נישט בלויז איבערגעלאָזט די באַוועגונג, נאָר מיר האָבן דאָרט אויך איבערגעלאָזט ברידער און שוועסטער, טאַטעס און מאַמעס. אייניקע פון אונז האָבן נאָך דאָרט זייערע פרויען און קינדער.

איך האָב געפילט ווי אַלע אָנוועזנדיקע לעבן איבער אַ שרעקלעכן ווייטיק, און דאָס איז באַזונדערס געקומען צום אויסדרוק ווען איך האָב פאַרענדיקט רעדן און אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט און געזונגען די בונדישע „שבועה". אָבער אַזאַ מין זינגען די „שבועה" האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט און נישט געזען. אַלע האָבן געזונגען וויינענדיק און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אַלעמענס אויגן. און אפשר האָט יעדערער פון אונז שוין דעמאָלט פאַרגעפילט, אַז עס גרייט זיך אַ שוידערלעכע אויסראָטונג פון דעם גאַנצן פּוילישן יידנטום.

# מײַן ווידוי.

מיט מײַן ווידוי מיין איך נישט זיך מודה זײַן אין מײַנע „זינד”, וואָס איך בין באַגאַנגען קעגן רבונו־של־עולם. איך האָב טאַקע געזינדיקט, אָבער נאָר קעגן די אומגעקומענע ייִדן פון מײַן שטאָט לאָדזש און קעגן לעבנ־געבליבענע בונדיסטן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די געטאָס און לאַגערן בײַ די דײַטשן. אין משך פון 37 יאָר האָבן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן אין לאָדזש מיך באַטראַכט, ווי זייער וואָרט־זאָגער, ווי זייער מאַנער. איך אַליין האָב זיך אויך געהאַלטן ווי זייער פאָרטרעטער. אָט איז אָנגעטראָגן געוואָרן דער נאַציסטישער שטורעם אויף פּוילן. הונדערטער טויזנטער ייִדן האָבן זיך אָן אַ ציל געטראָגן אויף די שטורעמדיקע כוואַליעס, נישט וויסנדיק צו אַ וואָסערן ברעג זיי וועלן זיך דערשלאָגן. ייִדן האָבן פאַרלאָזט שטעט און שטעטלעך און זענען געלאָפן ווו די אויגן האָבן געטראָגן. איך בין געווען איינער פון דער מאַסע און עס האָט מיך פאַרוואָרפן פון לאָדזש קיין וואַר־שע. דאָרט האָב איך איבערגעלעבט די גאַנצע צײַט פון דער באָמבאַרדירונג. איין מאָל זיצנדיק אין דער בונדישער קיך אויף דלוגע 26, קומט צו מיר צו אַ פליישער־אַרבעטער און דערציילט מיר, אַז ער לעבט איבער אַ גרויסן ווײַ־טיק: „חבר אפרים, איך בין אַ בונדיסט. בערנאַרד גאָלדשטיין איז געווען אונזער פאָרשטייער. ער האָט אונז געלערנט, באַזונדערס די לעצטע צײַט, אַז מיר וועלן אָנהייבן אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן נאַציזם און פאַשיזם, ווײַל זיי זענען דער טויט־שונא פון סאָציאַליזם, ספּעציעל פון ייִדן. ווען דער טויט־שונא אונזערער איז אַרײַנגעדרונגען אין אונזער לאַנד, איז אונזער קאָ־מאַנדיר אַוועק און איבערגעלאָזט אונז אויף הפקר”. ער האָט דאָס געזאָגט, הגם בערנאַרד, גאָלדשטיין, ווי פיל אַנדערע חברים, איז אַוועק כדי אויף די נישט פאַרנומענע געביטן האָבן אַ מעגלעכקייט אָנטיילצונעמען אין ווי־דערשטאַנד קעגן די נאַצים. אין יענעם אויגנבליק האָב איך געפילט, אַז דאָס שיסט ער זײַנע פײַלן נישט אין בערנאַרדאָ, נאָר די פײַלן טרעפן מיך. בין איך דאָך אַוועק פון מײַן לאָדזש און געלאָזט די ייִדן אויף הפקר. איך האָב גע־פילט, אַז זײַנע פײַלן טרעפן מיר אין האַרץ אַרײַן.

בערנאַרד גאָלדשטיין האָט זײַנע זינד אויסגעקויפט. ער איז באַלד גע־

קומען צוריק קיין ווארשע און האט געדינט דער אונטערערדישער באוועגונג מיט אלץ, וואס ער האט נאר געקענט. ווען די דייטשן האבן פארנומען ווארשע, בין איך צוריק אוועק קיין לאדזש צו מיין פאמיליע, צו מיין „בונד" און צו מיינע יידישע מאסן. עס האט זיך אבער באלד ארויסגעוויזן, אז די געסטאפא זוכט מיך ארום. איך האב זיך פארשלאסן אין א צימער און דארט בין איך אפגעווען גאנצע ניין וואכן. איך האב זיך געפונען אין אזא צושטאנד, אז איך האב נישט געהאט קיין כוח צו לעבן און אויך נישט צו שטארבן. גאנצע טעג בין איך ארומגעלאפן איבער דעם צימער ווי א פארווונדעטע חיה. מען פייניקט די יידישע באפעלקערונג, מען הענגט מענטשן אין מיטן מארק, און איך זיץ דא אין א צימער א פארשפארטער. מיין פאמיליע לאזן די דייטשן נישט צו רו, מען פרעגט זיך נאך אויף מיר, מען וויל דערגיין, ווו איך בין. מיין פאמיליע ענטפערט זיי, אז זיי ווייסן נישט וווהין איך בין אהינגעקומען. די דייטשן האבן פארשטאנען, אז מען זאגט זיי נישט אוים דעם אמת, האבן זיי אנגעהויבן צו דראען. מיין פאמיליע האט געמוזט אונטערשרייבן א פאפיר, אז טאמער וועט מען מיך כאפן אין לאדזש, וועלן אלע דערשאסן ווערן גלייך מיט מיר. מיין משפחה איז געקומען יעדן טאג צו מיר און זיי האבן געזען, אז איך ווער וואס א טאג מער דענערווירט, האט מען מיך ווידער אוועקגעשיקט קיין ווארשע. מיין פרוי האט מיך געבעטן, איך זאל דינגען א צימער הינטער דער שטאט און דארט איבערווארטן די מלחמה. אט בין איך שוין נאך אמאל אין ווארשע. איך זע דארט ווידער די זעלבע זאך — ווארשע אנטלויפט.

אונזערע נאענטסטע חברים — אבראשא בלום, ארטור זיגלבוים, בערנארד גאלדשטיין — רעדן מיך צו, איך זאל אויך אוועק. פאר מיר — האבן זיי געטענהט — איז דא נישט קיין ארט, העלפן וועל איך זיי נישט קענען, אויף א געפאר בין איך דא אויסגעשטעלט. בין איך גוייטער געלאפן און נאך מיר איז נאכגעלאפן די פראזע פונם פליישער־ארבעטער, אז די קאמאנדירן פון דער באוועגונג אנטלויפן. איך האב קיינעם נישט דערציילט, אז פון וויטיק ווערט מיין הארץ צעריסן, פארוואס איך האב נישט אויסגעהאלטן דעם עקזאמען און נישט געבליבן מיט אלעמען אין דער היים. וואס ווייטער איך בין פארטראגן געווארן און וואס בעסער מאטעריעל איז מיר געווארן, האב איך שטארקער געפילט דעם וויטיק. צו דער העכסטער מדרגה איז מיין וויטיק דערגאנגען, ווען מען האט זיך דערוווסט פון די גאז־קאמערן. די באריכטן פון אונזער קאטאסטראפע האב איך געלייענט בייטאג און נאך אמאל זיי איבערגעלייענט ביינאכט, ווען איך בין שוין געלעגן אין בעט. איך

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען צוריק וועמען איך האָב כאָטשע געוואָלט אין חלום זיין אינאיינעם מיט די יידן אין געטאָ. אויף די ערטער די יידן, וואָס זענען על־פּי־נס געבליבן אין די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אויך פון רוסלאַנד זענען געקומען צוריק די פאַרשיקטע הינטער די הרי־חושך. ס'האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז אין פּוילן הויבט ווידער אָן אויפצולעבן אַ יידישער ישוב. די פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס האָבן ווידער טאַקע אָנגעהויבן צו באַווייזן סימנים פון לעבן. אויך די בונדיסטן האָבן אַרויפגעצויגן די בונדישע פאָן. די „פאָלקסצייטונג”, דער צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד” און „די יוגנט־שטימע”, דער אָרגאַן פון יוגנט־בונד „צוקונפט” האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען.

ביי מיר האָט זיך אויפגעוועקט אַ שטאַרקער ווילן צו פאָרן קיין פּוילן, זען די חורבות אונזערע, זען די גאַז־קאַמערן. איך האָב געוואָלט זיך באַגעגענען מיט די לעבן־געבליבענע יידן, אַרומנעמען זיי מיט מיינע הענט. באַזונדערס האָב איך געוואָלט זיך טרעפן מיט אונזערע חברים, מיט די בונדיסטן. צו באַזעצן זיך אָבער אויף שטענדיק דאָרט, וועגן דעם האָב איך נישט געקענט אַפילו חלומען. איך האָב שוין מער נישט פאַרמאָגט דעם כּוח פון מיינע יונגע יאָרן. אויך מיין לעבנס־באַגלייטערין האָט נישט געוואָלט זיך אומקערן צוריק קיין פּוילן. זי האָט אַוועקגעגעבן — האָט זי געזאָגט — אירע בליענדיקסטע יאָרן פאַר מיין קאַמף אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זי איצט מער קיין כּוח נישט דערצו און וויל האָבן אַ מעגלעכקייט זיך אויסצורוען.

איך האָב געשריבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד”, אַז איך וויל קומען קיין פּוילן אויף זעקס וואָכן צייט. האָט מען מיר געענטפערט, אַז מען נעמט דאָס אָן צו קענטעניש. איך האָב נאָך געקראָגן אויך אַ צווייטן בריוו, אַז די בונדיסטן האָבן נישט ליב, אַז מען קומט בלויז צו געסט. דאָס שעדיקט אונזער אָרגאַניזאַציע. איך האָב פאַרשטאַנען זייער מיין. איך האָב ווייטער איבערגעלעבט שווערע טעג. פאָרן צו גאַסט צו חברים, וואָס וועלן אויף מיר קוקן קרום, האָב איך נישט געקענט און נישט געוואָלט. מיין ווייטיק איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, ווען ח' לעאָן פינקעלשטיין איז פון פּוילן געקומען אַהער קיין אַמעריקע.

אויף אַ זיצונג פון דער רעפּרעזענטאַנץ פון „בונד” האָט ער אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון פּוילן, ספּעציעל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער דאָרטיקער אַרבעט פון „בונד”. מיט שאַרפע ווערטער האָט ער אויסגערעדט די

חברים, וואס זענען געבליבן זיצן דא אין אמעריקע. אונזער ארט — האט ער געזאגט — איז אין פוילן ביים „בונד". אזוי איז אוועק א יאר נאך א יאר. סוף כל סוף האט זיך ארויסגעוויזן, אז די קאמוניסטן, אחוץ זייער אייגענער פארטיי, קענען נישט פארטראגן קיין אנדער באוועגונג. דער „בונד" ווי אלע אנדערע פארטייען, האט זיך געמוזט אויפלייזן. דערמיט איז אויסגערונען מיין שטרעבונג און האפענונג צו געבן א קוק אויף פוילן און אויף די יידן, וואס זענען געבליבן אין פוילן.

שולדיק פיל איך זיך דאך. דאס וויל איך אויסשרייען הויך אויף א קול, אז אלע זאלן דאס דערהערן.

# צוויי בריוו פון מיין זון שלאָמעק.

מיין זון שלאָמעק האָט געדינט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, בעת זי האָט דורכגעפירט די באַרימטע אינוואַזיע אין נאָר־מאַנדיע, אין פראַנקרייך, אין יאָר 1944. איך פלעג אים צו־שיקן אויסשניטן פון „פאָרווערטס" מיט באַשרייבונגען פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. ברענג איך דאָ זיינע 2 בריוו, וואָס ער האָט מיר דעמאָלט געשריבן.



שלאָמעק זעלמאַנאָוויטש

## אפרים ל. זעלמאנאוויטש

„10־טן אקטאבער, 1944.

„מיינע טייערע!

„ווען כ'בין שוין נעכטן געשלאפן האט אימיץ מיר אריינגעווארפן צוויי בריוו פון אייך, ביידע עיר־מעיל. ווען איך בין אויפגעשטאנען 2 ביינאכט צו גיין אויף גארד, האב איך זיי געפונען אין מיין הייזל. איך האב די בריוו אריינגעלייגט אין טאש און מיטגענומען זיי אויף גארד. די נאכט איז געווען א פינצטערע, א רעגנדיקע; עס איז איינע פון די נעכט ווען דאס בעסטע איז צו ליגן אונטער די קאלדרעס אין בעט און זיך ווארימען. איך האב זיך געמאכט א פייער, אבער ס'איז אויסגעלאשן געווארן פון רעגן. בין איך געשטאנען אונטער א בוים, די ביקס אנגעהאנגען אויף דער פלייצע און געטראכט, ווי גוט וואלט עס איצט געווען צו ליגן אין א ווארעם בעט און שלאפן. די פיר שעה האבן זיך געצויגן און געצויגן, און איך האב געקעמפט מיטן שלאף, באמיענדיק זיך צו האלטן אפן מיינע אויגן. דאן האב איך זיך דערמאנט, אז איך האב אייערע 2 בריוו אין מיין טאש. האב איך זיי ארויסגענומען און געלייענט.

„איין בריוו איז א גרויסער, פון דער מאמעשי, מיט היימישע נייעס. דער צווייטער בריוו איז געווען פון טאטעשי, מיט אן אויסשניט פון „פארווערטס" וועגן אויפשטאנד פון די יידן אין געטא. איך האב דאס איבערגעלייענט מיט א פארכאפטן אטעם. אזויפיל באקאנטע נעמען, אזויפיל חברים און פריינט, וועלכע זענען גרויסע העלדן געווארן. איך געדענק נאך מאבעקן פון מעדעם־סאנאטאריע, און יעקב לאגער, א הויכער אויסגעצויגענער בחור. ווער האט זיך דאס געקענט פארשטעלן — ער, אן אנפירער פון א קאמפס־ארגאניזאציע! און דער שטילער פאוו, וואס האט קיינמאל פריער קיין ביקס נישט געהאלטן, האט געקעמפט קעגן די דייטשן מיט בענזין־פלעשער.

„און די גאסן, ווו די קאמפן זענען פארגעקומען, נאלעווקיס און נאוואליפיע און זאמענהאף — אלץ פלעצער וואס זענען אזוי באקאנט. און דער באריכט אליין, אזוי פשוט און זאכלעך אנגעשריבן, אן שום איבערטרייבונגען. עס פילט זיך, אז יעדעסווארט דארט איז אמת. ווען איך האב פארענדיקט לייענען, האב איך וועגן דער קאלטער, פינצטערער נאכט און וועגן רעגן פארגעסן. איך האב געטראכט, אז איך האב זיך נישט וואס צו באקלאגן. נאך אלעמען, האט נישט געפעלט קיין סך, אז איך זאל אויך אומקומען צוזאמען מיט אייך, מיינע טייערע, אויף די גאסן פון ווארשע אדער אין די גאז־קאמערן פון טרעבלינקע.

## עפיזאָדן פון מיין לעבן

„עס איז דאָך בלויז א צופאַל וואָס איך קעמף קעגן די נאַציס נישט אין אַן אומגליקלעכן קאַמף אין די גאַסן פון וואַרשע, נאָר איך בין אין אַ זיגריי־כער אַרמיי, וואָס יאָגט און פאַרניכטעט טויזנטער און טויזנטער דייטשן יעדן טאָג, יעדע וואָך. איך האָב זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, ווייל ווען מיי־נע חברים זענען אַרויס אין קאַמף קעגן די נאַציס לעצטן יאָר, האָבן זיי נישט געהאַט קיין שום שאַנס צו געווינען, אפילו קיין שום שאַנס צו בלייבן לעבן. איך געהער איצט צו אַן אַרמיי, וואָס איז 10 מאָל שטאַרקער פון די קעגנער און איך האָב די בעסטע שאַנסן אַהיים צו קומען נאָכן קריג און געניסן פון דעם נצחון.

„אָט צוליב די סיבות האָב איך קיין רעכט נישט צו באַקלאָגן זיך אויפן רעגנדיקן טאָג אָדער אַ שלאָפלאָזער האַלבער נאַכט. אין פאַרגלייך מיט וואַר־שע איז עס אַ גן־עדן, אין פאַרגלייך מיט וואַרשע איז עס קיין שום קרבן נישט.

„נאָך אַ זאַך האָב איך געטראַכט: אמת, גאַנץ אייראָפּע איז פאַרניכ־טעט. איך האָב געזען פאַרברענטע, פאַרניכטעטע פראַנצויזישע שטעטלעך. אָבער די מענטשן, די פעלקער, זענען געבליבן. שטעט, הייזער, פאַבריקן קען מען צוריק אויפבויען און מאַכן עס נאָך שענער, נאָך מאָדערנער. אָבער מען קען נישט צוריק לעבעדיק מאַכן די מיליאָנען יידן אין פּוילן, די טויזנטער העלדישע קעמפער פון וואַרשע. זיי זענען פאַרלאָרן, זיי קען מען נישט צוריק גוטמאַכן. און דאָס מאַכט דעם געמיט אומעטיק.

„זייט האַרציק געגריסט און געקושט,

„אייער שלאָמעק".

## אפרים ל. זעלמאנאָוויטש

דער צווייטער בריוו איז געשריבן געוואָרן מיט אַ וואָך שפּעטער, דעם 17־טן אָקטאָבער:

„17־טן אָקטאָבער, 1944.

„מיינע טייערע!

„נעכטן האָב איך טאַטעשי דערהאַלטן אַן עיר־מעיל בריוו מיט אַן אויסשניט פון „פאָרווערטס", מיט דעם צווייטן טייל פון באַריכט וועגן פּוילן. איך מוז אייך זאָגן, אַז דער צווייטער טייל האָט אויף מיר געמאַכט אַן ערגערן איינדרוק ווי דער ערשטער. דאָס איז דערפאַר, ווייל אין ערשטן טייל דערציילט זיך וועגן דעם העלדישן קאַמף אין וואַרשעווער געטאָ, ווו די יידן זענען געפאַלן אין קאַמף. אָבער דער צווייטער טייל דערציילט בלויז וועגן די נאַצי־אַכזריותן, ווי יידן זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן אָן ווידערשטאַנד, אָן פאַרטיידיקונג. עס ווערט ביטער אויפן האַרצן ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אין 20־טן יאָרהונדערט איז דאָס אַלץ מעגלעך געווען. ווען מען רעדט דאָ צו אַ דייטשן געפאַנגענעם, איז ער נעבאָך אַ לעמעשקע, ער זאָגט, אַז ער האָט נישט ליב היטלערן, ער האָט שטענדיק געוואָלט שלום, נאָר ער איז געצוווּנגען צו דינען, אַז ער האָט גאָרנישט קעגן די אַמעריקאַנער אא"וו. אָבער די זעלבע „מענטשן" האָבן מסתמא מיט אַ יאָר צוריק געמאָרדעט אַלטע לייט און קליינע קינדער אין פּוילן און אַנדערע לענדער. נאָר גענוג וועגן דעם.

„דער טאַטעשי זאָרגט זיך וואָס איך בין אויף גאַרד פאַר אַ ביסל צייט. ער פרעגט צי עס זענען אַמאָל נישטאָ קיין „סנאַיפּערס" אַרום. איך מוז אייך זאָגן, אַז איר האָט זיך גאָרנישט וואָס צו זאָרגן. איך בין דאָ פּונקט אַזוי זיכער ווי אין די שטאַטן. אויך אין די שטאַטן האָבן זעלנער געהאַט „גאַרד־דיוטי", דאָס איז אַ נאָרמאַלע זאַך. ווו איך געפינען זיך זענען קיין „סנאַיפּערס" נישטאָ פון לאַנגע חדשים. די איינציקע דייטשן וואָס מיר האָבן דאָ (און זיי זענען דאָ גענוג) זענען געפאַנגענע. אויב איר זייט באַזאָרגט וועגן דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג און זייער באַציאונג צו אונז, וויל איך אייך זאָגן, אַז זי איז דיזעלבע, וואָס עס איז געווען די באַציאונג צו אונז פון דער ענגלישער באַפעלקערונג, — אַ באַציאונג פון אַן אַליאירטן, אפשר נאָך אַביסל פריינדלעכער, ווייל עס איז נאָך ביי זיי פריש אין זכרון די 4 יאָר דייטשע אָקופּאַציע. אויב עס זענען געווען פראָ־דייטשע עלעמענטן, ליגן זיי איינגעלייגט זינט דעם טאָג פון באַפרייאונג. אַזוי, אַז איר האָט זיך נישט וואָס צו שרעקן. אין פראַנצויזישן הינטערלאַנד זענען מיר פּונקט אַזוי זיכער ווי אין דער היים.

„איך פאַרשטיי, אַז איך בין אייך שולדיק אַביסל באַשרייבונג פון פראַנקרייך, אָבער כ׳האָב גאָרנישט צו באַשרייבן איצט. איך געפינען זיך שוין פיר און אַ האַלב חדשים כמעט כסדר אויפן זעלבן פּלאַץ, און די מענטשן אין דעם געגנט זעען מיר אויס צו זיין אַזוי באַקאַנט און געוויינלעך, ווי אין אַ גאַס אין בראָנקס. פאַר מיר צו באַשרייבן איצט דאָס פלאַפּלען פון די מענטשן, ווען איך פאַרשטיי נישט, איז פונקט אַזוי ווי באַשרייבן אַ דיסקוסיע אין דער היים. און צו באַשרייבן די חורבות אין די שטעטלעך איז ווי באַשרייבן, נאָכן אַפּזיין 5 יאָר אין ניו־יאָרק, די סאָבוויים. און באַשרייבן די שטיינערנע הייזלעך אין די דערפער איז פונקט ווי זיך צו באַגייסטערן פון די וואָלקנקראַצערס אין ניו־יאָרק. אַלץ זעט דאָ איצט אויס אַזוי נאָרמאַל און נאַטירלעך, אַפילו דאָס כסדרדיקע זאָגן „העלאָו" פון די פראַנצויגן צו אונז און זייער שמייכלען זעט אויס אַזוי נאַטירלעך ווי דאָס וואָס קיינער באַמערקט נישט די זעלנער אויף טאַימס־סקווער. דעריבער דוכט זיך מיר שטענדיק, אַז עס אינטערעסירן קיינעם נישט אָט די אַלע זאַכן, וועלכע זעען דאָ אויס אַזוי נאָרמאַל און טאָג־טעגלעך. אפשר אויב כ׳וועל זיך רוקן ווייטער, אויף אַן אַנדער אָרט, וועל איך האָבן נייע איבערלעבונגען און וועל האָבן וואָס אייך איבערצוגעבן.

„זייט מיר האַרציק געגריסט און געקושט,

„אייער שלאָמעק".

# מיין אויסערגעוויינלעכע פרייד מיט דעם 5־טן צוזאַמענפאַר פון „בונד" אין פוילן. *)

פאַר מיר איז אַלעמאָל געווען אַ פרייד זיך צו באַטייליקן אין די בונדישע קאָנפערענצן, לאַנד־באַראַטונגען און צוזאַמענפאָרן. יעדע אַזאַ קאָנפערענץ האָט געהאַט אַ היסטאָרישע באַדייטונג פאַר די יידישע ברייטע מאַסן אין פוילן. צענדליקער טויזנט אַרבעטער און פאָלקסמענטשן האָבן נאָכגעפאָלגט אונזער באַהאַנדלונג די פראַגן, וואָס זענען שטענדיק געווען אַקטועל. דאָרט זענען אַלעמאָל געמאַכט געוואָרן די סך־הכלען פון דער אָפּגעטאָנענער אַרבעט און אויסגעאַרבעט געוואָרן די פּלענער פון דער ווייטערדיקער אַרבעט. יעדער מענטש וואָס האָט בייגעווינט אַ בונדישע קאָנפערענץ אָדער צוזאַמענפאַר, האָט געזען די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ליגט אויף יעדן דעלעגאַט פאַר די באַשלוסן וואָס דאַרפן אָנגענומען ווערן, עס זאָל זיין אין די אינטערעסן פון די ברייטע יידישע מאַסן.

אָבער אַ באַזונדערע פרייד, איך וואָלט געזאָגט שטאָלץ, האָב איך געהאַט מיט דעם 5־טן צוזאַמענפאַר, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיין היימשטאָט לאָדזש, וואָס איך האָב ליב געהאַט מיט אַלע פיבערן פון מיין נשמה. איך האָב געוווסט אַז דער דאָזיקער צוזאַמענפאַר וועט האָבן טראַגישע און דראַמאַטישע מאָמענטן. אָבער גלייכצייטיק בין איך געווען זיכער, אַז דער „בונד" וועט בלייבן איייניק. ווייל אויף דעם צוזאַמענפאַר איז געשטאַנען די פראַגע וועגן דעם אַריינטריט פון „בונד" אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די דאָזיקע פראַגע האָט זיך דיסקוטירט, און זייער שאַרף, די גאַנצע צייט פון דער אַנטשטייאונג פון „בונד" אין פוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. נישט קוקנדיק אויף די פילע שוועריקייטן האָב איך אָבער געוווסט אַז די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" וועט דאָ זיך באַווייזן פאַר אַלע

---

*) דער דאָזיקער עפּיזאָד געהערט צום קאַפּיטל „מיין באַטייליקונג אין די קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן פון „בונד". (זייט 145).

דעלעגאַטן און געסט פון גאַנצן לאַנד און אויך פון אויסלאַנד — וואָס די לאָדזשער בונדישע אָרגאַניזאַציע שטעלט מיט זיך פאָר.

די ערשטע זאַך, מיט וואָס מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט איז געווען דאָס אויפנעמען די געסט. דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן די חברישקייט, די פאַמיליאַרישקייט וואָס די לאָדזשער בונדיסטן און סימפּאַטיקער פון „בונד" האָבן אַרויסגעוויזן. דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגעהויבן זיינע זיצונגען זונטיק דעם 1־טן יוני 1930, זעקס אַזייגער אין אָוונט אין זאַל פון לאָדזשער שטאָט־ראַט, אָבער שוין פרייטיק דעם 30־טן מאַי האָבן אָנגעהויבן אָנקומען דעלעגאַטן, דער צענטראַלער קאָמיטעט פון „בונד", די אויסלענדישע געסט און די גרעסטע צאָל דעלעגאַטן זענען געקומען זונטיק דעם 1־טן יוני, 4 אַזייגער בייטאָג. דאָ האָט די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" צוגעגרייט אַן אויסערגעוויינלעכן קבלת־פּנים.

עס האָבן זיך אויפן באַנהויף פאַרזאַמלט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד", דער קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט" און הונדערטער פּאַרטיי־מיטגלידער און סימפּאַטיקער. פאָרויס זענען געשטאַנען די מיליציאָנערן פון „בונד" און יוגנט־בונד „צוקונפט" אין זייערע אוניפאָרמען — בלויע בלוזן מיט רויטע קראַוואַטן. זיי האָבן געטראָגן די רויטע פענער. ביים אָנקום פון צוג ברעכט סטיכיש אויס דאָס געזאַנג פון דער בונדישער „שבועה". די מיליץ אונטער דער אָנפירונג פון ליבעסקינדן (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ) מאַכן אַ שפּאַלער דורך וועלכן עס גייען דורך די מיטגלידער פון צענטראַלן קאָמיטעט און די דעלעגאַטן. דער ערשטער באַווייזט זיך נח, דער פאָרזיצער פון צ. ק. עס הערן זיך אויפרופן: לעבן זאָל חבר נח, לעבן זאָל דער „בונד"! ווייטער גייען ערליך, אַלטער, כמורנער, חיים. מיט באַזונדערע אָוואַציעס ווערן באַגעגנט די חברים קאָסאָווסקי, אַרקאַדי קרעמער און ד"ר קיסמאַן. שפּעטער באַווייזן זיך די דעלעגאַטן פון וואַרשע, ווילנע, לובלין און פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. די אויסרופן פאַרהילכן דעם באַן־הויף און די אַרומיקע גאַסן. מיט דרך־ארץ קוקט זיך דער אַרומיקער עולם צו צו דעם. אַזוי גייט די דעמאָנסטראַציע, וואָס ציט זיך דורך די גאַסן נאַרוטאָוויטש, קילינסקיעגאָ ביז פּאָלודנאָווואַ 20, ביז צום אַרבעטער־ווינקל. מען קומט אַריין אין זאַל זעט מען אַ פּאַרכאַפּנדיק בילד: די ווענט זענען באַהאָנגען מיט פאַרשידענע לאָזונגען — „זאָל לעבן דער בונד", „זאָל לעבן דער יידישער אַרבעטער־קלאַס", „זאָל לעבן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט". אויסער דעם זענען די ווענט געווען באַצירט מיט די בילדער פון די פירער פון „בונד".

דאָס אויסדעקאָרירן דעם זאַל האָט דורכגעפירט דער יינגסטער צווייג פון דער לאָדזשער בונדישער באַוועגונג — דער „סאָציאַליסטישער קינדער פאַר־באַנד". דער פאַרקירצטער נאָמען איז „סקיף". מען האָט געדאַרפט זען מיט די אייגענע אויגן די אַרבעט פון די סקיפיסטן, קינדער פון 8 ביז 14 יאָר, זייערע ברענענדיקע אויגעלעך און צופלאַמטע בעקעלעך. זיי האָבן שוין גוט געוווסט, אַז זיי צירן אויס דעם לאָקאַל פאַר די אָנפירער פון „בונד", וואָס פאָרן זיך צוזאַמען פון גאַנץ פוילן, כדי צו באַטראַכטן די וועגן און מיטלען פאַרן קאַמף פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט פאַר אַלע מענטשן, און דאָס האָט געמאַכט זייערע אויגעלעך זאָלן אַזוי פינקלען און זייערע בעקעלעך זאָלן אַזוי ברענען. די פאַרוואַלטונג פון רעסטאָראַן וואָס האָט זיך געפונען אין די שיינע לאָקאַלן פון „בונד" — האָט אַרויסגעוויזן איר פיינעם געשמאַק און צוגעגרייט אַ פּראַכטפולן מיטאָג פאַר די דעלעגאַטן און געסט. אין דעם זעלבן לאָקאַל האָט זיך אין אַ באַזונדערן צימער געפונען די קאָמיסיע אויף צו באַזאָרגן דירות פאַר די דעלעגאַטן און געסט. יעדער דעלעגאַט איז געווען באַזאָרגט.

6 אָוונט זענען די טירן פון לאָדזשער שטאָט־ראַט געעפנט געוואָרן. דער זאַל איז אָרום און אַרום באַהאָנגען מיט רויטע פענער. די פאָן פון „בונד" האָט געפלאַטערט איבער דעם פּרעזידיום־טיש. דער פּרעזידיום־טיש איז גע־ווען באַשטעלט מיט בלומען, וואָס דער סאָציאַליסטישער מאַגיסטראַט האָט צוגעשיקט דעם צוזאַמענפאָר פון „בונד". די אָרדנונג האָט געהאַלטן די בונ־דישע מיליץ. עס איז געווען איינגעאָרדנט אַ פיינער בופעט. די דערעפענונג איז געווען זייער פייערלעך.

דאָס אַלץ איז געווען גענוג אַז יעדער לאָדזשער בונדיסט זאָל ווערן אַרומגענומען מיט פרייד און שטאָלץ — ווי אַזוי די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויסגעצייכנט. אָבער גאָר באַזונדער האָט זיך די בונדישע אָרגאַ־ניזאַציע אַרויסגעוויזן ביי דעם פייערלעכן צוזאַמענטרעף אין פילהאַרמאָניע־זאַל, דינסטיק דעם 3־טן יוני, 10 אַזייגער אינדערפרי. דאָס איז געווען אַ צוזאַמענטרעף פון די דעלעגאַטן מיט די יידישע אַרבעטער פון לאָדזש.

אין פאַרלויף פון אַ האַלבער שעה איז דער זאַל געווען איבערפולט ביז איבער די ברעגן מיט אַ צאָל פון צוויי טויזנט באַזוכער. הונדערטער האָבן געמוזט אַוועקגיין. אין זאַל הערשט אַ יום־טובדיקע שטימונג, פון אַלע זייטן פלאַטערן רויטע פענער. אויף דעם באַלקאָן זיצן די סקיפיסטן און נעמען אויף די געסט מיט פאַרשידענע אַרבעטער־ און פאָלקס־לידער. דער צוזאַמענטרעף

הייבט זיך אָן. אין פּרעזידיום זיצן די פירנדע חברים נח, ערליך, כּמוהנער, אַלטער, שרה, קאָסאָווסקי, אַרקאַדי קרעמער, ד״ר קיסמאַן פון רומעניש „בונד", אַנאַ ראָזענטאַל, בלום, איגנאַצי אַלעקסאַנדראָוויטש און חבר עמנואל. דער צוזאַמענטרעף ווערט געעפנט דורך מיר און איך לאַד איין אַלס ערן־פאָרזיצער פון דעם פייערלעכן צוזאַמענטרעף דעם פאָרזיצער פון צענטראַלן קאָמיטעט, דעם חבר נח. אין נאָמען פון לאָדזשער קאָמיטעט באַגריס איך די פירער פון „בונד" אין פּוילן ווי אויך די צוויי טויזנט יידישע אַרבעטער וואָס פילן אָן דעם זאַל. איך באַקען די דעלעגאַטן און די פאַרזאַמלטע אַרבעטער מיט די רומפּולע קאַמפן פון פּוילישן, דייטשישן און יידישן פּראָלעטאַריאַט אין לאָדזש. איך דאַנק דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" פאַרן צוטיילן לאָדזש דעם גרויסן כּבוד פון אָפּהאַלטן דאָ דעם צוזאַמענפאָר. דאָס איז די אָנערקענונג וואָס דער צ. ק. האָט אַרויסגעוויזן צו דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע; און דאָ פאַל איך אַריין אין אַן אומבאַגרעניצטן ענטוזיאַזם און איך רוף אויס, אַז די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע האָט פאַרדינט דעם כּבוד. איך בין איבערצייגט אַז כאָטש אין דער צאָל מיטגלידער איז די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פיל גרעסער פאַר אונזערער, אָבער אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף, באַרריקאַדן־קאַמף, זענען מיר די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַציע פון פּוילן. אונזער אָרגאַניזאַציע צייכנט זיך אויס מיט נאָך אַנדערשקייט, וואָס מיר אין לאָדזש, זענען פעסטער פאַרבונדן מיט די נישט־יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. אונזערע 1־טע מאַי־פייערונגען זענען אינטערנאַציאָנאַליסטישע. איך האָב פאַרענדיקט מיט אַ רוף צו באַערן דעם אָנדענק פון אונזערע גרויסע פירער — די חברים מעדעם און מיכאַלעוויטש, וואָס זענען מער נישטאָ צווישן אונז.

אַלע שטייען אויף פון די ערטער און דער אָרקעסטער ביי דער קולטור־ליגע שפּילט אויף מיט דער בונדישער „שבועה". איך האָב זיך דעמאָלט געפילט אין דער העכסטער, הייליקסטער שטימונג.

דאַן איז פאָרגעקומען אַ דעפילאַציע פון דעם וואָס די יידישע אַרבעטער־מאַסן אונטער דער פירונג פון „בונד" אין לאָדזש האָבן געשאַפן. נאָך דעם קאָנצערט פון אָרקעסטער באַווייזן זיך די קליינע קינדערלעך פון קינדער־היים מיט זייער אָרקעסטער. דער אָרקעסטער מיט דער דירי־גענטין וואָס איז אַלט 5 יאָר ווערט אויפגענומען מיט אַ סך אַפּלאָדיסמענטן. דאַן קומען די סקיפּיסטן וואָס פירן אויס זייער געלונגען דעם סקיף־הימן ווי־

אַ בּאַראַלע דעקלאַמאַציע. אויך אַ נומער „שניידערלעך“, אין גרים, ווערט באַגעגנט מיט אַ וואַרימער אויפנאַמע פון דער גאַנצער פאַרזאַמלונג. ווייטער באַווייזט זיך די מענער־גרופּן פון „מאָרגנשטערן“ אונטער דער אָנפירונג פון חבר הילער. זיי פירן אויס פּרעכטיקע ספּאָרט־איבונגען. די פאַרזאַמלטע מאַסע איז אַזוי באַגייסטערט, אַז די אַפּלאָדיסמענטן הערן נישט אויף לאַנגע מינוטן. דאַן טרעט אויף דער כאָר פון קולטור־ליגע מיט פאַרשיידענע נומערן געזאַנג. דער דערפאָלג פון כאָר איז געוואַלטיק, כסדר הערט מען אויסרופן פון אָנערקענונג פאַר דעם כאָר. דאַן האָבן גערעדט די דעלעגאַטן אַלטער במורנער פון וואַרשע, ד״ר קיסמאַן פון רומעניע, קאָסאָווסקי פון בערלין, אַרקאַדי קרעמער און אַנע ראָזענטאַל פון ווילנע און בלום פון קראָקע. ביים אָנרופן די חברים צום וואָרט האָב איך געמאַכט אַזאַ זאַג וואָס האָט אַרויסגערופן געלעכטער. איך בין געווען געוווינט, אַז די אַקטיווע טוער פון גאַליציע זענען דאָקטוירים. אַז איך רוף אויס דעם חבר בלום פון קראָקע צום וואָרט, גיב איך אַ רוף: — „ד״ר בלום פון קראָקע האָט דאָס וואָרט“. זע איך ווי דאָס רופט אַרויס אַ געלעכטער ביי אַ טייל פאַרזאַמלטע. איך פרעג זיך נאָך פאַרוואָס מען לאַכט, זאָגט מען מיר אַז בלום איז אַ לעדער־אַרבעטער...

אַלע רעדנער האָבן מיט באַגייסטערונג גערעדט וועגן דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“. זיי האָבן גערעדט אַז די בונדישע באַוועגונג אין לאָדזש האָט מיט וואָס צו שטאָלצירן: מיט זייער אָרגאַניזאַציע־פעאיקייט, מיט זייער רעוואָלוציאָנערן ברען, מיט זייער בונדישן פּאַטריאָטיזם, אָבער גאָר באַזונדער צייכענען די לאָדזשער בונדיסטן זיך אויס מיט זייער חבריש־קייט, פריינדלעכקייט. — מיר — האָבן זיי געזאָגט — קענען די שטעט מיט זייערע אָרגאַניזאַציעס, מיר האָבן זיך אין ערגעץ נישט צו שעמען זיך, — נאָר וואָס לאָדזש האָט פאַר אונז באַוויזן קען זיך קיינער מיט זיי נישט פאַרגלייכן. יעדער רעדנער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו דערקלערן — פון לאָדזש פאָרן מיר אַוועק באַגייסטערטע מיט אַ סך מער גלויבן ווי מיר זענען געקומען. לאָדזש וועלן מיר דאָס גאַנצע לעבן נישט פאַרגעסן.

די דאָזיקע פייערלעכע אונטערנעמונג איז געשלאָסן געוואָרן דורך דעם חבר ערליך מיט אַ פלאַם־פייערדיקער רעדע וועגן די קאַמפן וואָס שטייען פאַר אונז פאָר, און ער, חבר ערליך, האָט אויך נישט געזשאַלעוועט אַ ביסל גוטע ווערטער וועגן דער ראָל פון לאָדזשער „בונד“. איך בין געווען שטאָלץ מיט מיין שטאָט, מיט מיין לאָדזשער בונדישער אָרגאַניזאַציע צו דער בוי־אונג פון וועלכער איך האָב אַריינגעטראָגן מיין חלק. דאָס זענען געווען פאַר מיר די פריידיקסטע טעג אין מיין בונדישער אַרבעט.

# אינהאַלט:

זייט

זייט

